יעקב פאט

# אויף די וועגן פון באַגינען

צווייטע אויפלאגע

I. פרימארגן

II. ווער־וועמען?

III. עס האט געשלאגן צוועלף

* *
*

דאָס, וואָס עס ווערט דערציילט אין די דריי ביכער: „פרימאָרגן", „ווער־ווּעמען?" און „עס האָט געשלאָגן צוועלף", איז נישט היסטאָריע און נישט מעשה, עס איזווירקלעכקייט דורכגעוועבט מיט דינע פעדים פון דמיון. אָפט איז אויסגעקומען די ווירקלעכקייט צו קאָריגירן, די פאַקטן צו ברענגען אין אָרדנונג, זיי אויסצובעסערן.

די מענטשן, וועלכע מיר באַגעגענען אויף די וועגן פון באַגינען, הגם זיי טראָגן זייערע אמתע נעמען, דאַרף מען נישט וועלן זען אַט אַזוי ווי זיי שטייען און גייען. זיי זענען מער ענלעך צו אָפּקלאַנגען, וואָס קומען פון דערוויטנס, פון פאַרגאַנגענהייטן, און שלאָגן זיך אָפּ אין אונז מיט אַ נייעם עכאָ.

עס איז אויך נישט אָפּגעהיט געוואָרן די פּינקטלעכע ריי פון די געשעענישן — מען קאָן זיך דאָך נישט פאַר־לאָזן אינגאַנצן אויפן יושר פון פּראָצעס. דעריבער איז אויס־געקומען אויך איינשטעלן אַ בעסערן סדר.

דאָס זענען בלויז איינדרוקן פון אַ לענגערן גאַנג אויף וועגן פון אונזער באַגינען. אינעווייניק אין זיך און צווישן זיך בינדן זיך און געשטאַלטן זיך די געשעענישן און ביל־דער לויט זייערע אייגענע געזעצן.

דאָס בוך איז געשריבן מיט אַ געפיל, וואָס, הגם עס וואָרצלט אין אונזער נעכטן, טרייבט עס אָבער דעם לאָקאָ־מאָטיוו צו דער גרענעץ פון מאָרגן.

*

איך בעט פאַרגעבונג ביי די, וועמענס סילועטן איך האָב לייכט פאַרצייכנט אָט אַזוי, ווי זיי האָבן זיך מיר פאָרגעשטעלט אויף די וועגן פון באַגינען: סיי ווי האָבן זיי זיך דאָך שוין לאַנג מקריב געווען און מיר האָבן כסדר גע־נומען פון זיי וויפל און ווי אַזוי מיר האָבן געוואָלט.

יעקב פּאַט

ערשטעס קאַפּיטל

# נו, גוט, פּרווו, אַבער מיט אַ מאָס

עס איז געווען אין חודש מאַי פון 1898 יאָר אין מאָסקווע, די ברייטע און צעבראָשטשעטע מאָסקווע, די מאַמע פון רוסלאַנד, האָט זיך געוואַשן מיט זון. אין פערציק מאָל פערציק צערקוועס און סאָבאָרן האָבן פּאָפּעס און אַרכירייען מיט אַ טאָג פריער אָפּגעריכט תּפילות פאַר מיליאָנען פּראַוואָסלאַוונע מאמינים און נאָך אין זעלבן טאָג האָט מאָסקווע דערטרונקען די תּפילות אין פערציק מאָל פערציק טויזנט בלויע שנאַפּסן און סאַמאָגאָנען. אויף מאָסקווער מערק האָבן פּאָפּוגייען אויסגעשריען: „באָזשע, צאַריאַ כראַני“, טויבן האָבן געצויגן פון קעסטלעך גורל־צעטלעך, קונצן־מאַכער און קאַטערינשטשיקעס האָבן משמח געווען דעם עולם, בערדיקע סוחרים האָבן פאַרקויפט איקאָנעס צו גלויביקע פויערטעס און קוועק־זילבער פאַר סיפיליטיקער, באַבעס־סוחרטעס האָבן געשמאַק פאַרקויפט געזאַלצענע פיש, ציץ און לייוונט, געקנאַקט מיט די צינגער אַ הויכגאָרנדיקן לשון.

אין מאָסקווער זאַוואָדן האָט מען געטיילט בלעטלעך וועגן ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער עסדע, וועלכער איז ערגעץ־ווו פאָרגעקומען. —

בלויז דער נאַטשאַלניק פון מאָסקווער אָכראַנע, זובאַטאָוו, האָט געוווסט, אַז דער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אין מינסק. ער איז איצט געזעסן אין רונדן קאַבינעט פון גענעראַל־גובערנאַטאָר, גרויס־פירשט סערגיי אַלעקסאַנדראָוויטש, און וועגן דעם טאַקע דערציילט. אויסער אים און דער גרויס־פירשט איז דאָרט אויך געווען דער אָבערפּאָליציימייסטער פון מאָסקווע טרעפּאָוו.

דעם פירשט סערגיי אַלעקסאַנדראָוויטש זענען נישט געקראָכן אין קאָפּ די איינמידנדיקע רייד פון דעם גליקלעכן טשינאָווניק.

ער האָט געקוקט אויף זובאַטאָווס משונהדיקע באָקן־באָרד. אַ פּאַס פון איר איז געווען אויסגעגאָלט פון קין־באַק ביז אַרום האַלז, וואָס איז געווען באַגאָסן מיט העל־געלע זומער־שפּרינקלעך. דער אויס־געגאָלטער פּאַס פון אַרום און אַרום פּנים האָט אויסגעזען, ווי אַן אַרומגעצווינגענער לייב־פּאַסיק. דער גרויס־פירשט סערגיי האָט ווען־ס'איז געזען אַזאַ „ריזשי'' אין מאָסקווער צירק. יענער האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן די פערד פון די נאַקעטע רייטערקעס. ער האָט זייער געוואָלט, אַז דער נודנער טשינאָווניק זאָל שוין ענדיקן זיין שווערן צייטונג־לשון. נאָך אַ ווײַלע וועט ער אים איבערהאַקן. ער וועט מער נישט האָבן קיין געדולד.

— וויו־או־וויו... — האָבן דעמאָלט אַ סוויסטשע געטאָן די בייטשן אויף דער צירק־אַרענע און דאָס פערדל האָט זיך אַ טראָג געטאָן מיט אַלינאַ, וואָס האָט געטאַנצט אַ נאַקעטע אויפן רוקן פון פערד — אוויו־או—נעמט עס דער טייוול!—האָט זיך דערמאָנט דער גרויספירשט און שוואַך פאַרשטאַנען, וואָס זובאַטאָוו רעדט צו אים.

זובאַטאָוו איז געווען אומרואיק. ער האָט אָבער געקאָוועט זיין אומרואיקייט און באַמיט זיך צו מאַכן דעם איינדרוק פון זייער אַן ערנסטן און וויכטיקן מענטשן. ער האָט אַרומגעגלעט זיינע ווער־טער, זיי אָפּגעלייגט פאָרזיכטיק, ווי זיי וואָלטן זיין גלעזערנע.

— דו רייבסט ווי אין „מאָסקאָווסקיע וויעדאָמאָסטי''... — האָט זיך אָפּגערופן דער גרויספירשט — זאָג שוין דעם עיקר...

— זאָל מיר דער גרויס־פירשט מוחל־זיין. איך קאָן שוין ענ־דיקן, אָבער זאָל דער גרויס־פירשט וויסן, אַז לײדער, זענען די סכּנות גרויס, איצט — נאָך דעם צוזאַמענפאָר אין מינסק...

— אַ?!... סכּנות?...

פאַר סכּנות האָט דער גרויס־פירשט מורא. ער ווייסט, אַז עס שמעקט מיט אַן אויפריים. פאַר די, מיט די באָמבעס, העלפן נישט קיין תּליות און סיביר. און די פאָרזיכטיקייט איז אויך גאָר נישט ווערט.

— רעכט, אָבער מאַך עס קירצער...

אויפ'ן גרויס־פירשט'ס שטערן איז געלעגן אַ טראָפּן שווייס. דאָס האָט זובאַטאָוון אויסגעזען, ווי דאָס ערשטע טרעפּל פון לייי־

טער, אויף וועלכן ער, דער רענעגאט פון דער רעוואָלוציע און איצ־טיקער אַכראַנע־נאטשאַלניק, הויבט אָן צו קלעטערן. דאָרט אויפן שפּיץ פון לייטער ליגט דער ציל:

— „מיניסטער פאַר אַרבעט״...—דאָס איז זיין העכסטער ציל.

אויפן וועג ליגן פּעטערבורג, גאַטשינער פּאַלאַץ, צאַרסקאָיע סעלאָ, און אָט איז ער — שטיי אויף! — דער צאַר אַליין: אורא! באָזשע, צאַריאַ כראַני!

ער, זובאַטאָוו, איז דער באַלעבאָס פון גרויסן פּלאַן. ער האָט דערפונדן די „געניאַלע אידייע״. דעם אָבער־פּאָליציי־מייסטער טרע־פּאָוו, האָט ער שוין געוווּנען פאַר זיין „אידייע״. איצט גייט אים אין געווינען דעם מעכטיקן גענעראַל־גובערנאַטאָר. נאָכדעם וועט ער שוין אַליין לויפן ווייטער. ער האָט זיך שטיל און ווייך געגליטשט צו זיין ציל — אין צעפּלאָסענעם מאַרך פון גרויס־פירשט. ער האָט גערעדט מיט אַ ווייכער שטים, וועלכע איז אַרויס ווי אַן אַנטליענע פון צווישן זיינע פאַרגעלטע ציין.

— די אויפגאַבע איז — האָט ער געזאָגט — אָפּטיילן דעם אַנטי־מלוכהשן עלעמענט, דעם רעוואָלוציאָנערן, די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן פון דער מאַסע...

דער פירשט סערגיי האָט זיך נאָך נישט אויסגעשלאָפן פון דער מאַי־נאַכט. די רייטערן אַלינאַ האָט אים נישט געלאָזט צומאַכן מיט קיין אויג. דוכט זיך אַזאַ דין ווייבעלע און אַזאַ שמאָלינקע, אַ שוואַרץ טייוועלע. „איר שלאָפט, ליבינקער פירשט?... איר שלאָפט?...״ און זי האָט געלאַכט אים אין באָרד אַריין, אים געקיצלט אַזוי שמיידיק און געשיקט, און זיך געשפּילט מיט זיינע באַוואָקסענע פיס, אים אַרומגעלעקט מיטן צינגל, ווי אַ קעצל. פון וואַנען קאָנען זיי, אָט די ציגיינערקעס אָט די קונסט פון דער ליידנשאַפט, פון די נעכט...— אין קאָפּ ליגט איצט אַ גאַנצער סאָבאָר מיט צעגאָסענעם קופּער. עס וואָלט זיך וועלן דורכשווענקען דאָס מויל מיט עפּעס שטאַרקס. דער גרויס־פירשט קלינגט אין גלעקל צום לאַקיי.

— די עקאָנאָמישע פראַגן פון די אַרבעטער זענען איינס — רעדט זובאַטאָוו — און די רעוואָלוציע איז — צווייטס. די אַר־בעטער ווילן פאַרדינען אויף ברויט, וואָס האָבן זיי דען צום גרויס־

פירשט? גאָרנישט. אדרבה. דרך־ארץ, אפילו ליבע צו דער גרויסער מאכט פון רוסלאַנד. די פּאָליטישע רעוואָלוציאָנערן שלעפּן זיי אָבער אריין אין זייער נעץ. די רעוואָלוציאָנערן זענען אַ הייפל אידעאָלאָגן, וואָס נוצן־אויס די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע פון די אַרבעטער פאַר זייער העצע. נעמט־אָפּ ביי די העצער דעם באָדן, דאָס הייסט: גיט די אַרבעטער די מעגלעכקייט צו אַרבעטן פאַר דער אויסבעסערונג פון זייער עקאָנאָמישער לאַגע, וועלן די רעוואָלוציאָנערן בלייבן ביי אַ צעבראָכענער קאָריטע. דאָס וואַסער איז אַרויסגערונען...

— אָנופרי, אַ קאָלטן טרונק!... — האָט דער גרויס־פירשט געזאָגט צום אריינגעקומענעם יונגן, אַטלעטישן לאָקיי, וועמען די איבעריקע טשינאָווניקעס האָבן חושד געווען אין מיאוסע זאַכן — אַז דער פירשט טוט זיי מיט אים אָפּ.

— אָט די מינוט! —- האָט דער לאָקיי געענטפערט.

— שנעל, גאָלובטשיק...

— מען דאַרף נעמען אין די אייגענע הענט אָט די דאָזיקע אַרבעט — האָט זובאַטאָוו ווייטער גערעדט — דורך אייגענע מענטשן שאַפן אַרבעטער־פאַריינען, וואָס זאָלן זיין טריי דער רעגירונג. דאָס זאָלן זיין פאַריינען אָן פּאָליטיק, זיי וועלן אויסבעסערן, דורך אונזער הילף, די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אַרבעטער, וועלן די אַרבעטער זיין אונז טריי, ווי די הינט, וועלן זיין אין אונזערע הענט. די רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגן, די פּאָליטיקער, וועלן געפינען פאַרמאַכט פאַר זיך דעם וועג....

טרעפּאָוו האָט געזען, אַז זובאַטאָוו פאַרמאַטערט שוין צופיל דעם גרויס־פירשט, האָט ער אריינגעשטעלט זיין באַמערקונג:

— אויפהויבן דעם פאַנטאָן־בריק און זיי וועלן בלייבן שטיין ביים וואַסער, נישט אַריבערצוגיין...

דאָס האָט זיך גוט אריינגעלייגט אין גרויס־פירשטס פאַרבלייערטן מוח:

— גוט געזאָגט...

— וועלן די רעוואָלוציאָנערן בלייבן איזאָלירט — האָט זובאַטאָוו צוגעגעבן — דעמאָלט וועלן מיר די אינטעליגענטן אריינפּאַקן. איך האָב זיי דאָך אַלע אויף דער האַנט, אין בוזים־קעשענע.

די, וואָס וועלן אָבער מסכּים זיין צו גיין מיט אונדז, וועלן מיר שיקן אויף דער אַרבעט אין די נייע פּאַריינען. די מאַסע דאַרף האָבן אירע מענטשן, צו וועלכע זי האָט צוטרוי. דורך דעם וועלן מיר מאַכן די זיכערסטע אַרומצווימונג אַרום דער רעגירונג, אַרום דער זעלבסטהערשאַפט...

— קאָן זיין... — האָט דער גרויס־פירשט אַרויסגעשלעפּט אַ וואָרט פון זיין שווערן קאָפּ, ווי עס שלעפּט זיך אַרויס ביינאַכט אַ וואָגן פון אַ געדיכטער בלאָטע.

וועלנדיק איינגאַנצן נויגן דעם פירשט סערגיי אויף זיין זייט, האָט זובאַטאָוו געמאַכט דעם לעצטן צוג:

— אין מינסק איז געווען דער צוזאַמענפאָר פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אין דער טשערטאַ אַרבעט דער יידישער „בונד”. פון דאָרט, פון דער זשידאָווסקער געגנט, פליצט רעוואָלוציאָנערער סם אין גאַנץ רוסלאַנד אַריין. זייער געהיימע דרוקעריי אַרבעט. שוין דערשינען עלף נומערן פון דער „אַרבעטער־שטימע”. עס טראָגט זיך אַ כוואַליע פון שטרייקן איבער ווילנע, מינסק, ביאַליסטאָק און וואַרשע. זי דערגרייכט צוריק ביז פּעטערבורג, ניקאָלאַיעוו, שלאָגט אָן אַזש קיין מאָסקווע...

דער גרויס־פירשט איז איצט אין כּעס געוואָרן. זובאַטאָוון האָט דער אימפּעט פון דער שטרייק־כוואַליע, וואָס גרייכט מאָסקווע, גע־קאָנט קאַליע מאַכן די איינציקע מרכה. דער גרויס־פירשט איז ביין געוואָרן צוליב דער חוצפּה פון די ווילנער זשידקעס. האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש:

— נישט לאָזן און ניקאַקיך!...

זובאַטאָוו האָט געשפּירט, וואָס פאַר אַ געפאַר עס דראָט זיין פּלאַן פון דעם גרויספירשטס אויפרעגונג און ער האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַריינגנבענען מיט זיין אַנטליענער שטים:

— דערווייל איז דאָס נישט שרעקלעך. מען קאָן זיי צעקלאַפּן אין איין שעה. אָבער עס פלאַדזשען זיך באַלד נייע, אַזוי ווי די ווערים פלאָדזשען זיי זיך. זיי פאַרשטעקן זיך אין זייער צפון־מערבדיקער געטאָ, אין זייערע יידישע בוידעמס. די יידישע פראַגע איז קאָמפּליצירט מחמת רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און אַנדערע אייגנ־

אָרטן. מען דאַרף זיי מאַכן נוציק פאַר אונז, טריי. זיי, אַט די יידן, טאָרן מער נישט זיין דער רעזערוואַר פאַר רעוואָלוציאָנערן סם, פון וואַנען די אינטעליגענטן פון די פּריווילעגירטע קלאַסן זאָלן שעפּן העלפער, מעקלערס, פאַרשפּרייטער. מען דאַרף די יידן נאָר א גלעט טאָן, קאָן מען שוין פון זיי אויסדרייען א שטריק. דער־ליבט מיר אָנצוהויבן דעם עקספּערימענט פון זיי, יאָ, גראַדע פון זיי. זאָל זיך נישט וווּנדערן דער גרויס־פירשט.

פאַר דעם גרויס־פירשט איז דאָס שוין געווען גענוג. צו לאַנג רעדט ער מיט דעם גאַוועררדיקן אַגענט... עס איז דאָך פּשוט צו פּלאַצן פון געלעכטער: די ווילנער זשידקעס קאָנען זיין א געפאַר פאַר אים, פאַרן קייסער!... עס איז פּשוט נישטאָ, ווער עס זאָל זיך פון דעם גוט אויסלאַכן. די פערד־רייטערין האָט א ברוינעם לייב. אַזוי ווי בראָנז. זי האָט אים געזאָגט, אַז זי איז געלעגן אין קרים א נאַקעטע אויף דער זון און אויסגעקאָכט דאָרט איר לייב. די, מיט די טונקעלע לייבער, זענען תמיד הייסע ווייבער. דער טייוול נעמט זיי, וואָס פאַר א קונץ־שטיק זיי האָבן אין דער ליבע!... די ווילנער און מינסקער יידעלעך — קוסט־אויס — ווילן אים, דעם גרויס־פירשט סערגיי אַלעקסאַנדראָוויטש, נישט לאָזן היינט זיך צונויפקומען מיט אַלינאָן. היינט נאָך וועט ער איר קויפן א בריליאַנטל. זאָל זי זיך שפּילן און אים האָליובּיען, דער טייוול נעמט עס!... — עס איז טאַקע נישטאָ, ווער עס זאָל לאַכן. און זאָל שוין אויפהערן אָט דאָס מענטשל מיט די געלע ציין אים צו נודיען:

— נו, גוט, פּרוביר, אָבער נישט צופיל, נאָר מיט א מאָס...

— פאַרלאָזט זיך...

— נו, גוט, געענדיקט...

זובאַטאָוו האָט נישט פאַרמסרט זיך אַליין — ער האָט זיין פרייד נישט ארויסגעגעבן. אייגנטלעך טוט ער דאָך זיין חוב פאַר רוסלאַנד, פאַרן קייסער. ער איז דאָך געווים דער פּעאיקסטער אָכ־ראַניק. זיין אידייע איז דאָך געניאַל!..

וואָס פאַרשטייען זיך אָט די הויכפירשטן אויף דעם. וואָס פאַר־שטייען דען דער גענעראַל טרעפּאָוו. ביוראָקראַטן. ער, זובאַטאָוו,

איז דער מאַן פון דער נייער צייט. ער וועט זיי באַווייזן, ער וועט באַווייזן דורך מעשים. דורך זיין אידייע.

— דער עיקר איז די עקאָנאָמישע פּראַגע.

נאָכדעם וועט קומען אַ גרויסע נעץ פון זיינע אָרגאַניזאַציעס, זיי וועלן געקרוינט ווערן מיט אַ מיניסטעריום פאַר אַרבעט, ער, זובאַטאָוו, וועט זיין מיניסטער פון נייעם מיניסטעריום!

— צום ווידערזען, אייער עקסעלענץ...

דער אָבערפּאָליציימייסטער איז געווען צופרידן, וואָס דער גרויספירשט איז מיט אים מסכים. ער, דער אָבערפּאָליציימייסטער, האָט גלייך אויסגעפונען, אַז אין אָט דעם געלבלעכן בעל־דבר, אין געוועזענעם סטודענט, איז דאָ עפּעס אַ ראַזשינקע!... דער גרויס־פירשט האָט עס אויך דערשנאַפּט. אַקוראַט אַזוי האָט ער, טרעפּאָוו, דאָך אויך געזאָגט צו אים, צו זובאַטאָוון:

— נו, גוט, פּרוביר, מירן זען, אָבער נאָר מיט אַ מאָס, נישט צופיל...

ביי דעם צופאַר פון גענעראַל־גובערנאַטאָרס הויז האָט טרעפּאָוו באַמערקט, ווי אַזוי זובאַטאָוו שטייט אויסגעצויגן פאַר אים און זעגנט זיך:

— צום ווידערזען, אייער עקסעלענץ...

— אָך, צום ווידערזען...

אַן אָבערפּאָליציימייסטער פון מאָסקווע איז דיר נישט אַבי ווער. די קאַרעט מיט די דריי הייסע פערד לויפן שמיידיק מיט טרע־פּאָוון איבער די מאָסקווער גאַסן, לויפן אין סוף פון דעם מאָסקווער מאַי־טאָג, אין וועלכן אַ גרויסע רויטע זון חלשט אַוועק, ווי אַ נישט גוטע, ווי אַ באָבע אַ מכשפה.

זובאַטאָוו איז שוין געזעסן אַליין אין זיין ברייטשקע הינטער דער ברייטער פּלייצע פון זיין קוטשער און מיט צופרידנקייט געגלעט זיינע ברייטע באַקן־בערד.

ער וועט נאָך נישט אַפּפאָרן אהיים, הגם דער טאָג פאַרגייט שוין.

— אַנדריי, פאָר צו דער „אַטריעלעניע"—האָט ער צוגעוואָרפן דעם קוטשער.

— איך הער, ריכטיק אזוי... — האט דער קוטשער געענטפערט און א שמיים־געטאַן דעם פערד — פלינקער!...

ער פאָרט אַצינד צום ווייסן הויז מימן גרויסן שילד: „אַטדיע־לעניע פּאַ אָכראַניע גאַראַדאַ מאָסקווי“. דאָס דאָזיקע הויז וועט נאָך באַרימט ווערן איבער גאַנץ רוסלאַנד. עס וואַרט אַצינד דאָרט אויף אים געראַרדי מיט די בלאָנדע וואָנסן און קאַלמיקישע אויגן. זיין נאָענטסטער געהילף.

צווייטעס קאַפּיטל

# אין קוידאַנאָווער וואַלד

אין קוידאַנאָווער וואַלד איז געשטאַנען ראַפּאַפּאָרטס טאַרטאַק. דער שוואַרצער ראַפּאַפּאָרט, דער נידעריקער און געפּאַקטער, מיט געדיכטע, ברוגזע ברעמען איבער די קיילעכדיקע, בולבעדיקע אויגן, מיט דער קייט אויף דער פאַרפעצטער קאַמיזעלקע — אַט דער ראַ־פּאַפּאָרט איז געזונקען אַלץ טיפער אין עשירות. צוויי הונדערט צוואַנציק גוים האָבן געאַרבעט אין זיינע וועלדער און אויף זיין טאַרטאַק. ער האָט געצאָלט דרייסיק קאָפּיקעס א טאָג די „בויא־נעס“, ווי ער האָט גערופן זיינע פּויערים, און צוואַנציק קאָפּיקעס א טאָג די „נבלות“, ווי ער האָט גערופן זיינע פּויערטעס. ביי אים האָבן געאַרבעט אויך עטלעכע יידן. איינער פון זיי איז געווען דער קוידאַנאָווער בחור נתן — מיט א טשופּרינע שוואַרצע האָר, אָט דער, וואָס האָט זיך געוואָלט אויפהענגען.

דער קוידאַנאָווער בחור האָט זיך געשלעפּט סתם אזוי, ווי אַן עובר־בטל, איבער דעם קוידאַנאָווער וואַלד ביז ער האָט זיך דער־שלעפּט צו ראַפּאַפּאָרטס טאַרטאַק. עס איז אים געפעלן געוואָרן דאָס ריטשען פון דער נייער פּעטערבורגער מאַשין, וואָס ראַפּאַפּאָרט האָט דאָ אריינגעשטעלט אין טאַרטאַק, איז ער צוגעגאַנגען און זיך איינגעקוקט.

— דערלאַנג די פּלייצע... — האָט עמיצער פון די פּויערים

געזאָגט, ווען מען האָט געדזשווינגעט אַ שווערע קלאָץ צו די מעסערס.

האָט נתן דערלאַנגט זיין פּלייצע. וואָס פאַר אַ ווערט האָט זי דען אינגאַנצן געהאַט, זיין פּלייצע? —אַ שטיק שוואַרץ ברויט מיט אַ הערינג, און — דאָס אַלץ. אַזוי איז ער, נתן דער קוידאַנאָווער בחור, געוואָרן אַ פּראָסטער אַרבעטער, אַ „טשאַרני ראַבאָטשי", אין טאַרטאַק, ביי ראַפּאָפּאָרטן דעם „שוואַרצן גזלן".

דאָ אינמיטן קוידאַנאָווער וואַלד, אין סאַמע פרילינג־צייט, איז נתנען, מיט דער גרויסער טשופּרינע שוואַרצע האָר, בעסער געווען ווי אין קוידאַנאָוו. מ'שטיינס געזאָגט, וואָס פאַר אַ טעם עס האָט געהאַט ביז איצט דאָס לעבן זיינס? — צו ניין יאָר איז ער שוין געווען אַ יתום נאָך זיין מאַמען דער ברויט־בעקערין, און אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט ער שוין באַקומען מכּות רצח פון זיין בייזן טאַטן, דעם דאָרף־גייער, וואָס האָט אַריינגענומען אַ טויבע יידענע אין שטוב אַריין, און פון איר האָט ער נישט געלעקט קיין האָניג. דעמאָלט איז ער אַוועק אַליין איבער די שטעטלעך און דערפער — פּראָסט־פּשוט בעטן עסן:

— שענקט אַ נדבה, אַן אָרימען יינגל, אַ יתום...

האָט ער זיך אַזוי אַרומגעשלעפּט אַ לאַנגע צייט צווישן מינסק און האָמעל, גענעכטיקט אין „קאָזעס", געכאַפּט סטוסאַקעס פון אוריאַדניקעס, אָראָפּגעצויגן אַ קיי פון אַ טישל אויפן מאַרק, גע־וואָרן באַוואָקסן מיט דער שוואַרצער טשופּרינע, אונטער וועלכער עס איז געווען אַ קליין פּנימל, אַ סמוגלע, מיט שוואַרצע, זייער שטילע אויגן.

ער איז פאַרקראָכן קיין סמאָרגאָן. דאָרט איז ער געוואָרן אַ לערניינגל אין אַ בערשטעריי. די טישן מיט די שפּיצן, מיט די טשוועקעס, וואָס שטעקן פון זיי אַרויס, זענען אים לכתחלה געפעלן געוואָרן. מען האָט אים געגעבן קאַמען האַרטן חזיר־האָר. האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט ביים טיש דאָס צו טאָן. מערנישט די אַרבל פון פּרעמדן רעקל זענען געווען צו לאַנג און זיי האָבן געשטערט דער מלאכה. די מלאכה איז אָבער לכתחלה געווען אַן אָנגעלעגטע און— אַ שטיק ברויט גיט מען אויך, האָט ער געאַרבעט. מען האָט גע־אַרבעט פון סאַמע באַגינען ביז אין דער נאַכט אַריין.

ווי לאַנג אָבער קאָן אַ ייִנגל מיט אַ שוואַרצער טשופּרינע און מיט נאָך שוואַרצערע אויגן שטיין ביי זעקלעך חזיר־האָר און לייגן האָר צו האָר? — וואָלט מען אין שטאָל נישט אָנגעלייגט אַזעלכע גרויסע, שטויביקע פּעק, פון וועלכע עס שטינקט מיט חזיר, און אים נישט זאָגן, אַז אָט די אַלע הערעלעך וועט ער דאַרפן איבערקלויבן, וואָלט ער אפשר קיין שטיק נישט געמאַכט. וואָרום גיין איבער דערפער און זיצן אין „קאָזעס" איז דען בעסער? — אָבער אַז מען האָט אים יאָ אַריינגעזעצט אין שטאָל און ער האָט דאָרט דערזען די בערג חזיר־האָר, וואָס ער האָט עס אַלץ געדאַרפט איבערקלויבן, האָט ער געוווּסט, אַז אויב ער בלייבט דאָ, וועט ער שוין פון דאַנען נישט אַרויסקריכן, אָט דאָ בלייבט ער מיט די חזיר־האָר און מיטן ריח — האָט ער זיך גענומען אַ הויב און אַוועק. נישטאָ אים.

— גוואַלד, דער בחור, דער שלעפּער, האָט אונז באַגנבעט!...—

האָט יענטעלע די גבאיטע געמאַכט אַ גוואַלט — מענטשן, כאַפּט אים דעם בחור, נישט גוט איז מיר!...

מען האָט נישט געדאַרפט ווייט אים זוכן. טאַקע ביים סלאָבאָ־דער בראָגעם האָט מען אים געכאַפּט און ער איז סתּם־אַזוי אָפּגעזעסן אַ פּאָר וואָכן אין קאָטשומענט. אַ ברירה האָט ער געהאַט? — און אַז מען האָט אים אַרויסגעלאָזט, איז ער אַוועק פון סמאָרגאָן קיין קוידאַנאָוו צוריק. ער דאַרף סמאָרגאָן אויף כּפּרות. אַזוי איז ער געקומען אין קוידאַנאָווער וואַלד צו ראַפּאָפּאָרטס טאַרטאַק.

ער האָט געמיינט ביי די קלעצער שוין צו פאַרבלייבן. ביז זון־פאַרגאַנג איז צו שלעפּן קלעצער און ברעטער און אין אָוונט קריגט ער דאָ ביים שרייבער פון וואַלד מעשה־ביכלעך. ער האָט זיי געשלונגען מיט אַ מאָדנעם אימפּעט. די נעכט אין וואַלד זענען דעריבער געווען פאַר דעם שוואַרצן נאַסקען אויסטערלישע. אין וואַלד איז פינסטער. עס אַרבעטן מעשים די בוימער, פון זיך אַליין טוט זיך אַ שפּאַלט, אַ קנאַק אַ ברעט, עמעץ גיט אין וואַלד אַ קרעכץ, שאַרט זיך צווישן קזשאַקעס, און דאָ — די מעשה־ביכלעך מיט די ראָמאַנען, וואָס ער באַקומט ביים שרייבער, זיי אַ בריה און האַלט עס אויס!...

ער האָט טאַקע נישט אויסגעהאַלטן. מחמת דעם, וואָס מען

האָט אים דאָ געהאַלטן פאַר אַ ווילדן, אַן אַרומשלעפּער, און מחמת דעם, וואָס ער האָט קנאַפּ דרך־ארץ געהאַט פאַר מענטשן, גע־ענטפערט צומאָל בויבעריק, קאַפּידריך, געווען אָנגעטון ווי אַ גוי, אין פּאַסטעלעס און לאַפּטשעס, און עס האָט זיך געהערט פון אים קאָרע — מחמת דעם האָט מען אים שטאַרק געקריוודעט, געגעבן קנאַפּ צו עסן, געגעבן די שווערסטע אַרבעטן:

— גישקשה, ער וועט נישט אוועקפּייגערן...

און די מעשה־ביכלעך זענען אויך געווען אַזעלכע אויסערגע־וויינלעכע; איז אים איינמאָל דאָ, אין וואַלד, דאָס לעבן נמאס גע־וואָרן, און נאָכדעם, ווי ער האָט מעשה הפקר־מענטש געענטפערט דעם שוואַרצן ראַפּפּאָרט און דערפאַר באַקומען צעשלאָגן פון די גוים, איז ער אַוועק אין וואַלד, הינטערן טאַרטאַק, און זיך אויפגע־האָנגען אויפן פּאַסעק פון די הויזן.

אַ צו שוואַכן פּאַסעק, משמעות, האָט ער געהאַט. און ער איז אַראָפּגעפאַלן פון בוים און זיך צעהאַקט די זייטן. מער ווי אַ חרפּה איז נישט געבליבן.

איז נאָסקע געוואָרן נאָכדעם אינגאַנצן שטיל, כמעט אויפ־געהערט צו רעדן. האָט מען אים געגעבן ברויט, — האָט ער געגעסן, אויב נישט — איז אויך נישט קיין אומגליק. ער איז געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אין טאַרטאַק ביי דער אַרבעט, געשלעפּט ביימער און געטראָגן ברעטער. ער איז אומגעריכט שנעל באַוואַקסן געוואָרן אויפן פּנים. אַ שוואַרצער קאָפּ און אַ בלאָנד בערדל. מאָדנע. מענטשן האָבן פּלוצלונג דערזען ביי די ברעטער נאָסקען מיט אַ טשופּרינע אויפן קאָפּ און מיט אַ בלאָנד בערדל. די אויגן האָבן זשעדנע אַרויסגעקוקט, אַזוי ווי אויגן פון אַ הונגעריקן הונט. אומ־היימלעך איז געווען פון זיינע אויגן.

דאָ אין טאַרטאַק איז אַראָפּגעקומען אַ נייער מענטש. אַ מיידל, דעם וואַלד־שרייבערס אַ טאָכטער. זי איז געקומען אַהער פון מינסק. איין וואַלד־שרייבער האָט דערציילט דעם צווייטן, אַז זי איז פון „יענע" און באַהאַלט זיך אויס אין וואַלד. און אפשר באַהאַלט זי זיך נישט אויס, און איז גאָר געקומען אַהער צוליב עפּעס. ווער ווייסט זיי. אָט האָט מען אין פּעטערבורג געוואָרפן אַ באָמבע. די

חברה וויל, די שעה זאָל קיין שעה נישט זיין, אוועקליינן דעם קיי־
סער. ווייל נאַסקע פלעגט אריינקומען צום וואַלד־שרייבער נאָך
אַ מעשה־ביכל, האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז זי האָט גערעדט מיט
אים אַ פּאָר ווערטער. צי לאַכט זי פון אים, צי מיינט זי עפּעס. זי
האָט, למשל, אים אַזוי געזאָגט:

— נאַסקע, דער וואַלד איז אייערער און דער טאַרטאַק אויך...

— וואָס לאַכט איר פון מיר?... — האָט ער זיך אָפּגערופן —
איר האָט נישט פון וועמען?...

— איך לאַך נישט. דער וואַלד געהערט צו די פּויערים. דער
טאַרטאַק — צו די, וואָס אַרבעטן אין אים, און נישט צו ראַפּאָ־
פּאָרטן, דעם גביר, דעם דאַרמאָיעדניק. און איר אַרבעט דאָ...

ער האָט געשלונגען אירע ווערטער מיט זשעדנע אויגן, מיטן
זשעדנעם געמיט, מיט דער זשעדנעקייט פון אַ הונגעריקן.

זי האָט אים געגעבן צו לייענען אַ מעשה־ביכל.

— אָבער, איר זאָלט עס, נאַסקע, קיינעם נישט ווייזן...

עס איז געווען די מעשה וועגן אַ תּליה. אָבער נישט אַזאַ תּליה
ווי זיינע, פון וועלכער ער איז אַראָפּגעפאַלן, ווייל דער פּאַסעק האָט
זיך איבערגעריסן. דאָס האָט מען געהאָנגען אַ פרוי, ווייל זי האָט
זיך אָנגענומען פאַר די באַליידיקטע, ווייל זי האָט זיך געבונטעוועט
קעגן קייסער און גבירים, וואָס זענען שולדיק אין אַלע צרות. אויך
אין זיינע, נאַסקע דעם שוואַרצנס, צרות. ער האָט געלייענט אין דער
נאַכט און איינגאַנצן געברענט. אויף אַזאַ תּליה לוינט צו גיין. ער
וואָלט שוין גערן געגאַנגען. זאָל מען נאָר אים נעמען.

— עס וועלן אויפשטיין אַנדערע נאָך מיר — האָט זי געזאָגט
פאַר דער תּליה — און וועלן ענדיקן דאָס, וואָס מיר האָבן אָנגע־
געהויבן...

אָט גייט ער, נאַסקע מיט דער שוואַרצער טשופּרינע, און טוט
ווייטער דאָס, וואָס יענע האָבן אָנגעהויבן.

„יענע", „יענע" — ווער זענען עס „יענע"? — זי, דעם
וואַלד־שרייבערס טאָכטער, געהערט אויך צו „יענע", און איר
קומען אין וואַלד אַריין איז נישט אַזוי איינפאַך, סתם־אַזוי. איצט
טאַפּט עס אָן נתן דער קווידאַנאָווער.

נאָכדעם האָט ער געלייענט די „מעשה פון די פיר ברידער".
ער, נאָסקע, איז טאָקע איינער פון יענע פיר ברידער. אָט שטייט ער אויף, נאָסקע, און מוט אזוי א גיי מיט א קלאַץ אין די הענט אויף אַלע שונאים.

— אַז די באַלערע נעמט זיי!...

ער וועט א רוף טאָן מיט זיך דעם גאַנצן טאַרטאַק. אַלע ראַפּאָ־פּאָרטס „בויאַנעס" און „נבלות". און אַלע וועלן זיי א גיי טאָן.

— דער טאַרטאַק דאַרף פאַרשטרייקן... — האָט זי געזאָגט נאָסקען.

זי איז א גוטע:

— קומט, נתן, לאָמיר גיין אין וואַלד אריין... — זאָגט זי צו אים — איך דאַרף האָבן אין נאָוואָסיעלצי, און איר וועט מיך באַגלייטן...

ער איז נאָך קיינמאָל נישט געגאַנגען אַליין מיט א מיידל. און איצט — מיט איר!... זי עפנט אים די אויגן... אָט זעט ער זאַכן, וואָס זענען געווען פאַר אים פאַרשטעלט ביז היינט. ער וואָלט זי א נעם געטאָן אויף די הענט און אַוועקגעטראָגן די זעקס ווייאָרסט ביז נאָוואָסיעלצי. אפשר וואָלט ער גענומען אַליין אהין און אַליין באַזאָרגט, וואָס זי דאַרף אין נאָוואָסיעלצי.

— ניין. איך מוז זיך דאָרט מיט עמעצן זען...

הייסט עס, אַז אין נאָוואָסיעלצי איז אויך „עמיצער" דאָ.

— אָבער שטיל זאָל זיין. קיין וואָרט...

אין א פּאָר טעג אַרום איז זי אָפּגעפאָרן אין שטאָט אריין. זי איז געפאָרן קיין קווידאַנאָוו. זי האָט דערציילט נאָסקען, אַז זי וועט דאָרט לאַנג נישט פאַרבלייבן. זי וועט פאָרן ווייטער.

— דו נאָסקע, — האָט זי אים געזאָגט — דאַרפסט זיך אריבערקלייבן קיין מינסק. מען דאַרף האָבן אַזעלכע מענטשן, ווי דו...

— וואָס וועל איך דאָרט טאָן?...

— עס איז דאָ א סך, וואָס צו טאָן. אין רוסלאַנד וועלן זיך אין גיכן טאָן גרויסע זאַכן...

הייסט עס, אַז מען רופט אים. מען דאַרף אים האָבן. אויך

ער קאָן ווערן פון „יענע״. אַט פון די, וואָס אין ביכל, אַט פון די, וואָס האָבן געזאָגט:

— אונז קאָנט איר הענגען, עס וועלן אָבער אויפשטיין אַנ־דערע נאָך אונז...

פרעגט ער:

— און אז איך וועל קומען קיין מינסק, ווּהין זאָל איך גיין? צו וועמען?..

זי האָט אים געגעבן א סימן:

— איר וועט זיך פאררופן אויף מיר..

— און איר זייט דאָרט נישטאָ?..

— דאָס איז אַלץ־איינס...

נתן קוידאַנאָווער מיט דער שווארצער טשופרינע מיטן באַ־וואקסענעם פנים וועט מער אין וואלד נישט פארבלייבן. ער וועט גיין ווייטער. ער וועט גיין אין מינסק. מען רופט אים. מען דאַרף אים האָבן. ער וועט זיין פון די „אנדערע״, וואָס וועלן אויפ־שטיין״.

עס איז געווען מאי. דעמאָלסט האָט עס די זון אין מאָסקווע צוועקגעהלשט, ווי אַן אַלטע באָבע, ווען זובאַטאָוו איז געפאָרן אויף זיין ברישקע. און דאָ, אין קוידאַנאָווער וואלד, האָט זי אויסגעוועבט א ליכטיקן געוועב, אין וועלכן עס האָט זיך אריינ־געפאסט דאָס שרייען פון די פויגל אויף די שפיצן בוימער.

— קו־קו — קו־קו...

און דאָס כאָריק אויסשרייען פון ראפּאָפּאָרטס „בויאַנעס״, צוזאמען מיט נאָסקען, ביים שלעפן די בוימער:

— ראַ־אַז — אי — אי — ראַז... האָפּ!.. האָפּ!..

דריטעס קאפיטל

## ער וועט וואַרטן אויף געדאַרדיס טעלעגראַמע

דאָס ווייסע הויז פון דער „אָכראַנע פון דער שטאָט מאָסקווע״ האָט דריי שטאָק. אויפן צווייטן שטאָק איז דער קאַבינעט פון

זובאטאָוו. דער אריינגאנג אין הויז איז א פריצישער. ברייט און ליכטיק. דער קאָראדאָר איז א לאנגער און באדעקט מיט א רויטן טעפיך. פון די זייטן זענען פארמאכטע טירן. מען ווייסט נישט, וואָס עס טוט זיך דאָרט הינטער די טירן. דא איז זייער שטיל. סודותדיק.

אין מיטן קאָרידאָר הויבן זיך אויף ברייטע, רויט־געפארבטע טרעפ צו די העכערע שטאָקן. ביי די טרעפ דרייט זיך ארום א דינער. א דאַר מענטשל מיט א פויגלשן פנים. ער האָט נישט וואָס צו טאָן, ער האָט אָבער וואָס צו היטן. ער דארף קוקן. שנאָרכן מיט דער נאָז. דער וועכטער אין ליידיקן קאָרידאָר, ביי די ברייטע טרעפ, איז אַן אָנהויב פון א סודותדיקן פארברעך. ער שטייט דאָ אריבערגעבויגן איבער די פּאָרענטשעס, ווי דער פויגל איבער דעם קאַטערינשטשיקס קעסטל מיט די מזל־צעטלעך.

אויבן, נאָך די טרעפּ, איז א צווייטער קאָרידאָר. ווידער זענען דאָרטן טירן. אויף איינער פון די טירן איז אָנגעשריבן:

— קאבינעט פון נאטשאלניק...

דאָ אינעווייניק זיצט ער, זובאטאָוו, מיט דעם גלעבלעכן פנים זיינעם, מיט די גלעע קאליקע ציין, מיט דער באקן־באָרד, וואָס איז אויסגעגאָלט פון דער פארקערטער זייט — פון הינטן, פון אויער ביז אויף דעם האלדז ארויף — א ווייס בענדל.

זיין קאבינעט זעט אוים אנדערש ווי אלע אנדערע קאבינעטן פון נאטשאלניקעס — עס איז אזוי ווי א קאבינעט פון א גע־לערנטן, פון א פּראָפעסאָר. דאָ זענען דאָ פיל פּאָליצעס מיט בי־כער. דאָ זענען דאָ ביכער אויף רוסיש און אויף דייטש. אויך אביסל אויף פראנצויזיש. דאָ איז דאָ מארקס. אָט ליגט אויפגע־שניטן דאָס ,,48־טע יאָר''. דאָ איז דאָ ענגעלס, די נייעסטע אויסגאבע פון עדוארד בערנשטיין.

זובאטאָוו שטייט איבערגעבויגן איבער די ביכער און זוכט עפּעס. ער טראָגט טונקעלע פענסנע — צי זענען זיי טונקל, ווייל ער וויל נישט מען זאָל קאָנען אים אריינקוקן אין זיינע אויגן, צי זענען זיינע אויגן קראנק — דאָס ווייסט נאָר ער אליין. ער שטייט ביי די ביכער זייער וויכטיק. ער גלויבט, אז ער איז איינער

פון די געלערנטסטע מענטשן אין רוסלאנד. ער האט גענומען לגבי רוסלאנד זייער א גרויסע אויפגאבע. ער איז אין דעם זי־כער. ער איז אויך זיכער, אז אים וועט אלץ געלונגען.

גערארדי דער זשאנדאר — דער פולקאווניק — זיצט ביים טיש מיט זיין מאסיווער פיגור. ער ארבעט איצט ארום דער „מאפע פון בונד". דאס איז אן אריגינעלע ווערק פון זובאטאווען. עס איז זיין דערפינדונג. גערארדי ארבעט מיט ביי דער דאזיקער „מאפע".

די מאפע נעמט ארום א היפשן שטח — פון ווארשע ביז אדעס, ציט זיך איבער ווילנע און מינסק. אויף דער דאזיקער מאפע איז מיט פאסעקלעך, קייקעלעך, היעראגליפן, ציפערן אלץ פארצייכנט. דא ווערט ארייגעטראגן יעדע ענדערונג אויפן „פראנט". עס טוישן זיך מענטשן, עס קומען צו נייע, אלטע פארשווינדן — דאך ווערט געוויזן יעדע באוועגונג, יעדע וועקס־לונג. אויף דער דאזיקער מאפע זענען שוין דא ביז דריי הונ־דערט הויפט־נעמען — עס ארבעטן פאר איר זובאטאווס „פלי־אטריאדן", פילארן. מ'באקומט יעדן טאג אייניקע הונדערט אויס־שפיר־באריכטן. איין באריכט ווערט אויטאמאטיש קאנטראלירט דורכן צווייטן באריכט. יעדער „פארדעכטיקער" האט צוויי אויס־שפירער, וואס איינער ווייסט נישט פון צווייטן, און ממילא קאנ־טראלירט איין אויסשפיר־באריכט דעם צווייטן, יעדער „זיכע־רער" האט דריי אויסשפירער. אלע ענדערונגען ווערן ארויפגע־טראגן אויף דער מאפע.

פון אלע שטעט קומען זיי די באריכטן. דער עיקר — פון ווילנע, מינסק, ביאליסטאק, גראדנע דווינסק. א כוואליע. און אלע טאג טראגט ארויף די כוואליע די זעלבע הויפט־נעמען:

— אלעקסאנדער...

— וולאדימיר...

— זשעניע...

— באנעוור...

— מיל...

— גלעב...

זיי זענען ארומגערינגלט מיט צוויי טויזנט שפּיציקע בליקן און שטעכיקע וואָנצעס. עס גייען נאָך זיי אויסשפּירער. פון די אויסשפּירער ציען זיך פעדים אהערצו — אין ווייסן הויז אריין, צום צווייטן שטאָק, צום נאַטשאַלניק פון דער „אָכראַנע פון דער שטאָט מאָסקווע'', צו זובאַטאָוון. דורך זיינע בלוילעכעברילן קוקט עס מיט די צוויי טויזנט אויגן.

אָט ווייס ער אַצינד, אין דער רגע געוואָר געוואָרן, אַז אין צווייטן דעק פון די טשעמאָדאַנען פון מיל און באַנעוור האָט מען געפונען טויזנט עקזעמפּלאַרן פון „פּעטערסבורגסקי ראַבאָטשי ליסטאָק''. דאָס האָבן די מינסקער יידלעך געדרוקט פאַר פּעטערבורג, זייער באַבעס דאגה. שטעקן די נאָז ווו מען דאַרף נישט. טויזנט שטיק!..

פרידמאַן, פרידמאַן — ווער איז דער פרידמאַן? — זובאַטאָוו וואָלט וועלן אָנקוקן דעם נפש. א שוטה דאָס איז!... — ער מיינט, אַז ער האָט אים, זובאַטאָוון, אָפּגענאַרט — ס'אַרא חכם!.. — ער איז געקומען פון ווילנע קיין ביאַליסטאָק. דער פילאַר איז אויך אָנגעקומען. וואָס דאַרף דער פרידמאַן אין ביאַליסטאָק? — לאָמיר זיך צוקוקן. ער גייט איבער די קראָמען. ער גייט אָבער בלויז איבער קראָמען פון פאַרב און פּאַפּיר. פאַרב און פּאַפּיר — גוט! דאָס דאַרף מען האָבן בלויז אין א דרוק. ער קויפט אין יעדן געוועלבל אַביסל. ער האָט שוין געקויפט אין פיל געוועלבער. — אַז ער קויפט אַביסל, איז אים קיינער אין קיין זאַך נישט חושד. קלאָר. זובאַטאָוו, האָסט פאַרשטאַנען?

— יאָ, גענעראַדי, ווייטער...

אָבער דאָ קומט דער שלימזל. מען דאַרף דעם הונט, דעם פילאַר, אַראָפּנעמען דעם קאָפּ. אין רעכטן מיטן האָט ער דעם העכט ארויסגעלאָזט פון די הענט. פרידמאַן האָט זיך ארויסגעגליטשט מיטן פּאַפּיר און פאַרב און ער איז נישטאָ, ווי אין וואַסער אריין.

— ער איז אוועק צו סוראַזשער גאַס...

— און ווייטער?..

— פאַרווישט די שפּורן...

— הינטישער זון...

מען מוז אים פּאקן. מען מוז ווייטער נאָכשפּירן.

— אפשר וואָלט מען ליקווידירט אָט די, וואָס מיר האָבן?..

— ווארטן — ענטפערט זובאטאָוו — ווארטן, נאָר נישט פאר דער צייט...

— דער עיקר די דרוק, אַ?..

— יאָ, די דרוק...

אָבער זי איז נאָך נישטאָ. וואָס גערעדט עס אזוי לאנג דאָס אויסגעפינען! — יענע ארבעטן דערווייל, שיטן מיט דרוק־זאכן. דער טייוול כאפּט עס!..

זיי זענען גוט פארקאָנספּירירט.

האָלט איין דעם אָטעם!—מען איז שוין אָט־אָט בּיי דער שוועל.

די טעלעגראמע דערציילט וועגן סאראקאן.

סאראקא? — ער איז דאָס שליסל!

— נישט אָפּנעמען דאָס אויג!..

— קלאַפּ בודזוקן א דעפּעש...

דאָס וואָרט „באָברויסק" לאשטשעט, גלעט דאָס הארץ, ווי א פּאס ערד פאר נאָרד־פּאָל־זוכער:

— בּאָ — ב — רויס — ק—...

דאָ איז סאראקא אָוועקגעקומען פון די הענט. דאָ מוז מען זוכן. טויזנט זעקס הונדערט הייזער אין דער שטאָט. הינט! — זאָל מען ארומשפּירן, ארומשמעקן יעדן הויז!

— א דרוק איז דאָך נישט קיין טאַבּאַק־פּושקעלע...

— ניענאדאיען...

— אויסגעפינען!..

— פּאקן!..

— אומזיסטע פרעסער!..

דער פילאר „ב. 312" אלארמירט, אז ער מערקט אין באָבּ־רויסק א בהלה. „ז. 163" אלארמירט דאָס זעלבע פון ווילנע. זיי זאָלן האָבן עפּעס דערשפּירט. אפשר ווייסן זיי, אז באלד דארף זיך צוקלאַפּן די פּאַסטקע?..

געראַרדי, לויף קיין באָברויסק!..

— טאק טאָטשנאָ...

זובאטאָווס אגענטן שטייען אצינד ביים הילצערנעם הייזל אין באָברויסק. דריי פענסטערלעך זענען דאָרט באהאָנגען מיט ווייסע האלבע פאָרהאנגלעך. אין משך פון טאָג איז דריי מאָל פון דאָרט ארויס אן אומבאקאנטער מענטש, וועלכער האָט אויסגע־זען פארדעכטיק דיק. וואָס טראָגט ער דאָרט הינטער די קליידער, ארומגעוויקלט ארום זיך?

דאָ מוז עס זיין!

די אגענטן ווארטן אויף א פאראָרדנונג פון אים, פון זובא־טאָוון. באלד וועט רוסלאנד זיך צעקלינגען. — צי זאָל ער טאקע שוין אָנהויבן דעם „גרויסן ארעסט"? — די אטאקע? — אפשר איז נאָך צו־פרי?..

ער וועט ווארטן אויף גנעראַרדים טעלעגראַמע.

פערטעס קאַפיטל

# ש ר א ל מ י כ ל

ישראל מיכל האָט לאנגזאם איינגעפאקט די שריפט. מען האָט מיט א טאָג צוריק צווויסן געטאָן פון „דאָרט", אז מען דארף זיך קלויבן.

— וואו מיינסטו, גרישע, וועט נישט זיין צו שווער דער טשע־מאָדאנטשיק? — האָט ישראל־מיכל צייכנדיק די ווערטער, ווי ער וואָלט זיך פוילן ארויסברענגען פון מויל, געפרעגט ביי סאראקאן.

זאלבעפינפט זענען זיי געווען אין באָברויסקער דרוק. ישראל־מיכל, זיין ווייב, גרישא סאָראקע, מארק ווילטער און זיין חברטע. אָבער ישראל־מיכל האָט געהאַט די הויפט־וואָג ביז עס פלעגט זיך נישט ווייזן דער „אגענט" — איינער פון דאָרטן. איצט פירט אָן ישראל־מיכל מיטן איינפאקן זיך. ער האָט באקומען די אינ־סטרוקציעס: „וווהין" און „וועמען".

— צייט מען האָט אין פעטערבורג נישט אָפגענומען די

קויש מיט מאַניפעסטן האָט זיך עס אָנגעהויבן... — זאָגט מאַרק, בינדנדיק דעם נייעם נומער „אַרבעטער - שטימע", וועלכן די „וועלט" האָט נאָך נישט געזען.

— די קויש האָט געוויזן די הינט דעם וועג קיין מינסק... מען האָט דאָך אויף איר געזען פון וואַנען זי גייט... און אַז די פּחדנים זענען נישט געקומען אָפּנעמען, האָבן זיי זי געעפנט.

— מ'קאָן נישט זאָגן קיין פּחדנים. עס קאָן זיין אַן אַנדער סיבה. מיר ווייסן דאָך נישט.

— ווען איך מיט דיר — האָט זיך גרישע אָפּגערופן — זענען געוועזן אין מינסק, האָב איך געפילט, אַז מען שפּירט אונז נאָך.

— זענען מיר דאָך אָבער צוריקוועגס נישט אַראָפּ אין באָב־רויסק, נאָר צוויי סטאַציעס פריער...

— און געקומען צופוס... דאָס איז ריכטיק. אָבער, אַז זיי האָבן געזען אין באָברויסק, אַז מיר זענען נישטאָ, האָבן זיי פאַר־שטאַנען, אַז דאָ דאַרפן זיי זוכן, דאָ אין באָברויסק. מיר האָבן נישט געטאָרט זיך ווייזן אין מינסק. זיי זענען נאָך אונז געקומען.

— אַ מכּה וועלן זיי פּאַקן...

— אויב מיר וועלן באַוויזן זיך אַרויסצופּאַקן צו דער צייט... — האָט סאַראַקאַ געזאָגט, העלפנדיק פּאַקן די שריפט, וועלכע דאַרף אַריבערגעפירט ווערן פון דאַנען — וווהין? — בלויז ער אַליין, ישראל־מיכל, ווייס דעם סוד וווהין דאָס גייט. נישט סאַראַקאַ און נישט מאַרק פרעגן וועגן דעם אפילו.

ישראל איז רואיק. ער איז שוין ביי דרוק אַ לאַנגע צייט. ער האָט דאָך דער ערשטער געשאַפן אַן אומלעגאַלע „דרוק" נאָך אין ווילנע. עס איז געווען ערב־בונד. דער נאָמירלעכער צענטער פון דער באַוועגונג איז געווען ווילנע. דאָרט איז געווען אַלעקסאַנדער, דער לערער, פּאַטי די אינטעליגענטין. דאָרט איז אויך געווען וולאַדימיר. ער איז אַהין אַריבערגעקומען פון קאָוונע. אין קאָמי־טעט איז אויך געווען ישראל־מיכל, וועלכער האָט זיך אויסגע־צייכנט סיי מיט זיין אָפּשטאַם און סיי מיט זיין אויפפירונג.

פריער איז ישראל־מיכל געווען אונטער־שמש אין אַ ווילנער

קלויז. ער פלעגט רייניקן די לאמפ־גלעזער וואס פלעגן רק פאר־רויכערט ווערן פון נאפט־פייער, אויפהיטן די סדורימלעך, באַ־זאָרגן וואסער אין האַנט־פאס און — לערנען. ער האט ליב געהאט צו בלייבן שפעט אין די נעכט אליין אין קלויז און לערנען מוסר־ספרים. ער פלעגט תמיד לערנען אין דער שטיל, נישט עפנדיק דאס מויל, נאר ארייַנקוקן אין די ספרים מיט קאלטע אויגן.

ביז ער האט זיך אויפגעהויבן איינמאל פון א מוסר־ספר און מער אין קלויז נישט געקומען. ער איז אוועק צו א שלאָסער און זיך געשטעלט אויף דער לער. אין קלויז איז מען פון דעם געוואר געווארן און — געשטוינט: — א שמש זאל ווערן א לערניינגל ביי א שלאָסער!..

ער האט ווייטער ליב געהאט לערנען שטומערהייט ספרים. דאָס מאָל זענען עס שוין געווען אנדערע ספרים: וועגן נאטור, „ידיעות ־ הטבע". ער האט געוואָלט וויסן די חכמה פון סדר־העולם. אין ווילנע זענען אומגעגאַנגען איבער די הענט אויך זעלטענע טרייפענע ביכלעך, אין וועלכע עס האט זיך גערעדט וועגן זעלבסט־הערשאפט, וועגן די ארבעטער, וועגן דער ערד־פראגע. דאָס זענען געווען רוסישע ביכלעך, אויסער דאס יידישע „פון וואס איינער לעבט". זענען זיי אָנגעקומען אויף די הענט פון ישראל־מיכל. די ביכלעך זענען געווארן זיינע וועג־ווייזער צו פאטין, צו אלעקסאנדערן. זיי האָבן אים אריינגעפירט אין „קרייז" פון די „באוווסטזיניקע".

די הויפט־זאָרג פון קרייז איז דערוויל געווען „ליטעראטור", און ישראל־מיכל דער שלאָסער האט אויספאנטאזירט דעם פּלאן פון מאכן א געהיימע דרוק, ווייל מיט דעם ענין שאפן „ליטערא־טור" איז ער געווען געוואלדיק דורכגענומען.

ער איז אָבער קיינמאָל קיין דרוקער נישט געווען, ער האט נישט געוווסט, ווי אזוי מען מאכט עס. ער האט אָבער ישיבה־בחוריש זיך אליין געזאָגט:

— נישקשה, מען וועט צוטראכטן א מעכאניזם...ס'וועט שוין זיין... נישט קיין גרויסע זאך.

זיינע פלענער זענען געווען איינער מער פאנטאסטישער פאַרן

צווייטן: מען וועט ארויסציען פון דרוק צום דרויסן אַן עלעקטריש שנירל. דאָרט וועט שטענדיק עמיץ שטיין און צוווּיסן טאָן, ווען אַ געפאַר וועט זיך דערנענטערן. אָדער מען וועט גאָר מאַכן די דרוק הינטער דער שטאָט, אין אַ געהיים קעלערל. די „כּלי" וועט זיין אַזוי איינגעאָרדנט, אַז מען וועט קאָנען טאָן אַ קוועטש אין אַן עלעקטריש קנעפּל — איינס־צוויי און זי איז שוין נישטאָ. זוך זי!..

„זיי", די אינטעליגענטן, — האָט ישראל־מיכל נישט אויסגעזאָגט פון זיינע פּלענער.

„זיי" וועלן עס האַלטן פאַר אַ פאַנטאַזיע און וועלן אָפּשלאָגן. ער האָט צו זיך גענומען מאָיסיי פערעפּלאָטשיק.

— אַז מירן עס מאַכן, וועלן מיר שוין זען, וואָס „זיי" וועלן זאָגן...

מאָיסיי האָט צוזאַמען מיט ישראל־מיכלען צוגעצויגן מאַטיע סטראַשונען, אַ ברייטן בחור, מיט שוואַרצע האָר און קאַליעדיקע אויגן, וואָס האָט געאַרבעט אין דער פּוילישער דרוקעריי פון בלומשטיינען. דאָרט אין קעלער פון דער דרוקעריי, איז געווען אַביסל יידישע שריפט, וואָס איז נישט גענוצט געוואָרן, דאַרף עס מאָטיע ארויסציען פון דאָרטן שטילערהייט. יעדן טאָג — אַביסל אין קעשענע.

— דו וועסט ווערן אַ שותּף צו דעם... — האָט ישראל־מיכל געזאָגט מאָטיען — און מיר עס איבערגעבן, האָסט נישט ווייניקער „פּראַוועס" פאַר בלומשטיינען. גוויסקער דאַרפן עס מיר אוודאי.

ישראל־מיכל האָט אויסגערעכנט, אַז מען דאַרף האָבן אויף אַ דרוק אַ קאַפּיטאַל פון פינפאונצוואַנציק רובל. ווו נעמט מען אַזאַ סומע? — האָט זיך ישראל־מיכל געווענדעט צו איינינקע באַקאַנטע, מען זאָל אויפקלייבן אַ ביסל געלט.

— אויף וואָס? — האָבן יענע געפּרוווט פרעגן.

— אויף אַ קאָנספּיראַטיווון צוועק..

יענע האָבן נאָכאַמאָל נישט איבערגעפרעגט — מסתּמא דאַרף מען. האָט מען שטילערהייט געקליבן קאָפּיקעס, צענערקאָפּיקעס.

מען איז געקומען אויף אַ חתונה און אויפגעקליבן דריי רובל. מען האָט געמאַכט אַ „וויעטשערינקע", וואָס האָט „געגעבן" צען רובל, און קיינער האָט נישט געוווּסט, אויף וואָס עס איז נויטיק דאָס געלט.

— אויף אַ קאָנספּיראַטיוון צוועק... — און דאָס אַלץ.

אַז דאָס געלט און די שריפט איז געווען, האָט ישראל־מיכל צעטיילט די מהנה אויף צוויי העלפטן — אַזוי ווי יעקב אבינו. אויף „קוואַסני פּערעאולאָק" האָט מען געדאַרפט „זעצן", און אין אַ צימערל אויף קאָנערס גאַס האָט מען געדאַרפט „דרוקן".

— זאַדנים ספּאָסאָבאָם... — האָט סאַראַקאַ געזאָגט.

עס איז געווען אַ שווערע שאלה מיט דעם וואַליק אויף פאַרב. אַלץ האָט געוווּסט מאָיסיי דער איינבינדער, נאָר ווי מען מאַכט אַ וואַליק אויף פאַרב, דאָס האָט ער נישט געוווּסט. מאָיסיי האָט זיך איינגעשטעלט און אַוועק צו פּאַטין זי פרעגן.

— צוליב וואָס דאַרפסטו עס וויסן? — האָט פּאַטי שטרענג געפרעגט מאָיסייען דעם איינבינדער — בדומה למשל?..

— דאָס איז אַ סעקרעט... — האָט מאָיסיי געענטפערט. פּאַטי איז אין כּעס געוואָרן.

— ווי דערוואַגט מען זיך צו פרעגן אַזעלכע קאָנספּיראַטיווע זאַכן!..

האָט שוין געמוזט ישראל־מיכל, וואָס איז שוין געווען אַ גאַנצער מייסטער און דערפינדער, אַליין אויסגעפינען, ווי אַזוי צו מאַכן אַ וואַליק אויף פאַרב.

מען דאַרף קויפן אין געוועלב עטלעכע פונט פּאַרטיקע העקטאָגראַפישע מאַסע...

— פּאַרטיקע?.. אין געוועלב?..

— עס איז קיין ברירה נישטאָ. ביי „זיי", ביי די אינטעליגענטן, וועסטו נישט געוואָר ווערן...

די „דרוק" איז פּאַרטיק געווען. אַ וואַליק אויף פאַרב איז אויך געווען. איצט דאַרף מען האָבן וואָס צו דרוקן. דאָס וועלן שוין נישט מאַכן נישט ישראל־מיכל און נישט סאַראַקאַ. צו דעם מוז מען האָבן אַן אינטעליגענט.

ישראל־מיכל האט זיך אוועקגעקליבן צו ניעמאנסקין. מיט א קורצער צייט צוריק האט יענער געהערט צו דער „איינריכטונג", צו דער אזוי גערופענער „דיסקוסיע". דארט האט זיך ישראל־מיכל מיט אים באקאנט. שפעטער איז פארוואס—עפעס אויסגעקומען ניעמאנסקין ארויסצוגיין פון דער „דיסקוסיע". ער איז געשטאנען אן א זייט, זיך נישט געטראפן מיט „זיי". ישראל־מיכל האט אויסגערעכנט, אז ניעמאנסקי וועט טויגן צום צוועק.

ביי ניעמאנסקין אין חדרל איז פון מעבל געווען בלויז א בעטל, א טיש, א קופערט און איין שטול. דער קופערט איז געווען א יחסן — ער האט געהאט א טאפעלע דעק, און נישט לאנג האט מען אין אים איבערגעפירט אהער „סחורה" פון אויסלאנד. ניעמאנסקי איז געווען זיכער, אז עפעס אויסערגעוויינלעכעס האט ישראל־מיכלען געבראכט צו אים.

סתם־אזוי וועט ישראל־מיכל נישט קומען... מסתמא — א שליחות...

ער האט געוואַרט פון אים עפעס צו הערן, אנשטאט דעם, האט ישראל־מיכל לאנגזאם ארויסגערעדט:

— אייערע טרעפלעך נוויטיקן זיך אין א רעמאנט, מען קאן אויף זיי געניזוקט ווערן...

— המ... המ...

— איר האט נישט קיין שלעכטע באַלעבאסטע, זי האט מיר ליבלעך אויפמערקזאם געמאכט, אז איך זאל, אום גאטעס ווילן, נישט פארגעסן אביסעלע איינבויגן דעם קאפ ביים שוועל פון אייער צימער.

און ער האט געשוויגן. ער האט זיך, הייסט עס, אפגערוט פון גאנג און בשעת מעשה זיך ארומגעקוקט, צי מ'קאן רעדן.

נאכדעם האט ער ארויסגענומען פון קעשענע א פאפירל און אים געהיימניספול איבערגעגעבן ניעמאנסקין:

— וואס זאגט איר אויף דעם?.. ווי געפעלט אייך?..

— המ... המ...

פון פאפירל האבן ארויסגעקוקט עטלעכע שורות צעדרייטע יידישע דרוק־אותיות — קרומע, צעבראכענע.

— איך פארשטיי גאָרנישט, ישראל - מיכל, וואָס זאָל עס זיין? — עפּעס אַ שיפר?

— אָבער ווי געפעלן זיי אייך? מען קאָן זיי לייענען?

— געוויינטלעך, אותיות, וואָס הייסט?..

— נישט געוויינלעך. דאָס איז אַ דרוק...

— וואָס הייסט? —- האָט זיך ניעמאַנסקי אָנגעהויבן אָנ־שטויסן — וואָס הייסט אַ דרוק?

— אַזוי הייסט עס. אונזערס אַ דרוק. אָבער — קאָנספּי־ראַציע!

די צעדרייטע צעקאַליעטשעטע אותיות האָבן דאָ געמאַכט אַ ווונדערלעכן איינדרוק. ישראל־מיכל האָט איצט אָראָפּגעלייענט פון ניעמאַנסקים פּנים דעם דאָזיקן איינדרוק, זייער ווירקונג איז געווען אַ געוואַלטיקע. דעמאָלט האָט ישראל־מיכל פאַרטרויט ניעמאַנסקין דעם סוד, צוליב וועלכן ער איז צו אים געקומען.

— איך בין מספּים... — האָט ניעמאַנסקי דערקלערט — מען דאַרף אויך אַריינגעמען חיים יאַנקלען...

חיים יאַנקל — דאָס איז געווען דער שפּעטערדיקער א. ליטוואַק, אַ זון פון אַן אָרעמען ווילנער באַלעגאָלע, אליין אַ בעל־מום, נישט לאַנג געקומען פון דער קנעלונג אויפן ישוב — חיים יאַנקל קען שרייבן... — האָט ניעמאַנסקי געזאָגט — און ער האָט אַ קאָפּ.

— צי קאָן ער אָבער האַלטן קאָנספּיראַציע? — האָט ישראל־מיכל איבערגעפרעגט.

—- מ׳דאַרף אים גאָרנישט דערציילן וועגן־וואָס. מען דאַרף אים נאָר הייסן עפּעס שרייבן.

— איך פאַרשטייט — האָט ישראל־מיכל אַרויסגעזאָגט די ווערטער — „זיי״ דאַרפן פון גאָרנישט וויסן. איך וועל „זיי״ ווייזן אַ פאַרטיקן זשורנאַל. — און דאָס האָט ער שוין געזאָגט מיט אַ ביסל גאווה — אליין וועלן „זיי״ זיך קיין עצה נישט געבן.

איצט האָט מען נאָך געדאַרפט צוטראַכטן אַ נאָמען פאַרן זשורנאַל.

— „דער אַרבעטער״ — האָט ניעמאַנסקי פאָרגעלייגט.

— ס'איז ווייניק — האָט ישראל־מיכל געזאָגט.

— „דער קאמף"—...

— א צו שווער וואָרט. די ארבעטער וועלן אים נישט פאַר־שטיין.

— „די באָרבאַ"... — האָט ניעמאַנסקי ווידער פאָרגעלייגט א וואָרט פון ווילנער זשאַרגאָן.

— ס'איז נישט אויף יידיש, אזוי קאָן הייסן א רוסישער זשורנאל.

— „דער שפיגל".

— מען דארף פון נאָמען גלייך פארשטיין, און דער „שפיגל" ווייסט מען נישט, וואָס מען מיינט דערמיט.

— „די שטימע"...

— וועמענס שטימע? סתּם שטימע. קאָן שוין הייסן: „דער חזן".

— „די ארבעטער־שטימע" — האָט צום סוף ניעמאַנסקי צוגעטראַכט.

— אזוי קאָן זיין...

און אזוי איז געבליבן: „די ארבעטער־שטימע".

דריי־פיר מענטשן מיט ישראל־מיכלען בראש האָבן זיך שטיל און פלייסיק גענומען צו דער ארבעט. מען איז צוגעטרעטן פאַר־טיק מאכן דעם ערשטן נומער. ישראל־מיכל האָט אויף האָלץ אויס־געשניטן א קאָפּ פון ארון־קודש אותיות, אזוי ווי אויף די לוחות אונטער די לייבן:

אַרבייטער אַלע לענדער פאַרייניקט אייך!

| נומער 1. | דיא | 1897 |
|---|---|---|

# אַרבײטער שטימע

א סאָציאַל - דעמאָקראַטישע
אַרבייטער - צייטונג

הערויס געגעבען פון א גרופּע אידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען אין רוסלאַנד

| אַק | | אויגוסט |
|---|---|---|

עס איז געווען איין ארטיקל וועגן „שטרייק פון די ליינקעט־ניקעם אין ביאליסטאָק" פאר א 12 שעהדיקן ארבעטס־טאָג און פאר העכערן פון 5 קאָפּיקעס אויף 7 קאָפּיקעס פאר א „מאטיק" וואָל. נאָכדעם: „וואָס הערט זיך אין רוסלאנד" — גרוסן פון וויטעבסק, פּאָניעוועזש, יעקאטערינאָסלאוו, קאָוונע, ווילנע. דאַן וועגן א תשעה־באָב־פארזאמלונג פון 200 ארבעטער אין איינער פון די שטעט ווו יידן מעגן וווינען", „נאָכריכטן פון אויסלאנד", וועגן „אן אלפעלקערלעכן קאָנגרעס פון ארבעטער אין ציריך". אויסער דעם איז נאָך געווען „ליטעראטור": אן ארטיקל וועגן דער קעניגין וויקטאָריע און איר ברילאַנטענעם יובל, א מעשה וועגן אן ארבעטער משה, וועלכער געפינט זיך „צווישן צוויי פלאַ־מען", — צווישן שטרייק און הונגער. ער באשליסט אָבער צו שטרייקן. די „ליטעראטור" האָט געמאכט חיים יאנקל און די נייעס פון דער וועלט — ניעמאנסקי.

אז דער נומער איז פארטיק געוואָרן, האָט גענומען ישראל־מיכל דעם ערשטן עקזעמפּלאר, אוועק מיט אים צו פּאָטין. ער האָט שטיל, אָן קוראזש, פלומרשט, ווי א געוויינלעכע זאך, אים אוועקגעלייגט פאר איר אויפן טיש:

— פאַר אייך, פּאָטי, א מתנה.

דער איינדרוק איז געווען גוואלדיק:

— וואָס?.. ווי אזוי?

— אָט, ווי איר זעט — עס איז פארטיק.

— ווער פון קאָמיטעט באטייליקט זיך אין דעם?... — האָט פּאָטי געפרעגט אָן איבערראשטע.

— עס איז דאָ א רעדאקציע, אן אדמיניסטראציע, אָבער אלץ איז קאָנספּיראטיוו...

— וואָס הייסט „ס'איז דאָ"? — ווער? אויף וועלכן אופן?..

אזוי איז געווען דער אָנהויב. נאָך דעם ערשטן נומער איז געקומען א צווייטער, א דריטער. ווילנע איז געגאַנגען אויף רעדלעך. דער סוד איז געווען גוט פארשלאָסן. און פון זעקסטן נומער אָן איז „די ארבעטער־שטימע" געוואָרן דער אָרגאַן פון „בונד", וואָס איז דעמאָלסט געגרינדעט געוואָרן נישט ווייט פון

לוקישקער טורמע אין צימערל פון שמריהו גארעליק, וועלכער איז געווען א פריקאשטשיק אין סעגאלס אפטייק־קראם. דער פריקאש־טשיק פון סעגאלס אפטייק־קראם, גארעליק, וואס האט אפגע־טראטן זיין דירה אויפן צונויפקום פון דרייצן מענטשן, האט גאר אליין נישט געוווסט, וואס אזוינס עס קומט־פאר ביי אים אין צימער אין פארלויף פון יענע דריי טעג..

דער זעקסטער נומער פון דער ארבעטער־שטימע איז שוין צונויפגעשטעלט געווארן דורך וולאדימירן און גלעבן. עס איז שוין צוגעקומען אין קאפ א צושריפט: „דרוק פון אלגעמיינעם יידישן ארבעטער־בונד". צוליב קאנספיראציע האט מען אים אריבערגעפירט קיין באברויסק, דארט איז די דרוק געווארן איינגעארדנט גאנץ אנדערש, ווי אין ווילנע. סיי ישראל־מיכל, סיי סאראקא האבן זיך שוין פיל אויסגעלערנט. ישראל־מיכל האט צוגעטראכט נייע דערפינדונגען, וועמענס סודות ער האט קיינעם נישט דערציילט. — — — — —

איצט דארף מען אבער אלץ ליקווידירן, הגם מען האלט אין מיטן זעצן דעם וויכטיקן „מאניפעסט" פון בערשטער־בונד. מען דארף אויסמיידן די סכנה. אבער מען דארף עס טאן רואיק. פאר־זיכטיק. ווארום אן א דרוק איז — גארנישט. דא איז דאס וויכטיקסטע: ישראל־מיכל ווייסט, אז ער פאקט איצט דעם גרעסטן אוצר.

— גרישע, ווי מיינסטו — פרעגט ישראל־מיכל פאקנדיק די שריפט — וועט דער משעמאדאנטשיק נישט זיין צו שווער?..

ישראל־מיכלס ווייב איז זיך עוסק אין קיך — זי גייט אנ־געטאן ווי א יידענע, מיט א שייטל אויפן קאפ, זי זאגט ישראל־מיכלען:

— איך זאג דיר, ישראל־מיכל, אז מען מאכט עס צו פאר־מעלעך...

— ווארום וואס דען?..

— עס געפעלט מיר נישט, זיי דרייען זיך דא ארום... צופיל דרייען זיי זיך...

אין דער צייט האט געראררי דעפעשירט צו זובאטאוון:

— „אלץ פארטיק".

און זובאטאָוו האָט באלד פאראָרדנט און ניין שטעט מיט אמאָל:

— „דערליידיקן! זובאטאָוו".

און ער האָט געהאט א געפיל, אז גאנץ רוסלאנד וואַרט אויף אים.

עס איז געווען אין סוף פון חודש יולי. דאָס ווייסע הויז פון מאָסקווער אָכראַנע איז געווען באַגאָסן מיט זון. דאָ איז זייער היים. מאָסקווע האָט שוין אוודאי פאר דעם פרימאָרגן אויסגעזשליאָקעט א פופציק טויזנט פלעשלעך בראָנפן. דער פירשט סערגיי האָט שוין אוודאי געהאט אינגאנצן פארגעסן די מעשה, וואָס דער געלער אָבראַניק האָט אים דערציילט. דער לאָקיי פון דער אָכראַנע האָט געטראָגן אויף א טאַץ איבערבייס צו זובאטאָוון אין קאַבינעט אריין.

פינפטער קאפיטל

# א בילעט נאָך מאָסקווע

אלעקסאנדער האָט זיך געזעגנט מיט וולאדימירן און איז אָפּגעפאָרן קיין בריאַנסק. דאָס איז געווען א וואָך נאָך דעם, ווי דער צע קא האָט ארויסגעגעבן א בלעטל צו די קאָמיטעטן, אז עס האָבן זיך באוויזן אומעטום אגענטן, אָנגעגעבן סמנים, אָנגעגעבן דירות פון די אגענטן. דאָרט האָט ער געזאָלט זיין ביי זיין שוועסטער עטלעכע טעג, פארווישן די שפּורן און פון דאָרט אָפּפאָרן קיין גראָדנע, ווו עס וועט זיך פון מינסק אריבערטראָגן דער צעקא. פארן אָפּפאָר איז צווישן אים און וולאדימירן געווען דער שמועס א גאנץ קורצער. ער איז פאָרגעקומען אין דער „טשיינע", ווו מען פלעגט פאר דריי קאָפּיקעס קאָנען באקומען א גאנצן קעסעלע מיט טיי. ביידע, אלעקסאנדער און וולאדימיר, פון נידעריקן וווקס, אלעקסאנדער מיט א ברייטן קאָפּ און ברייטן עקשנותדיקן געזיכט

מיט שווארצע, קאלטע אויגן, וולאדימיר מיט א קלענערן, קיילעכ־דיקן קאפ מיט לעבעדיקע בלויע אויגן —ביידע זענען זיי געווען שארף איינשטימיק אין איינס, אז מען מוז וואס שנעלער זיך אפ־טראגן. די שפיקעס זענען פול אומעטום. „די קאצאפעס" — ווי וולאדימיר האט זיי גערופן — האבן שוין אלץ אויסגעשפירט. וווהין מען גייט נישט, קומען זיי שטענדיק ארויס פנים־אל־פנים. ביי יעדן קווער־גאס קומען זיי אן פון ביידע זייטן און שניידן אריין אין געזיכט מיט די שפיקישע אויגן און וואנסעס. זיי זענען שוין אזוי חוצפהדיק, אז זיי זעצן זיך צום טישל אין דער גאר־קיך, ווו מען קומט אריין עסן מיטאג. אויף דעם בעלאצערקאווער געסל, ווו וולאדימיר וווינט, זיצן אויף די קעלניעס צוויי איזוואש־טשיקעס, איבערגעטועגע „קאצאפעס". נאך ערגער: זיי זענען פאראן אויך אין באברויסק. די דרוקעריי מוז וואס פריער ליק־ווידירט ווערן. די הילצערנע ראמען פון די דרוק־פארמען האט שוין פעסע אפגעפירט פון באברויסק קיין גראדנע...

זאל זיך וולאדימיר גרייטן צום צוועלפטן נומער „ארבעטער־שטימע". ווו מען וועט אים דרוקן, וועט מען נאך זען. די פרא־קלאמאציע וועגן גארבער־שטרייק וועט מען דרוקן אין מינסק... — אזוי איז געווען אפגערעדט צווישן אלעקסאנדערן און וולאדימירן. און אלעקסאנדער איז אוועק קיין בראנסק. נישט אזוי איינפאך איז צוגענאנגען דאס אפפארן. פינף שעה איז ער געגאנגען צום וואקזאל — דאס אומגליק איז, וואס אין גאנץ מינסק איז דא נאר איין דורכגאנג־הויף. עס איז ממש אוממעגלעך צו פארווישן די שפורן. עס האט אויסגעזען, אז ביים וואקזאל איז קיינער פון די „קאצאפעס" נישט געווען. אויף די רעלסן זענען געשטאנען צוויי צוגן — פון דער ווילנער ליניע און פון דער מאסקווער ליניע. אלעקסאנדער איז אריין אין ווילנער צוג און דורכן וואגאן אריין אין מאסקווער. באלד איז ער אין ווינקל „אנדרימלט" גע־ווארן. איינגעדעקט אין מאנטל דאס געזיכט און — שלאפן! היג־טער אים האט ער נישט געזען קיין צוטשעפעניש. —

ער פארט, הייסט עס, בשלום קיין בריאנסק. ער טאר זיך דארט לענגער נישט פארהאלטן. די באוועגונג וואקסט, עס זענען

נישטאָ קיין הענט זי ארומצונעמען. עס גייען שטרייקן אויך די בערשטער. עס רייסט זיך די רעוואָלוציע פון אַלע שפּאַלטן ארויס.

אָט איז בייניש געקומען פון ביאַליסטאָק נאָך דעם גרויסן וועבער־שטרייק, אריינגעריסן זיך, ווי א שטיק פייער. ער האָט פארלאַנגט מער ליטעראטור. מען קאָן זיך נישט באנוגענען מיט פּראָקלאמאציעס. די מאַכע פּאַדערט. ס׳ארא „טשודאָק״ דער בריס־קער בחור. ער איז טאַקע א פייערדיקער רעדנער. מען האָט דער־ציילט זעלטענע זאכן פונם ביאַליסטאָקער שטרייק. הונדערטער יידן מיט לאַנגע בערד האָבן זיך ארויסגעריסן צום קאַמף. הונדערטער שפּולאַרקעס, נופּערקעס, שנעלערקעס — ווי א לאַווינע האָט עס ארויסגעריסן. אָבער איצט, ווען מען איז ארומגערינגלט מיט זו־באַטאָווס „קאַצאַפּעס״, גיי גיב אים ליטעראטור!.. —

לאַנג טאָר מען דעריבער אין בריאנסק נישט זיין. ווי נאָר די טריט וועלן זיין אָפּגעוואַשן, לאָזט ער זיך קיין גראָדנע. —

דערוואַיל רירט דער צוג. ער זעט נישט קיין „פרעמדע״ ארום זיך. הגם, מען קאָן נישט זיין זיכער, אפשר פאָרט יאָ א „קאַצאַפּ״ אין ערשטן קלאַס. ער וועט דעריבער אראָפּגיין א דריי סטאַציעס פאַר בריאנסק, וועט ער זען, צי ער האָט נישט קיין „שאָטן״.

וולאַדימיר ווידער, וואָס איז נאָך געבליבן אין ווילנע, האָט דעם טאָג געהאַט א סך ארבעט. די פּראָקלאַמאציעס וועגן גארבער־שטרייק האָט מען געבראַכט צו אים אויף דער קוואַרטיר. עס איז געקומען פּעסע פון ווילנע, געוועזן ביי אים א קורצע ווײַלע, דער־ציילט וועגן די גארבער און זאָקנמאַכערקעס, זיך ארומגעפּאַקט מיט די פּראָקלאַמאַציעס און אַוועק צום ווילנער באַן. ער האָט זי פון וויטנס באַגלייט, נאָכגעקוקט, און ער האָט געהאַט דעם איינ־דרוק, אַז זי איז אָפּגעפאָרן „גלאַט״. די פּעסע — טראַכט וולאַ־דימיר — איז אַן ערנסטער מענטש. מען קאָן זיך אויף איר דרייסט פאַרלאָזן. ער האָט אריינגעכאַפּט א שעה צוויי און גע־שריבן פאַר דער „שטימע״. דאָס שרייבן איז די איינמידענדיקסטע ארבעט. ער האָט געשריבן וועגן דער שייכות צווישן פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאַמף: די ארבעטער קאָנען זיך נישט אויסבע־סערן די עקאָנאָמישע לאַגע, אויב זיי וועלן נישט אראָפּוואַרפן די

זעלבסטהערשאפט. די פאליטישע פרייהייט איז דער פראגראם־מי־נימום און דער סאציאליזם — פראגראם־מאקסימום, — ווי אזוי גיט מען צו פארשטיין יעדן ארבעטער דאס, אז דער פאליציייסקע לאזט אים נישט האבן זיין שטיקל ברויט? — ווי אזוי גיט מען צו פארשטיין יעדן ארבעטער, אז ער, יא ער, קאן און וועט אראפ־ווארפן דעם קייסער מיט אלע זיינע הענקערס?.. — פראפאגאנדע, פראפאגאנדע, דאס זענען דערווייל די וויכטיקסטע כלי־זין. ווערן זיינע אויגן איינגעשמעלערט, די שווארצלען לאזן זיך אריין טיפער אין קאפ, די ברעמען ווערן צונויפגעשטשימעט, דער קאפ גופא אראפגעלאזן נידעריקער, ווי טיפער אין זיך, אין הארץ אריין; דאס קליין, דאר פיפיראסל האלט ער צווישן די קורצע, קליינע, כמעט קינדערישע פינגער, גייט ער אום איבערן קאמערל אהין און צוריק, כאפט אויף דעם רעיון, וועבט אוים פארם פון גע־דאנק, און אט וועט ער אים ארויסברענגען, יא, קלאר, גרינדלעך, מען טאר נישט סתם באלבען...

אין אוונט האט ער זיך געדארפט טרעפן מיט אייניקע מענטשן. יעדע טרעפעניש איז א גאנצע עבודה. דרייעניש און אומגייעניש און פארשטעלעניש. און אלע ווײלע — א „קאַ־צאפ״... און הויב אן נאכאמאל דאס גאנצע ארומגייעניש.

אט זיצט א „קאצאפ״ אויפן בריק און כאפט פיש. און די בריק מוז מען אריבערגיין. און מיט דעם „קאצאפ״ קאן מען זיך שוין לאנג, און אט טוט ער א ווונק מיט דער ווענטקע צו א „קאַ־צאפ״, וואס זיצט דארט אויף דער צווייטער זייט בריק און כאפט דארט אויך פיש, און וולאדימיר האט שוין הינטער זיך נאך א „שאטן״...

— די סוואלאטשעס...

א שווערער טאג געווען. אזוי פאמעלעך, אזוי שווער באוועגט מען זיך צום ציל, וואס ליגט אזוי ווייט, אזוי ווייט. אט פון דא־נען, פון מינסק און ווילנע, ביז מען וועט דערגיין צו פרייהייט, צום סאציאליזם... —

עס איז שוין ווייט אין דער נאכט, ווען וולאדימיר גייט ענד־לעך צו זיך א היים. אויף דער בעלאצערקווער גאס, צו זיין צי־

מערל, וואָס געפינט זיך אין סאַמע סוף פון לאַנגן, טונקעלן קאָ־
רידאָר.

אויפן וועג דערמאָנט ער זיך אָן ווילנער שול־הויף. יאָ, דער ווילנער שול־הויף איז אַן אוצר פאַר דער באַוועגונג. אַז מען כאַפּט זיך אַריין אין די געסלעך פון ווילנער שול־הויף, איז מען אין אַ לאַבירינט, ווו קיין „קאַצאַפּ" וועט שוין גאָרנישט דער־גיין. געדרייט און געשלענגלט געסל אין געסל, געוועלבן, דורכ־גאַנגען, גנבהשע, געטאָ׳ישע פאַרבאַהעלטענישן. קיין פרעמדער וועט שוין דאָ גאָרנישט אויפטאָן. אָט איז ער מיט צוויי וואָכן צוריק געווען אין ווילנע. ער איז געפאָרן ביז זאַלעסיע. אין זאַ־לעסיע איז ער אַראָפּ קויפן אַ בילעט קיין ווילנע. פון ערשטן קלאַס איז אַרויסגעקראָכן אַ „קאַצאַפּ" מיט אַ וועלאָסיפּעדן היי־טעלע אויפן קאָפּ און צוגעקומען צו דער קאַסע, געשטעלט זיך אַקוראַט הינטער אים און ער קויפט אויך אַ בילעט פון זאַלעסיע קיין ווילנע. אָט דער פּאַסאַזשיר פון ערשטן קלאַס האָט נישט קיין אַנדערע מלאכה, ווי נאָר אַרויסקריכן אין מיטן נאַכט פון זיין וואַגאָן און שטעלן זיך הינטער וולאַדימירס פּלייצעס און קויפן אַ בילעט נישט אַנדערש, אַקוראַט, ווי וולאַדימיר — פון זאַלעסיע קיין ווילנע. עס איז קלאָר, אַז דאָס איז אַ „קאַצאַפּ". ער פאָרט, הייסט עס, מיט אים צוזאַמען קיין ווילנע. זובאַטאָווס אָן „אויגל". וולאַדימיר האָט אים געפירט נאָך זיך ביז דעם ווילנער שול־הויף. דאָ, אין לאַבירינט, האָט ער אים פאַרפּלאָנטערט. אַריין־אַרויס, אַהער־אַהין, דורכגאַנג און אַריינגאַנג, לאַנגע קאָרי־דאָרן, געדרייטע געסלעך, גלעזער־געסל, יידיש געסל, גאון־געסל...

און וולאַדימיר איז נישטאָ. זוך אים!..

איצט אָבער איז ער געקומען צו זיין בעלאָצערקאָווער געסל אין מינסק. עס איז שוין באַלד איינס אין דער נאַכט. ווי שטיל עס איז איצט אין דעם געסל. מען זעט קיינעם נישט. דער „קאַצאַפּ", וואָס שטייט שטענדיק ביי זיין דירה, איז אויך נישטאָ. אומגלויב־לעך. קיינער איז נישטאָ. עס איז ווויל פון דעם אויפן הארצן. —

וולאַדימיר איז שוין ביי זיך אין צימערל. די מאַנוסקריפּטן פון דער „אַרבעטער־שטימע" מוז מען פאַרשטעקן אויף זייער

אָרט. — אונטער דעם צודעק פון מיסט־קאַסטן. עס איז געמאַכט. וולאַדימיר איז געווען אויפן הויף און אריין צוריק. איצט מעג מען פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָסל. עס איז אויך געמאַכט. דאַרף מען ארויסנעמען די צוויי וויכטיקסטע צעטלעך. איינער איז מיט ניינצן פאַרשיפרירטע אַדרעסן. עס זענען אַדרעסן נישט נאָר פון „בונד". עס זענען די אַדרעסן פון רוסלאַנד — פון עס־דע. אַט דאָס איז דאָס צעטעלע מיט דעם „רייזע־פּלאַן פון דער רעוואָ־לוציע". דאָס צעטעלע מוז דאָ ליגן אויבן אויף גרייט פאַרניכטעט צו ווערן, כּדי עס זאָל נישט אריינפאַלן ביי אַן אָביסק. דאָס צווייט צעטעלע איז די קאַסע פון צע־קאַ. אין קאַסע איז דאָ זיבנאונצוואַנ־ציק רובל. דאָ איז מיט קליינע אותיותלעך אָנגעשריבן די גאַנצע הוצאה. ביידע צעטעלעך ליגן שוין אויפן שטול, אויף דער פּושקע שוועבעלעך, טאָמער וואָס, ביז זיי וועלן אויפרייסן די טיר, וועלכע ווערט אומבאַדינגט פאַררוקט, וועט ער זיי פאַרברענען...

איצט איז שוין נאָך איינס אין דער נאַכט. קיינער פון די „בלאָנדע" איז נישט געקומען. וולאַדימיר איז זייער מיד פון דעם טאָג. קאָן ער זיך לייגן שלאָפן. ער האָט אָבער גאָרנישט באַ־מערקט, אז ער האָט פאַרגעסן פאַררוקן די טיר. זי שטייט אָפן. און וולאַדימיר שלאָפט, ווי אַ געהרגעטער. מיט אים זאָל געשען אזאַ שרעקלעכע זאַך?..

אין מיטן טיפן שלאָף האָט ער דערהערט אַ געשריי אויף רו־סיש: „אָגניאַ!" — דאָס האָט געשריגן אַ זשאַנדאַרמען־אָפיציר. וולאַדימיר האָט דעם געשריי געהערט, אַזוי ווי אין אַ שווערן חלום. „אָגניאַ"! און אַ זשאַנדאַר מיט אַ ליכט אין דער האַנט. עס איז אין מיטן נאַכט, נאָך זשאַנדאַרמען זענען אויך דאָ.

אין אויגנבליק, ווען דער אָפיציר האָט זיך אומגעדרייט אוועקצושטעלן דאָס ליכט אויפן טישל, האָט וולאַדימיר אַ כאַפּ־געטאָן די צוויי דינע צעטעלעך און זיי אריינגעוואָרפן אין מויל. עס איז געווען אפשר אַ האַלבע סעקונדע זייט ער האָט זיך אויפ־געכאַפּט. ווען דער זשאַנדאַרמען - אָפיציר האָט באַלויכטן וולאַ־דימירס פּנים מיטן ליכט, האָט ער נאָך געהאַט דאָס פּאַפּירל אין מויל.

איין מינוט — און די צעטעלעך וואָלטן זיין ביים זשאַנ־דאַר, אין די הענט. זיי האָבן שוין געהאַט זייער דרך — א דריק אין האַלדז און דאָס פּאַפּירל ווערט אַרויסגעשפּיגן צוזאַמען מיט בלוט. אָן אַנטשיידענע רגע. האָט זיך וולאַדימיר צעלאַכט. ער האָט געלאַכט מיט אַזאַ אומשולדיקן, גוטן געלעכטער. אָט דאָס געלעכטער האָט אויף א רגע אַנטוואָפנט דעם זשאַנדאַרמען־אָפּי־ציר. עס קאָן דאָך נישט אַזוי לאַכן א מענטש, וואָס האָט גע־פּערלעכע פּאַפּירלעך אין מויל. דעמאָלט האָט ער אַראָפּגעשלונ־גען די פּאַפּירלעך און עס איז אים געוואָרן אַזוי גוט, אַזוי ווייל אויפן האַרצן. ער האָט זיך קוים איינגעהאַלטן פון פרייד. זאָל ער שוין זוכן. דאָס וויכטיקסטע — די אַדרעסן — וועט ער שוין נישט באַקומען.

מען האָט געזוכט אין אַלע שפּאַרונעס. אויפגעריסן די ווענט, די פּאָדלאָגע.

— דאָ דאַרף זיין א דרוק... — האָט דער זשאַנדאַרמען־אָפּי־ציר געזאָגט, און מען האָט פונאַנדערגעאַקערט דעם סאָד, ווו די פענסטער פון צימער זענען אַרויסגעקומען. מען האָט גאָרנישט געפונען.

אויפן טיש זענען געלעגן צוויי גוט־איינגעבונדענע לערנ־ביכלעך. איין ביכל וועגן כעמיע. דייטשע ביכלעך אין גוטע איינ־בונדן. — ווען מען האָט געקאָנט איינפאַלן, אַז ווען מען רייסט־אויף די איינבונדן פון די ביכלעך, וואָלט מען דאָרט געפונען...—

שטיל. זאָל מען עס גאָר פאַרן געדאַנק נישט אַרויפברענגען, וואָס מען וואָלט דאָרט געפונען. וולאַדימיר וועט אויף די צוויי ני־שטיקע לערנביכלעך אפילו דעם מינדסטן בליק נישט וואַרפן. זיי זוכן דאָך א דרוק. זיי זוכן דאָך דינאַמיט, שטעמפּלען, — וואָס דאַרפן זיי האָבן צוויי אַלטע דייטשע לערנביכלעך?

עס איז שוין טאָג. מען האָט שוין אומעטום אויסגעזוכט. אויפן בוידעם האָט מען געפונען בלויז אַן אַלטן נאַפּט־לעמפּל. דאָס הויז איז באַלאַגערט מיט זשאַנדאַרמען. עס איז אָנגעקומען זובאַטאָווס עלטסטער אָפּיציר:

— דער?.. — האָט אים אַ פרעג געטאָן דער מינסקער זשאַנ־דאַר.

— דער — האָט זובאַטאָוו עלטסטער געענטפערט.

— גאָרנישט געפונען?...

— גאָרנישט...

זובאַטאָוו אָפיציר האָט אַ ווונק געטאָן צו וולאַדימירן:

— איר פירט ציכטיק אייער זאַך...

— ווי איר זעט... — האָט וולאַדימיר געענטפערט.

— אַרעסטירן מוזן מיר אייך...

— האָט איר פּאַפּירן? —

— געוויס: „אַרעסטירן ביי אַלע באַדינגונגען און אָפּפירן קיין מאָסקווע אין רשות פון אָבער־פּאָליציי־מייסטער".

— נישט צו מאַכן, דאַרף מען אָנטאָן דעם מאַנטל?... — האָט געזאָגט וולאַדימיר.

— נו, געוויס...

אין דעם מאָמענט האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון הינטער אַ באַלקן עפּעס אַ פּעקעלע, איינגעוויקלט אין צייטונג־פּאַפּיר. אַלע זשאַנדאַרן און בלאָנדע „קאַצאַפּעס" האָבן צוגעשפּיצט די אויגן. וולאַדימיר האָט געשמייכלט.

דער זשאַנדאַרמען - אָפיציר האָט פאָרזיכטיק פונאַנדערגע־וויקלט דאָס פּאַפּירל און אַרויסגעוויקלט צו אַלעמענס איבערראַ־שונג — אַביסל שוואַרצע מיידל־האָר...

דער אָפיציר האָט צווייטייטיק און פאַרוווּנדערט אַ פרעג געטאָן:

— אַ ליובאָווניצע?...

וולאַדימיר האָט געענטפערט:

— אַלנפאַלס, קיין רעוואָלוציע מאַכט מען נישט מיט מיידלשע האָר...

ער האָט אָנגעטאָן זיין טונקעלן, אָפּגענוצטן זומער - מאַנטל. דער אָפיציר האָט פאַראָרדנט:

— צום בריסקער באַן, אַ בילעט — נאָך מאָסקווע...

זעקסטעס קאפיטל

# אין יענער נאכט

אין דער נאכט פון זעקסאונצוואנציקסטן יולי איז זובאטאוו נישט געשלאפן. ער איז אליין געזעסן אין זיין גרויסן קאבינעט, און זיין פארגעלטער קאפ האט געזאטן, ווי א סאמאוואר, וועלכן מען לאזט אליין שטיין און קאכן אויף הפקר, נאר קיין פארע האט פון אים נישט ארויסגעהאקט — עס האט געקאכט אינעווייניק אין אים. ער איז מיט יעדער האלבער שעה געווארן וויכטיקער. רוס־לאנד זידט אין אים. גאנץ ראסיי. ער האט געפילט, אז ער וואלט איצט דארפן אויסטאן זיין ציווילן אנצוג, זיין קראגן מיט די צוויי אפגעלייגטע באלעבאטיש - אינטעליגענטישע נעזלעך, און זיך אנ־טאן מלוכהש — קנעפ, עפאלעטן. ער איז איצט מלוכה!...

הונדערט פופציק טעלעגראמעס ליגן אויף זיין טיש. היינטיקע נאכט וועט ער נאך אזעלכע באקומען. רוסלאנד קלאפט צו אים אין טיר, ליגט דא אויף זיין טיש: מינסק, באברויסק, ווילנע, ווארשע, לאדזש, באראנאוויטש, אדעס, גראדנע, בריאנסק... — פון די אלע שטעט זענען געפלויגן צו אים אין דער היינטיקער נאכט די שטאפעטן דורך די דראטן:

— ארעסטירט...

— אפגעשיקט...

ער האט צונויפגעצויגן מיט רויטן בלייפעדער: איז אט איינס, דריי, פופצן, דרייסיק, פערציק, פופציק — פינף און פופציק זע־נען שוין ארעסטירט. עס איז נאך נישט אלץ. באלד וועלן ווידער קומען די טעלעגראם־טרעגער.

ער איז צופרידן. זיין סיסטעם, הייסט עס, ארבעט גוט, אר־בעט אייראפעאיש. ער, זובאטאוו, — ער איז דער נייער מענטש, מיט נייע וועגן. גוט, וואס זיינע מענטשן זענען נישט געווען אין ערגעץ פארבונדן מיט דער ארטיקער זשאנדארמעריע, זי וואלט אין גאנצן קאליע געמאכט. זיי זענען גראבע יונגען, כאבארניקעס

און שיכורים. אלע זיינע מענטשן מוזן שטיין בלויז מיט אים אין דירעקטער פארבינדונג.

א ווארנונג - בלעטל האט ארויסגעגעבן דער „בונד". אט ליגט עס דא ביי אים אויפן טיש. עס האט אים אבער נישט גע־האלפן. ער האט זיי אלע, די וויכטיקסטע, אין זיינע הענט. זיי זע־נען נאך איצט אונטערוועגס. די צוגן פירן זיי קיין מאסקווע, אהערצו. מיט יעדן איינעם פון זיי וועט ער זיך זען. ער וועט זיי אלע האבן אין מאסקווער טורמע. ער וועט האבן די געלעגנהייט זיך צו באקענען מיט די געהיימע דרוקער. זיי זענען געווים פאר־ביסענע חברה - לייט, און — ספריטנע. די שורות אויף די טעלע־גראמעס, וועגן די ארעסטן אין די דרוקערייען, זענען די ווארעמ־סטע. אט הויבן זיי זיך אויף פון פאפיר און טוען א גיי.

מינסק. ארעסטירט שערמאנען. געפונען א דרוקעריי מיט יידי־שע שריפט. טאפלטער קאמפלעט מכשירים און אן אויסגעזעצטע פראקלאמאציע. ביאליסטאק. ראובן פרידמאן און רחל סטראזש — ארעסטירט. צוויי צימערן מיט א קיך און א באזונדער ארייננאנג. אין צימער — א לענגלעכער טיש מיט א געהיימער דעק. געפונען אין דער פארטיפונג פון אט דעם טיש — א קאסע מיט שריפט. ביי דער וואנט — א שאפע. אין דער שאפע — א לאבירינט. גע־פונען דארט פארטיק־אויסגעשטעלטע צוויי זייטן פון א פראקלא־מאציע פון „פעטערבורגער קאמיטעט פון דער סאציאל־דעמאקרא־טישער פארטיי". געפינען אויך דא אן אויסגעשניצט הילצערן קעפל פון „ראבאטשאיא זנאמיא". גיי וויים, אז פון ביאליסטאק איז עס גאר געגאנגען אין פעטערבורג אריין!... „פעטערבורגסקי קאמיטעט" — און עס לאזן זיך גאר אוים ביאליסטאקער יידלעך. צו אלדי טייוואלן!... — עס איז א גוטער וויץ ארומצודערציילן.

אין איין טעלעגראמע ווערט דערציילט א טשעקאווער פרט: ער האט אנגעזאגט „קלאפן" שיפרירט, אבער געגוי. גוט אזוי!— ווערט אין דער טעלעגראמע דערציילט וועגן א בלויען אבאזשור. אויפן פענסטער איז געשטאנען א לאמפ מיט א בלויען אבאזשור. די „פילארן" האבן אויסגעשפירט, אז מיט דער הילף פון דעם לאמפ גיט מען צייכנס דרויסן — צי מ'קאן אריין אין שטוב, צי

נישט. ווי נאָר מען איז אריין זיי ארעסטירן, איז רחל סטראזש צוגעגאַנגען צו דער אבאזשור און זי געטאָן א קנאק אָן דר'ערד, צעבראָכן. א טייוול פון א מיידל — אין דער ערשטער רגע שוין האָט זי אָט דאָס געהאַט אין זינען, נישט זיך, נאָר אַנדערע. זאָל, הייסט עס, קיינער נישט פארשאָטן ווערן. בראַוואָ! א מויד!... ער וואָלט נויטיק געדארפט האָבן פאר זיין אידייע א פּאָר טיכטיקע טיפּ. ער האָט געמאַכט א רויטן צייכן אויף דער טעלעגראַמע פון ביאַליסטאָק.

דער גלענצנדסטער טראָפּיי איז די באָברויסקער דרוקעריי. ישראל־מיכל קאַפּלינסקי און מערע קריגל. א דירה פון צוויי צימערן מיט א קיך. א קאָמבינירטער און סודותדיק קאָנסטרואירטער טיש אין צווייטן צימער. א טיפע, פארבאהאַלטענע איינגראָבונג אונטער די ברעטלעך פון פענסטער. זעקס הונדערט פרישע עקזעמפּלארן פון דער נייער „ארבעטער־שטימע״ — דאַטירט 10 יולי 1898 יאָר. אויף זשארגאָן. טייל מכשירים, ראַמען און שריפטן, פעלט. מען האָט באַוויזן ארויסצופירן פריער. הייסט עס, אז מען האָט געקאָנט פארשפּעטיקן. די גאַנצע שריפט איז שוין געווען איינגעפּאַקט אין פעקלעך. צוויי פעקלעך געפונען אין א טשעמאָדאַן. אונטער דעם דעק פון דער קאָמאָדע געפונען דאָרט קאַסעס מיט שריפט. איין קאַסע מיט אראַבישע ציפער, פינף גראָס אָפּשטעל־צייכנס, צוויי פּוד שפּאָנעס, דריי ווערסטאַטקעס, פיר ראַמען..

א גאַנצע פאַבריק. פון דאַנען איז עס געגאַנגען איבער גאַנץ רוסלאַנד. ישראל־מיכל קאַפּלינסקי? — ער איז דער הויפּט־דרוקער. וואָס זאָל דאָס זיין פאר א פויגל? — אין דער דרוקעריי זעצט מען נישט קיין לעמעשקעס, אבי־וועמען. מערע קריגל? — ווער איז זי? — וואָס, געווען זיין ווייב, מסתמא? סתם א ווייבל זיינס אַן אומגעזעצלעך. אויך א רעוואָלוציאָנערין. ער, זובאטאָוו, וואָלט נויטיק געדארפט האָבן פאר זיין אידייע א פּאָר טיכטיקע פרויען. זיי זענען גוטע אַגיטאַטאָרינס.ביידע פאָרן זיי שוין איצט מיט דעם צוג אַהערצו.

גאַנץ אָן א זייט, אליין פאר זיך, איז געלעגן די טעלעגראַמע

פון בריאנסק: „אַלעקסאַנדער קרעמער. אַרעסטירט. פאַרהאַלטן אים אין מיטן שלאָף. אים אָפּגעשיקט אונטער אַ וואַך קיין מאָס־קווע".

— דאָס איז גוט, בראַוואָ מאַלאַדציִ!...

אָט דעם חברה־מאַן האָט מען נישט געטאָרט אַרויסלאָזן פון די הענט. דער פויגל האָט נישט געטאָרט אַוועקפליען. עס איז צו לאַכן פון זיי, פון די נאַאיווע רעוואָלוציאָנערן. ער, דער גרויסער חכם, ער האָט געמיינט, אַז ער איז געראַטעוועט. ער איז דאָך אין בריאַנסק ביי דער שוועסטער זיינער, אַ ברודער צו גאַסט.

— מ'האָט דיך געפּאַקט, ברודערקע, מ'האָט דיך אין האַנט גענומען...

מען דרייט זיך נישט אַרום פון זובאַטאָווס הענט. זובאַטאָוו וועט נאָך ווייזן, וואָס ער קאָן.

נו, לאָמיר זיך טאַקע פאַרמעסטן, לאָמיר זען, ווער עס איז קליגער, ווער עס איז געלערנטער און דער עיקר — ווער עס איז שטאַרקער.

און עס בליצט דורך אַ געדאַנק אין זובאַטאָווס מאָרך, ווי אַ שיין פון אַ הויכן נישט געזעענעם פּלאַנעט:

— ווען מ'קאָן אים, אַלעקסאַנדער'ן, געווינען...

ער רייבט פון פרייד זיינע הענט. ער קראַצט זיך מיט ביידע הענט אין די באַקן־בערד. און שמייכלט צו זיך אַליין. נאָר אויף דעם איז נאָך דאָ געגנוג צייט. מען דאַרף נישט פאַרויסלויפן. נאָר נישט געכאַפּט. פּאַמעלעך. די טורמע איז אַ גוטער פעלדשער. נישט געיאָגט זיך. מען קאָן זיין רואיק, סיי־ווי־סיי וועט איצט טויט ווערן אין גאַנצן ראַיאָן. זיי וועלן שוין פּעטערבורג אויך צו רו לאָזן. נאָכדעם וועט ער אָנהויבן זיי אַרויסצורופן איינציקווייז צו זיך. ער וועט זיך דורכשמועסן, איבערצייגן, באַווייזן — אייגנט־לעך, איז ער אין דעם אַלעמען גאָרנישט שולדיק. נישט ער האָט זיי אַרעסטירט. ער איז נאָר אַ ציווילער פאַרוואַלטער פון דער זי־כערהייט. ער איז, אייגנטלעך, בלויז אַ געלערנטער, וואָס האָט גע־שאַפן אַ נייע טעאָריע, זיין אידייע. ער וויל זיי, ביי דער געלעגנ־הייט, באַקענען מיט זיין פּלאַן.

— וואָרום אָט זאָגט דאָך עדואַרד בערנשטיין אין זיין קריטיק פון קאַאוטסקי'ן...

אין זייערע ענינים מישט ער זיך נישט, זיי געפינען זיך אין פּראָקוראַטור, אין מיניסטעריום, אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. נאַטירלעך הערט מען זיך צו אים צו, ער קאָן א טובה טאָן, ארויסהעלפן. נאָר אפשר קאָן מען זיך דאָך צונויפריידן און ארבעטן צוזאַמען. די לאַגע פון די ארבעטער איז טאַקע זייער א שלעכטע, מען מוז זי אויסבעסערן: — אַכט־שעהדיקער ארבעטס־טאָג, העכערע לוינען, ביבליאָטעקן, קראַנקן־הילף, געווים, געווים... אָבער לאָמיר נאָר לאָזן צורו די פּאָליטיק מיט דעם קייסער און די איבעריקע נזימסן. עס איז דאָס געשעפט פון דער בורזשואַזיע. מען קאָן דעם סאָציאַליזם אריינפירן ביסלעכווייז, בהדרגה, ווי עס וואַקסט, למשל, א בוים. —

— וואָרום, אָט צום ביישפּיל...

דער אָבער־פּאָליציי־מייסטער, טרעפּאָוו, שלאָפט אצינד נעווים. עס איז שוין נאָך האלבע נאכט. מען ברענגט מער נישט קיין טעלעגראַמעס. דער אָבער־פּאָליציי־מייסטער האָט שוין געווים פארגעסן די גאַנצע מעשה. עס פעלן נאָך ידיעות וועגן אברהם מוטניק, יעווגעניע הורוויטש, יצחק פּייסאַכזאָן. זובאַטאָוו האָט זיי אויף זיין מאַפּע. מען מוז זיי אהערברענגען. ער וועט נאָך וואַרטן. זיינע אויגן זענען רויט פון נישט געשלאָפענע נעכט. פון מויל הערט זיך אים א שלעכטער ריח. די באָרד בייסט אים. עס ווילט זיך איצט אויסטרינקען עפּעס שטאַרקס. עס איז אָבער אין מיטן נאַכט. אויסער דעם וועכטער ביי דער אריינגאַנג־טיר שלאָפן שוין אַלע אין דעם הויז. עס וואָלט זיך אים וועלן אָט איצט א פּאָר טאָן קיין פּעטערבורג, זיך פאָרשטעלן פארן מיניסטער אליין:

— זיין עקסעלענץ, הער מיניסטער, דאָס בין איך, זובאַטאָוו, דער נאַטשעלניק פון מאָסקווער אָכראַנע.

— זייער איינגענעם. וואָס איז געשען?

— איך האָב דעם כבוד צו מעלדן: אַלע ארעסטירט, אַלץ ליקווידירט. די גאַנצע באַנדע אין טורמע.

— א גרויסן דאַנק דיר. איך מעלד דעם אימפּעראַטאָר.

זובאטאָוו טראַכט איצט וועגן דעם, ווי אַזוי ער וועט שרייבן זיין ראַפּאָרט. ער וועט עס מאַכן נישט ביוראָקראַטיש. קורץ און שאַרף. איראָפּעאיש:

„דעם 26 יולי האָבן מיר ליקווידירט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין דער גאַנצער צפון־מערב־געגנט. אַלץ, וואָס עס איז ביי זיי געווען נאָר פּעאיקעס, ענערגישעס, איז אָפּגערוימט געוואָרן. דער „בונד" האָט באַקומען אַן אַנטשיידענעם טויט - קלאַפּ. די שעפּער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, איר נשמה, אירע באַגייסטערער, זענען אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל. די באַוועגונג איז פּאַראַליזירט געוואָרן פון שרעק און אָפּגעשטאָרבן".

עס איז אַזוי געשמאַק דער נצחון. דאָס אַלץ האָט ער אַליין, זובאַטאָוו, אויפגעטאָן. ווי הויך ער האָט זיך אַ הויב געטאָן אויפן לייטער. דער קאָפּ שווינדלט אַזש. ער איז אויך נישט אַבי־ווער. ער איז קיין פּאַרשנאָשקעטער זשאַנדאַרמען־פּולקאָווניק.

— ברידערלעך, עס איז אַ ניי סיסטעם...

דער צאַר אימפּעראַטאָר שלאָפט אַצינד. ער ווייסט גאָרנישט פון דעם אַלעמען. ווער ווייסט, צי ס'וועט באמת ווען ס'איז אים דערלאַנגט ווערן דער נאָמען:

— זובאַטאָוו...

צאַר. סאַמאָדערזשאַוויעץ. אימפּעראַטאָר... — עס ווערט הייס פון די ווערטער. דאָך דוכט זיך אים, אַז ער גייט אויף יענער אַלייע פון גאַטשינער אימפּעראַטאָרישן פּאַרק, וועלכן ער האָט אַ צייט צוריק געזען אויף אַ בילד. עס איז שוין פּאַרטאָג. דער אימפּעראַטאָר מוז שוין אַצינד ליכט דרעמלען. און די אימפּעראַטריצע?... — עס איז אויפרעגנד אָט דער געדאַנק וועגן אימפּעראַטאָר און דער אימפּעראַטריצע. קיינער הערט דאָך נישט. מען דערציילט וועגן אַ טענצערין פון צאַרישן באַלעט...

שאַ. שטיל. ער וועט אַ ווײַלע צומאַכן די אויגן און וועט זיך פאָרשטעלן, ווי ער, זובאַטאָוו, איז שוין מיניסטער פון נייעם מיניסטעריום — דאָס מיניסטעריום פון אַרבעט. ער קומט אין הויף אַריין פראַנק און פריי, ווען ער וויל נאָר. די הויף־דאַמען באַגריסן אים, האָבן פּאַר אים דעם גרעסטן דרך־ארץ. איינע פון זיי, אַ ווײַ־

סע און אַ דיקלעכע, איז צו אים באַזונדער גוט. אַט־אַט גלעט זי
אים איבער זיין פּליך. ס׳אַרא גלאַטער קאָפּ.

— טייערינקער, ליבינקער, קום נענטער...

עס עפנט זיך אַ זייער הויכע און זייער ברייטע טיר. משונה
הויך איז זי און ווייס. אין טיר באַווייזט זיך ער אליין. דער אימ־
פּעראַטאָר. אַזוי ווי ער איז געמאָלט אויף די פּאָרטרעטן. דאָס גע־
לע בערדל פאַרקאַמט. די דיקע וואָנסן אַראָפּגעלאָזט און די אויגן
מוטנע, זייער מוטנע. נאָר אָנשטאָט אין מונדיר איז ער אָנגעטאָן
אין אַ נאַכט־העמד. אַ לאַנגע העמד, אַן אויסגעמאָלטע מיט אָדלערס.
דער אימפּעראַטאָר שטעלט זיך איבער אים, איבער זובאַטאָוון,
און ער, זובאַטאָוו, קאָן זיך נישט רירן, ער ליגט אויסגעצויגן און
שלאָפט. — — — — — — —

עס קלאַפּט אַ צוג. עס קלאַפּן רעדער: טאַ־טאַ־טראַ־טאַ. נאָך
דעם צוג לויפט נאָך אַ צוג. לויפט אַ צוג פון מינסק קיין מאָסקווע.
לויפט אַ צוג פון בריאַנסק אַהער: טאַ־טאַ־טראַ־טאַ. צוגן מיט סאָ־
ציאַל־דעמאָקראַטן. זיי לויפן גלייך אויף אים, אויפן שלאָפנדיקן
זובאַטאָוון, וואָס ליגט מיט זיין קאַבינעט ערגעץ אויף רעלסן, אַי־
בער וועלכע דער צוג וועט באַלד איבערפאָרן. פון אַ וואַגאָן־פענ־
סטערל קוקט אַרויס אַלעקסאַנדער. אַזעלכע גרויסע אויגן ביי אים.
פון אַן אַנדער פענסטערל קוקט אַרויס ישראל־מיכל. אַזאַ פאַרגלי־
ווערט שמייכעלע אויף דעם פאַרגליווערטן פּנים. דוכט זיך גאָר־
נישט קיין לעבעדיקע, נאָר פאַרבאַליזאַמירטע פּנימער. שווייגנדיקע
מומיעס. אָט קוקט וואָלאָדימיר. ער לאַכט. יאָ, ער הערט, ווי ער
לאַכט, אָבער ער לאַכט זייער שטיל, אַז מען הערט אפילו נישט.
וואָס לאַכט ער, צום טייוול!...

— צונעמען זיי פון די פענסטער!...

— זיי וועלן עפּעס אָפּטאָן!... אַרויסשפּרינגען!...

— אַרעסטאָוואַט!...

איצט קלאַפּט מען אין טיר אויף אַן אמת.

— אַריין!...

עס איז אַ נייע טעלעגראַמע, און אַ לעצטע: אַרעסטירט קוניע
זיסקינד. — — — — — — — — — — —

* * *

עס איז באַגינען פון אַ מיטן - זומערדיקן טאָג. גאַנץ ווייט פון דאַנען, הינטער טשעליאַבינסק, אין סיבירער דאָרף, איז אין דער זעלבער צייט עפּעס פאָרגעקומען. אַן אַרעסטאַנט איז נעלם געוואָרן. ער איז אַוועק און קיינער ווייסט נישט וווהין. נישטאָ נאָך קיין יאָר, ווי דער „יאַמשטשיק״ האָט אים געבראַכט אַהער. אַזש פון אַ שטאָט, וואָס שטייט ביים ניעמאַן. אַ הויכער, אַ שטילער, אַ בנימוסדיקער, אַ ציילער פון ווערטער, אַ ציכטיקער, איז ער דאָ דריי מאָל אַ טאָג געגאַנגען פּינקטלעך אויף זיינע שפּאַצירן. די איבעריקע צייט האָט ער געלייענט ביכער. ער האָט ווייניק דערציילט עמיצן וועגן די סיבות פון זיין אַרעסט:

— וואָס איז דאָ צו דערציילן? — ווי איבעראַל. זיי האָבן געכאַפּט, עפּעס געפונען און פאַרשיקט.

שתיקה, חברים... — דאָס איז געווען זיין דעוויז. קאָנספּיראַציע.

פאַרוואָס אָבער האָט ער אַרויסגערופן צו זיך אַזאַ דרך־ארץ, אָט דער יינגער, טונקל־בלאָנדער, הויך־געוואַקסענער בחור? — ווי ס׳איז נישט צו דערקלערן, פאַרוואָס אין זעלבן וואַלד וואַקסן צוויי ביימער איינער — נידעריק, און דער צווייטער—הויך און שלאַנק.

איז ער געגאַנגען פון טורמע צו טורמע, ביז דער „עטאַפּ״ האָט אים געבראַכט קיין סיביר, אין דערפל הינטער טשעליאַבינסק.

אָבער עס איז דאָך נישט קיין תּכלית צו זיצן און וואַרטן אין סיבירער דאָרף. קיין הינדעלעך וועט מען דאָ נישט אויסזיצן, באַזונדער נאָך, ווען דאָרט וואַרט די רעוואָלוציע. און מענטשן זענען נויטיק.

מען וועט נאָר דאַרפן לחלוטין זיך ענדערן אין אויסזען, פאַרלאָזן אַ באָרד, אָנטאָן אַ האַרטן קאַפּעלוש, אַ שירם אין האַנט. — אַ וואַלד סוחר. מען וועט דאַרפן זיך אַריינכאַפּן אין אַ יידיש שטעטל און פאַר אַ הונדערט רובל „שטאַרבן״ — זאָל דער סטאַראָסטע אַריינשרייבן אין די ביכער, אַז ער איז געשטאָרבן. פאַר נאָך פופציק רובל וועט מען דאַרפן שטעלן אויפן בית־עולם אַ מצבה:

— פ״נ...

א קשיא אויף א מעשה, אז מען מאכט א זאך, דארף מען זי מאכן גרינדלעך.

א „כתיבה" וועט מען דארפן באקומען א פעסטע, א זיכערע. ער וועט זי שוין האבן אין אירקוטסק. מ'וועט זיך לאזן רופן מיט א נאמען פון דער הפטורה. עס דארף זיין א קורצער נאמען, עס איז לייכטער צו געדענקען.

אין יענעם באגינען האט מען געזוכט אין סיבירער דארף דעם גזלן. קיינער האט נישט געוווסט וווהין ער איז אוועק. מען האט אפילו נישט געוווסט, ווען ער איז אוועק — נעכטן, צו אייער־נעכטן. ער איז שוין דעמאלט געפארן אין וואגן קיין רוסלאנד אריין.

זיבעטעס קאפיטל.

## וואסער צווישן קריעס אין פרילינג

אין ביאליסטאק האט מען דערציילט, אז מען האט אין מיטן נאכט צוגענומען פינף „ברידער און שוועסטער", וואס האבן גע־דארפט אפפארן מיט באמבעס אין „צארסקאיע סעלא". אין מינסק האט מען „געוווסט", אז מען האט אפגעפירט פון מינסק קיין מאסקווע „דריי הונדערט בונטאווטשיקעס" קעגן קייסער. אין ווילנע האט איינער דעם צווייטן דערציילט, אז מען האט צוגענומען אין מיטן נאכט „די גלאווגע" און מען האט זיי גלייך אפגעפירט אויף קאטארגע. אין באברויסק האט מען מיט מורא זיך פארטרויט, אז מען האט פון קעלער ארויסגענומען א דרוק־מאשין, מען האט א קוועטש געטאן אין וואנט איז ארויסגעשפרונגען א קאסטן מיט מאשינעס, אויף וועלכע מען דרוקט די פראקלאמאציעס...

— אז מען האט אים א נעם געטאן פארן האלדז און מען האט אים געזאגט: „גיב ארויס", אויב נישט שיסט מען דיך, ווי א הונט אויף אן ארט... — האט מען דערציילט אין מינסק —

האָט ער געלאַכט און זיי געענטפערט: איר קאָנט טויטן נאָר אַ מענטש, אָבער נישט די זאַך...

„די זאַך" — וואָס איז דאָס פאַר „אַ זאַך"? — אין די שולן און בתי־מדרשים האָבן יידן געציטערט, צי וועלן פון דעם נישט אַרויסקומען נייע גזרות אויף יידן; און בכלל, וואָס מישן זיי זיך. וואָס איז דאָס זייער דאגה. ניעכיי וואָלטן זיי בעסער גיין דאַווענען.—

אין ווערקשטאַטן, — צווישן די שניידער, גאַרבער, בערשטער און סטאָליאַרעס, איז אומגעגאַנגען אַ ווינט. מען האָט שטילערהייט זיך דערציילט וועגן „יענע", און אַז מען האָט „צוגענומען די קעפּ". אָבער עס קאָן דאָך אַזוי נישט זיין. געווים וועט עפּעס אַרויסקומען. מען דאַרף אויסקוקן...

אין ווילנע איז גראָד געווען אין מיטן שטרייק פון די גאַר־בערס. אין ביאַליסטאָק האָבן געשטרייקט שפּולאַרקעס און שנעלער־קעס. — מען האָט דאָך נישט געקאָנט לאָזן נישט אַהער און נישט אַהין. —

אַזוי ווי עס שווימען אַרויס פישער ־ שיפלעך אין מיטן ים אויף פיש־פאַנג. עס רוישן די כוואַליעס, דער ים איז טונקל. דער הימל איז נאָך פאַרהילט אין חושך און צווישן הימל און ים ווייזט זיך אַ העלער זעגל פון אַ שיפל, און אין שיפל זיצט אַ ים־פישער, און אין שיפל האָט ער אַ נעץ...

דער ים רופט. געווים וועט באַלד טאָג ווערן. קאָן דער ים־פישער מער אין פישער ־ דאָרף נישט פאַרבלייבן. לאָזט ער זיך איבער די כוואַליעס. די אויגן אָנגעשפּאַרט, די הענט אָנגעגאָסן מיט כוח, דאָס האַרץ ציט אין ים אַריין...

אַזוי זענען אַרויסגעשוואומען, איינער פון צווייטן נישט וויסנ־דיק, איינער דעם צווייטן נישט פרעגנדיק, נייע מענטשן, וועלכע האָבן דערשפּירט אין זיך דעם רוף. עס רופט דער ים. עס רופט די רעוואָלוציע. עס רופט דער אַרבעטער־קלאַס. אייגנטלעך, האָבן זיי אַליין עס גאָרנישט געפילט, אַז עמיץ פון דרויסן רופט זיי. אין ברייטן ים האָבן זיך די שיפלעך מיט די זעגלען אומגעריכט באַ־געגנט און שטומערהייט זיך צוגעווונקן, שטומערהייט זיך באַגריסט..

אויפן מינסקער וואַסער איז אַרויסגעשוואומען דער קווידאַנאָוועך

בחור נתן מיט דער שווארצער טשופרינע, דער, וואס איז געקומען אהער פון קוידאנאווער וואלד, פון טארטאק, און אריינגעפאלן אין קרייז פון זשעניע הורוויטש.

די ערשטע צוזאמענקומען אין קרייז פון זשעניע הורוויטש האבן דעם האלב פארווילדעטן, פארהארעוועטן און פארביטערטן נתן אריינגעפירט אין אזא וואונדערבארער, נישט געאנטער, אויס־טערלישער וועלט. און ווי וואונדערלעך עס איז נישט אט די נייע וועלט, איז זי אזוי פשוט, אזוי קלאר — אט זשעניע האט אהין דעם טויער געעפנט. מינסק איז געוועזן א גאנצע וועלט.

נאך אין סוף פון די זעכציקער יארן האט אנגעהויבן אין מינסק די סאציאליסטישע פראפאגאנדע דער ארא-פגעקומענער סטו־דענט — וואס געהייסן האט ער שווארץ און גערופן האט מען אים ראבינאוויטש. ער איז אין מינסק געווארן א שמיד אין א קוזניע און פון דארט האט ער אנגעהויבן די פראפאגאנדע. מען האט אים אבער ארעסטירט און אפגעשיקט אין וויאטקער גובערניע. — דאס איז געווען דער ערשטער פיאנער, וועגן וועלכן מען האט דערציילט, אין ענגע אינטעליגענטן־קרייזן סודותדיקע, לאקנדיקע געשיכטן. די קוזניע מיט די פונקען און בלאז־זאק האבן אין דער לעגענדע געשפילט א געוואלדיקע ראלע.

אז שווארץ־ראבינאוויטש איז אוועק, איז געקומען דער סטו־דענט ווילנער. ער האט אויך פראפאגאנדירט דעם סאציאליזם. ער האט אבער געמוזט עוקר זיין פון מינסק און שפעטער האבן יודע־חן געוווסט, אז פארוואס־עפעס איז ווילנער — אט יענער שווארצער סטודענט — באגאנגען זעלבסטמארד אין אדעס.

עס איז נאך געווען מיט וועלכע צוואנציק יאר צוריק. זומער פון 1879 יאר. א קליינע גרופע מענטשן האט זיך ווידער גענומען פארן סאציאליזם: איסאק הורוויץ, גרינפעסט, לעווקאוו, געצאוו און זשעניע. שפעטער זענען צוגעקומען יעפים רורקין, עמיל אבראמא־וויטש. דער רבי פון דער גרופע איז געווען עמיל. ער האט געלעבט זייער ארים. ער, עמיל, איז געווען אין מינסק דער ערשטער מארק־סיסט. ס׳האבן אנגעהויבן ארומקלעפן ארום אים ארבעטער—קודם־כל: דרוקער. מ׳האט זיך פארנומען מיט אויסבילדן פראפאגאנדיסטן

פארן סאָציאַליזם, פאַר דער רעוואָלוציע. מ'האָט אין קרייזל געלערנט לאַסאַלס ערשטן באַנד שריפטן. מען האָט גרינדלעך אריינגעלערנט אין „פראָגראַם פון די אַרבעטער און וועזן פון דער קאָנסטי־טיציע". די ביבליאָטעק פון די טרייפענע ביכער איז געווען בייס בלינדן יעפים אַבראַמאָוויטש האַלפּערן.

די פּראָפּאַגאַנדע האָט געהאַט דערפאָלג. אין מיטן פון די אַכ־ציקער יאָרן איז אַרויס אַ שטרייק ביי די דרוקער און מען האָט זיך דערשלאָגן צו אַ צוועלף שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. אין זומער פון 1887 יאָר האָבן געשטרייקט די שלאָסער. זעקס וואָכן האָט געדוי־ערט דער שטרייק און צוועלף שלאָסער האָבן באַקומען „וואָלפישע בילעטן" — ס'הייסט, אַז מען טאָר זיי אינערגעץ נישט אויפנעמען צו דער אַרבעט...

מען האָט געאַרבעט אין דער שטיל. מען האָט זיך געטיפט אין דער תורה פון דער רעוואָלוציע. אין דער דירה פון העברעאישן לערער וואָלמאַן פלעגט מען זיך צונויפקומען. זשעניע הורוויטש איז געוואָרן די פלאַמיקע לערערין פון סאָציאַליזם. —

אין סוף פון די ניינציקער יאָרן האָט זיך די באַוועגונג אַ הויב געטאָן אין דער הויך. זשעניע הורוויטש איז געווען די איינציקע פון יענע ערשטע, וועלכע זענען נאָך אַלץ יונג געווען.

אין אָט דעם קרייזל פון זשעניע הורוויטש איז אריינגעפאַלן דער וויאַלדיקער נתן מיט דער שוואַרצער טשופּרינע. ער איז אי־נערלעך געוואַקסן נאָך יעדן צונויפקום. אינעווייניק אין אים האָט געברענט אַ ליכט. איצט האָט ער געוווסט, אַז ער גייט ערגעץ־ווו און ערגעץ־וווּיט זייער גלייך אויף הויכע, אויסגעוואַקסענע פיס, אַז ער האָט באַקומען אַ שליחות. ערשט ער איז אַרויסגעקומען אין גאַס און געוואָר געוואָרן, אַז זשעניע איז מער נישטאָ — ביי־נאַכט האָבן „שפּיקעס" זי צוגענומען. און נישט נאָר איר האָבן זיי צוגענומען. מען האָט „אַלעמען" צוגענומען. איז ער געבליבן אין מיטן מינסק, אין מיטן צוואַנציק יאָר סאָציאַליזם, אַן אונ־טערזשעניטענער. טאָ וואָס־זשע וועט זיין ווייטער? — וואָס־זשע וועט זיין מיט דער רעוואָלוציע? און מיט דער מענטשהייט?..

ווען מען טרעפט פון די „באַקאַנטע" — זענען זיי עפּעס

געוואָרן אזוי שטיל. פון די אויגן קוקט ביי זיי ארויס א פארלאָרג־קייט, א שרעק. זעלטן ביי וועמען לייכטן־אויף די בליקן און פרעגן עפּעס, ווילן עפּעס... —

קאָן דאָך אזוי נישט בלייבן. מען האָט דאָך געהאַט אַמאָל גערעדט אין זשעניעס קרייז וועגן דעם, וואָס עס וועט זיין, ווען דער שונא פארכאַפּט, שיקט אָפּ קיין סיביר, אויף קאַטאָרגע, און עמעץ בלייבט אליין אין שטאָט. —

— אויף דעם איינציקן ליגט די פליכט... — האָט זשעניע געזאָגט. —

די ווערטער זענען געווען אזעלכע אמתע. און איצט איז ער, נתן מיט דער קוטשמע האָר אליין, און עס בלייבט אים אַרויסצו־טרעטן אין קאַמף. עס איז נאָך א מער שטארקערער געפיל, ווי דער־מאָלט אין וואלד, ווען ער האָט זיין קאָפּ אריינגעשטעקט אין פּעטליע.

אזוי איז ער ארויסגעשווומען אין מינסק און, קודם־כל, צוגע־שווומען צו די בערשטער. —

אין עטלעכע וואָכן ארום זענען געווען ביי נתן אויף דער קווארטיר צו „גאַסט" סאלאָמאָן ראַבינאָוויטש און לעאָן בערנ־שטיין, כעלצאָווסקא און מערזאָן, שלמה טשעמערינסקי און יודל וואָלין, יאַנקל מינדל, זאנכין און אברהם קאַפּלאן... — דער קערן פון דער פון ס'ניי־אויפגעשטעלטער אָרגאַניזאַציע אין מינסק.

פון ווילנע איז ארויסגעשווומען דוד דער בערשטער. ער איז פריער געשטאַנען נאָענט צום צע־קאַ. ער האָט געהאַט אדרעסן פון אנדערע שטעט. צו זיין חברטע, די שניידערין מאַריאַ זשע־לודסקאַ, האָט ער געזאָגט:

— מאַריאַ, איך דארף אָפּפאָרן אויף עטלעכע טעג...

ער האָט איר נישט געזאָגט אפילו וואוהין. און זי האָט אויך נישט געפרעגט. מסתמא דארף ער. מסתמא מוז ער. זיין פּלאַץ איז געווען — ביאַליסטאָק צום „דאָקטאָר", צו דער זאַקנמארכערקע צביה — קיין ווארשע, צו אַלבערטן — אין מינסק, צו זלמן דעם בערשטער... ווו קאָן אצינד ערגעץ זיין זלמן דער בערשטער? — דוד וועט אים, נישקשה, געפינען.

אין „דאָקטאָרס" קאבינעט, אין ביאַליסטאָק, זענען געזעסן אייניקע „פּאַציענטן" — בענציע, אברהם און מונוועס דער וועבער. פון מאָל צו מאָל איז אויך אהין אריינגעקומען אנא. זאָל מען רעדן שטיל. זאָל מען נישט הערן, מען דאַרף זיין זייער פאָרזיכטיק. דעם שטרייק האָט מען געוואונען. אָבער איצט הויבן אָן יאנאָוויטסקיס טאַבאַק - אַרבעטערינס. דאָס איז זייער וויכטיק. ביינייש וועט אָנשרייבן אַ פּראָקלאַמאַציע. דרוקן וועט מען זי דאָ. לאָזט עס פאר בענציען. עס איז אויך געווען דוד דער בערשטער. ער איז געקומען צו פאָרן וועגן זייער אַ וויכטיקער זאַך. וועגן דעם האָבן געוווסט בלויז דער דאָקטאָר און — בענציע.

שפּעטער איז דוד דער בערשטער אַוועק קיין מינסק. ער האָט דאָרט געזוכט שלומען. וועגן דעם האָט קיינער נישט געוווסט, אויסער אים אליין, אויסער דודן. שלום איז געווען אַן אַרבעטער, אויף וועלכן מען קאָן זיך פאַרלאָזן. אַזוי האָט דוד געמיינט. און ער האָט פאר אים, פאר שלומען, אַ זייער וויכטיקע אויפגאבע:

— שלום, דיך האָט דער צ. ק. אויסגעקליבן אויף אַ וויכטיקער אַרבעט.

— דער צ. ק.?.. —

שלום האָט אויפגעציטערט פון וויכטיקייט.

— יאָ. נאָר פאָרזיכטיק. אויסגעקליבן דיך אויף עפּעס וויכטיקעס.

— אויף וואָס...

— וועסט געוואָר ווערן. דו דאַרפסט זיך אויסקלויבן אַ חברטע, שטעלן מיט איר אַ חופּה, טאַקע אַן אמתע חופּה, אַזוי ווי חתן-כּלה, און שפּעטער וועט איר ביידע דאַרפן זיך באַזעצן אין אַ פרעמדער שטאָט...

דאָס האָט דוד דער „צ. ק." געגרייט פונדאַסניי אַן אונטערערדישע דרוקעריי...

— — — — — — — — — — —

— — — צוויי חדשים נאָך דעם „גרויסן דורכפאַל". אין חודש סעפּטעמבער פון 1898 יאָר, איז פאָרגעקומען דער צווייטער

צוזאמענפֿאר פון „בונד“. דוד דער בערשטער האָט געעפֿנט דעם צוזאמענפֿאר מיט אזעלכע ווערטער:

— נישט געקוקט אויף די ארעסטן איז די ארבעט נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן.

— די צאָל פון די פּראָפּאגאנדירטע ארבעטער פארגרעסערט זיך. די צאָל פון די לייענער פון אומלעגאלע ליטעראטור איז אויסגעוואקסן אויף צוויי־דריי מאָל מער. די שטרייק־באוועגונג רייסט זיך אזוי ווי וואסער צווישן קריעס אין פרילינג...

אכטעס קאַפּיטל

# דער צוועלפטער נומער

אין וואנט פון טורמע־קאמער האָט זיך געהערט א קלאַפּן:

— טיק־טאַק... טיק־טאַק.

צוויי קלעפּ און א פויזע. באלד נאָכדעם דריי קלעפּ. איין קלאַפּ און א פויזע, באלד נאָכדעם צוויי קלעפּ.

און אזוי ווייטער. דאָס זאָגט ארקאדי וולאדימירן, אז מען קאָן ווייטער אזוי נישט ציען, לאַנגע חדשים און נישט אהער און נישט אהין. מען דארף עפּעס טאָן. אפשר שרייבן אָן אנקלאַגע?..

צוריק האָבן אָפּגעענטפֿערט קלעפּ אין דער וואנט: טיק־טאַק און טיק־טאַק. עס הייסט: וואָס איז די בהלה? — עס וועט סיי ווי נאָרנישט העלפֿן. לאָמיר אויפֿוואַרטן.

פון דער פריי איז נישט געקומען קיין גריפּס. לעבן זיי דאָרטן? — טוען זיי עפּעס? — ווער־וואָס? דאָס איז די פּייניקדיקסטע פראגע, ווי עס פּייניקט די לײדיקייט אין פעלד אָן אליין־גייער. בייַנאַכט חלומט זיך, אז מען איז ארויס פון תּפיסה און מען איז אריינגעקומען אין ווילנע. כאַפּט מען זיך אויף און מען טאַפּט אין דער פֿינסטער מיט די הענט: ווו איז מען?..

ווערט מען אנטשלאָפֿן אויף דער נאַרע און עס דוכט זיך, אז עס פליט א פויגל איבערן קאָפּ, ניין, עס איז נישט קיין פויגל,

גאָר דאָס איז מען איינער אליין. מען האָט באַקומען פליגל און מען איז אריבערגעפלויגן די וואַנט. לויפט דער שליסלער און קלאַפּט און שרייט: האַלט!.. וואַרט!.. כאַפּט!.. צום טייוול, די פויסט אונטערן קאָפּ איז זייער האַרט.

ווייזט זיך פון מאָל־צו־מאָל אין טורמע דער זשאַנדאַרמען־ראַטמייסטער, זובאַטאָוו געהילף. פרעגט עפּעס סתם אַ זייטיקע זאַך, וואַרפט אריין אַ וואָרט, טאַפּט אַרום דעם מענטשן מיט די אויגן, מיט די וואָנצן. עס דוכט זיך אַז עפּעס קריכט בשעת־מעשה אויפן קאָלנער.

— טיק־טאַק... טאַק־טיק... אַרקאַדי, וואָס שנאַפּט ער דער זשאַנדאַר.

— טאַק־טיק.. טיק־טאַק... וולאַדימיר, די גוטע קלאָג ווייסט אים.

דאָס האָט כאַטקאַ געזוכט מענטשן פאַר זובאַטאָוון, פאַר זיין אידייע. פאַרן „געניאַלן פּלאַן". דאָ דאַרף זובאַטאָוו געפינען די יאָדער. דאָ ליגט דער אָנהויב.

ווען ער קען אַריינקריגן אַלעקסאַנדערן. דאָס וואָלט זיין אַ ראַזינקע. מיט אים וואָלט ער אָנגעהויבן. אָבער דאָס איז זייער ווייט. כאַטקאַ האָט געזאָגט, אַז צו דעם יידן איז נישטאָ קיין טיר. עס איז אַ פאַרחתמעטע „פּאַסילקע" געשיקט פון איין וועלט צו דער אַנדערער, נישט אויפצועפענען.

ער האָט צייט. זאָלן זיי זיך וואָס מער אויסמאַטערן אין טורמע, וועלן זיי שוואַכער ווערן, וועט זיך ווייזן אַ סטעזשקע צו זיי. ער, זובאַטאָוו, וועט פּאַרזיכטיק גיין אויף דער דאָזיקער סטעזשקע.

ביז ער האָט פאַראָרדנט, מען זאָל ברענגען צו אים וולאַ־דימירן.

זובאַטאָוו איז געזעסן ביי זיין שרייב־טיש און געווען פאַר־מרשט פאַרטיפט אין אַ בוך. ער האָט זיך אָפּגעריסן פון געלייענטן, אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ און אָנגעשטעלט זיינע טונקעלע הייזלן אויף דעם אַריינקומענדיקן דאַרן און שטילן מענטש, וואָס מאַכט פאָרזיכטיק זיינע טריט. אויף דער פאַרטייעטן אַכראַנע־פּנים

האָבן אַ קוק געטאָן צוויי בלויע אויגן. זיי האָבן קיין שום שפּאַ־רונג פאר זיך נישט געפונען אויף דעם דאָזיקן געזיכט. זיי האָבן געקוקט ווייטער פון דאנען.

— ביטע, זעצט אייך. רויכערט איר? — ביטע שוין.

— איך דאנק. איך האָב אייגענע פּאַפּיראָסן.

זובאטאָוו האָט גלייך דערשפּירט, אז דער עסק איז פארן טייוול. ער האָט פּרובירט רעדן מיט זיין אַנטליענער ווייכער־שטימע:

— אייער ענין איז ביים פּראָקוראָר, דער טייוול ווייסט אים, וואָס ער שלעפּט מיט אים אזוי לאַנג. די זאַך גייט מיט איר געוויינלעכן ביוראָקראַטישן גאַנג. עס הערשן נאָך ביי אונז די אַלטע, אַזיאַטישע סיסטעמען. די מענטשן זענען פון אַלטן שניט. זיי האָבן צייט, און אַלץ פאָרמאַליטעטן. פּאַרפאַלן, מען מוז וואַרטן. איך האָב אייך פארבעטן צו זיך, כּדי צו כאַפּן אַ שמועס וועגן עטלעכע ענינים. סיי־ווי־סיי האָט איר דאָך נישט איבעריקס וואָס צו טאָן אין אייער קאַמער. נישט אמת?

וולאַדימיר האָט איצט אויפגעהויבן זיינע בלויע אויגן אי־בער די בלעכענע רעמלעך פון זיינע קליינע ברילן, דער פּנים האָט באַקומען אַ פויגלשן אויסדרוק, ער האָט זיך זייער פארוווּנדערט אין איבערגעפרעגט:

— דורכשמועסן זיך?!..

— נו, יאָ, גאַנץ איינפאַך. פּשוט.

— איר האָט רעכט — האָט וולאַדימיר געזאָגט — מיך אויסצופאָרשן. און איך פרעג, פארוואָס טוט מען עס נישט ביז היינט? — אָבער שמועסן גאָר?!.. — דוכט זיך, אַז מיר זענען נישט קיין באַקאַנטע.

— פאַרוואָס זאָלט איר נעמען אַזאַ טאָן? — איך האָב, גלויב איך, נישט פאַרדינט אויף באַליידיקונגען.

— און איך האָב נישט פאַרדינט צו זיצן אין טורמע אָן אַ פּאַרוועס און אָן אַ פאַרוואָס.

— זייער מעגלעך. איך דערלאָז עס אויך — האָט זובאַטאָוו

געזאָגט נאָך ווייטער — אָבער דאָס איז דאָך נישט מיין שולד. דאָס טוט דאָך דער פּראָקוראָר פון געריכט.

— פוסטע מעשיות. עס איז אייער אַלעמענס זאַך. עס איז דאָך אַ קעגנזייטיקע ערבות.

— לאָמיר זאָגן, אז איך קאָן יאָ עפּעס פאר אייך טאָן, צו־איילן אייער ענין, אפשר אויך באַמיען זיך מען זאָל אייך באַ־פרייען ביזן געריכט, אָדער דער פאראָרדנונג, מוזן מיר דאָך זיך צונויפרעדן, זיך דורכשמועסן. האַלט איר עס נישט פאר ריכטיק?

וולאַדימיר האָט קוים־קוים אַ שמייכל געטאָן. עס האָט זיך אוועקגעלייגט דאָס דינע שמייכעלע אונטער די אויגן און זיך אָפּ־גערוט דאָרט. אזוי זעלטן עס קומט ארויף אויפן פּנים. שפּעטער האָט עס זיך אראָפּגעגליטשט צום ווינקל פון מויל, זיך אויפגע־האַלטן אַ ווײַלע און אראָפּגעלאָזן. דעמאָלסט איז זיין פּנים צוריק געוואָרן שטיל און ערנסט. ער האָט זיך אָפּגערופן:

— גלייכע מיט גלייכע קאָנען שמועסן, אָבער נישט ארעס־טאַנטן מיט זשאַנדאַרן.

עס איז געווען ווי אַ שניט מיט אַ מעסער. זובאַטאָוו האָט אַ הויב געטאָן זיין געלבלעכן קאָפּ, האָט זיך אַ רודער געטאָן אויף זיין טיש און גרייט געווען צו געבן אַן אויסדרוק זיין כּעס. דערווייל האָט וולאַדימיר ווייטער גערעדט, אזוי ווי ער וואָלט רעדן נישט צו אים, צו זובאַטאָוון, נאָר ווייטער פון אים, אין דער וועלט ארײַן:

— איך בעט אייך, וואָס איז דאָ, מ'שטיינס געזאָגט, צו שמועסן. מען האָט ביי מיר גאָרנישט געפונען, ארעסטירט אַן אומשולדיקן — האַלט מען מיך לאַנגע חדשים אין טורמע, אין איינצלקאַמער. נישטאָ דאָ וואָס צו שמועסן, אנטשולדיקט פארן אויסדרוק, עס איז אַ חזירײַ. און דאָס אַליין.

— איך גלויב נישט, אז מען זאָל ארעסטירן אומשולדיקע מענטשן. איר זייט גאָר אַן אומשולדיקער? — אָ, דאָס פארדריסט מיר זייער...

זובאַטאָוו האָט איצט געוואָלט זיך אַ שפּיל טאָן, זיך פאר־מעסטן, ווייזן אָט דעם דאָרן מענטשל מיט די בלויע אויגן אונ־טער ברילן מיט בלעכענע רעמלעך, ווער ער איז — ער, זובאַטאָוו.

— איר ווילט מען זאָל אייך אויספאָרשן. ביטע שיין, איך קאָן עס טאָן, ווי אומאַנגענעם דאָס איז נישט פאַר מיר. איך וויל, אַז איר זאָלט וויסן דאָס איך ווינטש אייער באַפרייונג פון גאַנצן האַרצן. איך בין נישט קיין זשאַנדאַר, נישט קיין אָכראַניק. עס גייט מיר אין דער אַרבעטער־זאַך נישט ווייניקער, ווי אייך, אויב נישט מער. עס גייט מיר אויך אין אונזער אַלעמענס רוסלאַנד, אין געפינען די ריכטיקע לייזונג פון די עקאָנאָמישע פראַגן...

— ס'איז אַביסל מאָדנע... — האָט וולאַדימיר געזאָגט — ביי אַזאַ טיש, ווי אָט דער, ביי וועלכן עס זיצט פון איין זייט דער שעף פון זיכערהייט און פון דער צווייטער זייט אַן אומשולדיקער אַרעסטאַנט, מיין איך, לעזט מען נישט קיין עקאָנאָמישע פראַגן. נישט אמת, אַז איר האָט מסכים געווען מיך אויסצופאָרשן? — אויב איך האָב נישט קיין טעות.

— ריכטיק... — האָט זובאַטאָוו געענטפערט, ווי איינער, וואָס האָט זיך אַראָפּגעשלאָגן פון וועג און מען האָט אים צוריק אַרויפגעפירט — איך וועל פּרובירן אייך שטעלן איניקע פראַגן. יאָ, איר הייסט לעווינסאָן?

— אַזוי הייס איך.

— און איר שטאַמט פון קאָוונע?

— דאָס אַלץ איז דאָך דאָ אין מיין דאָקומענט.

— עס שאַדט אָבער נישט איבערצופרעגן.

— יאָ, פון קאָוונע.

— איר זייט געווען אַ לערער?

— געגעבן „אוראָקן".

— אָבער ווי לאַנג איז שוין, אַז איר פאַרנעמט זיך מיט רעוואָלוציע?

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז איך פאַרנעם זיך גאָר מיט רעוואָלוציע?

איצט האָבן זיי זיך ביידע אָנגעקוקט. זובאַטאָוו האָט געשמייכלט מיט אַ גוט־ברודערישן, זעלבסט־זיכערן, צופרידענעם שמייכל, אונטער וועלכן עס איז באַהאַלטן אַ גאַנצע אָכראַנע,

וולאדימיר האָט געשמייכלט מיט א ביטולדיקן שמייכעלע פון א שוישפּילער, וואָס דאַרף אויסשפּילן אַ ראָל אויף אַ גרויסער סצענע און דער צושויער - זאָל איז זייער ווייט און זייער גרויס.

— פון וואַנען ווייסט איר?... — האָט ער איבערגעפרעגט און געשמייכלט — אז איך פאַרנעם זיך מיט רעוואָלוציע און נישט מיט „אוראָקן“?.. עס איז צו לאַכן...

— פון וואַנען איך ווייס?.. אַזוי?.. הער לעווינסאָן, הער לע־ווינסאָן... — האָט זובאַטאָוו געענטפערט און געשמייכלט פון גאַנצן האַרצן — איר פאַרנעמט זיך גאָרנישט מיט דעם?.. וווּנ־דערבאַר! אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד“, רעדאַק־טאָר פון „אַרבעטער־שטימע“, און ער פאַרנעמט זיך גאָרנישט מיט רעוואָלוציע. גלענצנד, מיין פריינט!.. פון וואַנען איך ווייס?.. — עס איז אייך, זע איך, טשעקאַווע געוואָר צו ווערן. ביטע שיין...

זובאַטאָוו האָט מעשה־טריומפאַטאָר אויפגעעפנט זיין „טאָג־בוך פון די אויסשפּירער“, געעפנט די „מאַפּע פון בונד“ און אָנגעהויבן לייענען טאָג נאָך טאָג, שעה נאָך שעה. אַ פּינקטלע־כער טאָג־בוך פון אַ קנאַפּן יאָר לעבן פון וולאַדימיר. וואָס ווייטער זובאַטאָוו האָט געלייענט איז זיין שטימע געוואָרן באַרימערישער, נצחונדיקער, ער האָט נאָר אָנגעוויזן:

— אָט וועגן די צוויי וואָכן אין פּרילינג, קיין ידיעות. דאָ זייט איר מיר פאַרשוווּנדן געוואָרן.

וולאַדימיר שווייגט. עס שטימט. דאַמאָלסט איז ער פאַר־שוווּנדן געוואָרן אין לאַבירינט פון ווילנער שול־הויף.

— דעם זעקסאונצוואַנציקסטן יולי — פאַרענדיקט זובאַ־טאָוו — זייט איר דריי בייטאָג געווען אויפן ווילנער וואָקזאַל, זעקס פאַרנאַכט זענט איר אַרויס פון דער בעלאָצערקאָווער געסל און אַריין אין אייער „טשיינע“, אַכט אין אָוונט האָט איר זיך גע־טראָפן מיט העניען, ניין אין אָוונט...

ער האָט איבערגעריסן, אַ קוק געטאָן מעשה־זיגער אויף וולאַ־דימירן:

— לייענען ווייטער?..

ער איז אָבער איבערראַשט געוואָרן, וואָס אָט דער דאַרער מענטש מיט די שוואַרצע האָר און בלויע אויגן אין בלעכענע ברילן־ראַמלעך קוקט אים אָן און שמייכלט אַליין.

— וואָס שמייכלט איר?

— ווייל דאָס זענען פּוסטע מעשיות. איך בין געווען דאָ, געווען דאָרטן. האָבן דאָרט סוואָלאָטשעס און עמי־הארצים נאָך מיר זיך נאָכגעשלעפּט און געקנאַקט טעלעגראַמעס. אָבער די מעשה איז דאָך אַזוי: מען האָט ביי מיר גאָרנישט געפונען און אומזיסט און אומניסט אַריינגעהאַקט אין דער שטינקענדיקער קוטשע...

— דאָס איז אמת, אייער עסק פירט איר ריין...

ביידע האָבן זיך איצט נאָכאַמאָל שאַרף אָנגעקוקט. פון געלן קאָפּ און געלע באַקן־בערד האָבן אַרויסגעקוקט צענטוויזנט זשאַנדאַרן, טויזנט טורמעס, גאַנץ סיביר. דראַגונער, קאָזאַקן, שפּיקעס, קאַצאַפּעס. פון שוואַרצן קאָפּ און בלויע אויגן האָט אַרויסגעקוקט די עקשנות פון דער רעוואָלוציע. די רעוואָלוציע, וואָס איז געבאָרן געוואָרן צווישן ווילנע און מאָסקווע...

— נו, מיר האָבן דערווייל געענדיקט — האָט זובאַטאָוו געזאָגט —.

— איך מיין אויך אַזוי... — האָט וולאַדימיר געענטפערט.

שוין האַרט פאַרן אַרויסגאַנג האָט זובאַטאָוו, וועלנדיק צוריק אָנבינדן אַ באַציונג, געזאָגט צו וולאַדימירן:

— אָט וועל איך אייך עפּעס ווייזן — ער האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר — צי דערקענט איר נישט אייער שיפר... איר זעט: 143־טע זייטל, פון דער צענטער שורה אַראָפּ... אמת, אַזוי איז ער?.. איר דערקענט אים?.. איר מיינט, אַז איך בין דער מינסקער זשאַנדאַרן־פּאָלקאָווניק מיטן גרויסן פּליך, אויף וועלכן מען קאָן אַרויפשטעלן אַ געהיימע דרוקעריי און ער זאָל אפילו פון דעם נישט וויסן?.. און אָט זעט איר די אַדרעסן — איר ווייסט גאָר־נישט פון זיי? דערמאָנט איר זיך דעם קאַסטן ליטעראַטור, וואָס

איז אוועק פון ווילנע און אָנגעקומען בשלום צום אדרעסאט. וועט איר גלויבן, אז דאָס האָט איר מיר צו פאַרדאַנקען. מיינע מענטשן האָבן אויפן מינסקער וואָקזאַל גענעפנט די קאַסטן, אַלץ געזען, און איך האָב געהייסן צוצושטעלן צו די אַדרעסאַטן, וואָס איר ווונדערט זיך?.. — איר וועט זיך נאָך מער וווּנדערן... און איצט וועל איך אייך ווייזן אַ זייער אינטערעסאַנטע זאַך, זי וועט אייך געווים גאָר פאַראינטערעסירן.

וואָלאַדימיר האָט אויסגעוואַרט מיט נייגיר און אומצוטרוי צו דער „אינטערעסאַנטער זאַך", וואָס ער האָט אים צו ווייזן.

— ווילט איר זען דעם צוועלפטן נומער „אַרבעטער - שטימע"? — ער איז דערשינען...

וואָלאַדימירן האָט אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ. ער האָט זיך אָבער נישט אַרויסגעגעבן. ער איז אויסערלעך געבליבן רואיק, כּמעט גלייכגילטיק. זובאַטאָוו האָט אַרויסגענומען פון איינעם פון די שופלאָדן דעם צוועלפטן נומער „אַרבעטער־שטימע" און אים דערלאַנגט:

— טוט אַ קוק...

און ער האָט שאַרף אַריינגעקוקט וואָלאַדימירן אין פּנים. ער האָט געקאָנט באַמערקן בלויז אַ שאַרפן גלאַנץ אין די בלויע אויגן אונטער די ברילן־גלעזלעך — מער גאָרנישט.

עס איז שווער צו געפינען עפּעס גלייכס צו דער פרייד, וועלכע איז אומגעלאָפן איבערן בלוט און ביינער פון וואָלאַדימירן, ווען ער איז אַראָפּ פון די טרעפּלעך פון דער מאָסקווער אָכראַנע. עס איז איצט אַזוי לייכט געווען אוועקצופאָרן אויף דעם טורמע־וואָגן, עס איז אַזוי גרינג געווען אַריינצוקומען אין טורמע־קאַמער, דער גאַנצער וועזן איז געווען אויסגעפּילט מיט אַזאַ גוואַלטיק־וויכטיקער זאַך. מ'האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער וואַנט און אויסגעקלאַפּט צו יענעם פון דער צווייטער זייט:

— עס איז דערשינען דער צוועלפטער נומער...

נײַנטעס קאַפּיטל

# פון דעם קאָרן וועט קיין ברויט נישט זיין

— וואָס האָט איר געטאָן אין בריאַנסק?

— צוגאַסט בײַ מיין שוועסטער.

— זייט איר זיך נישט מודה אין אָנגעהעריקייט צום צענ־טראַל־קאָמיטעט פון בונד?

— קיין אָנונג.

— וואָס וועט איר זאָגן, ווען מיר וועלן אייך געבוי שילדערן אייער טעטיקייט אין פאַרלויף פון לעצטן יאָר?

— וועט איר זיין שטערנזעער.

— אייער נאָמען איז אהרן יאָסעלעוויטש קרעמער? — דאָס שטימט? — זייט איר דעם צענטן מאַי געווען אין ווילנע, טראָקער גאַס... אין חודש יוני זייט איר געווען אין לאָדזש. אין חודש יולי — אין מינסק, דאָרט האָט איר זיך געטראָפן 9 פרי אין טשיינע מיט וולאַדימירן. צו אייך איז געקומען פון ביאַליסטאָק... וואָס, אייך לייענען ווייטער?..

— איך הער עס, ווי אַ מעשהלע, און נישט קיין אינטע־רעסאַנטע.

— אַ מעשהלע? — האָט איבערגעחזרט דער אויספאָרשער— טרייבט נישט קיין קאַטאָוועס! אייער אַרעסט אויף אַזאַ אופן קאָן זיך אויך ציען, ווי אַ מעשהלע.

דאָס איז פאָרגעקומען אויפן דריטן חודש זייט אַלעקסאַנדער איז אַרעסטירט געוואָרן. דאָס איז געווען די ערשטע אויספאָרשונג אין אָנוועזנהייט פון געהילף־פּראָקוראָר.

די אויספאָרשונג האָט גאָרנישט געגעבן און מען האָט אים צוריק אָפּגעפירט אין מאָסקווער תּפיסה.

זענען אַוועק לאַנגע שווערע חדשים. ווי מען וואָלט אָן אים פאַרגעסן. פון דער פריי האָט מען אויך גאָרנישט געהערט. פּעטער־בורג און מינסק האָבן גאָרנישט געלאָזט וויסן. איבערגעלאָזן, דוכט זיך, אָנגעלאָדענע שטעט, און — מען הערט גאָרנישט. און

וואָס וועט ארויסקומען פון לאַנגן זיצן? — עס דאַרף דאָך נעמען א סוף — אהער, אָדער אהין. זאָל זיין סיביר, זאָל זיין טורמע, אָבער עפּעס מוז דאָך באַשטימט ווערן. עס איז דאָך נישט הפקר א וועלט!..

בלייבט נאָר צו רעדן דורך קלעפּ אין די ווענט. פון רעדן צו דער וואנט ווערט מען נישט קליגער און מען טוט מיט דעם אויך גאָרנישט אויף.

— אהרן יאַסעלעוויטש קרעמער, איר וועט מוחל זיין גיין...

אזוי האָט צו אים געזאָגט דער שליסער אויפן עלפטן חודש. מען רופט אים צו דער אויספאָרשונג.

אין גרויסן קאַבינעט פון אויספאָרשער איז געשטאַנען א גרויסער קאַנצעלאַריע־טיש, און אויפן טיש איז געלעגן א קליין אָפּגעריבן קוויטעלע. אַלעקסאַנדער האָט געוואָרפן א קוק אויפן קוויטעלע און אים דערקענט.

— לאָמיר צוטרעטן גלייך צום ענין... — האָט געזאָגט דער אויספאָרשער — און נישט מאַכן קיין שהיות. נישט אמת?

— אויב פון דער ערשטער אויספאָרשונג ביז דער צווייטער— האָט אַלעקסאַנדער געזאָגט — זענען אַוועק נישט מער, ווי א וועלכע אַכט חדשים, הייסט עס טאַקע „גלייך צום ענין. און נישט מאַכן קיין שהיות"...

— וואָס געווען, איז געווען... — האָט געזאָגט דער אויספאָרשער — לאָמיר צוטרעטן אָט צו דעם קוויטעלע. איר דערקענט עס? — גערענקט איר, אז מיר האָבן עס ביי אייך געפונען ביים אַרעסט?

עס זענען שוין אַוועק עלף חדשים, הער ריכטער, אוי עס איז באמת שווער צו גערענקען אַלע קלייניקייטן.

— רעכט. אזוי איז עס. דאָס קוויטעלע איז אייערס, אזוי איז פארפראַטאָקאָלירט. און מיר האָבן דאָס צעטעלע פאַנאַנדערגעשיפרירט. דאָ זענען פארשריבן דריי אדרעסן. און אָט וועלכע. וואָס האָט איר וועגן דעם צו זאָגן?

— וואָס איז דאָ צו זאָגן וועגן אדרעסן? גאָרנישט.

— פאַרוואָס־זשע האָט איר אָבער אָט דעם גאָרנישט פאַר־

שריבן מיט א שיפר? פארוום האָט איך נישט געטויגט די פשוטע רוסישע שפראך?..

— עס איז דאָך אזוי איינפאך. יעדער איינער שרייבט, ווי אזוי אים איז באקוועמער. פאראן אזעלכע פארשוינען, וואָס האָבן לחלוטין פיינט די מלאכה פון שרייבן.

— די אדרעסאטן זענען אָבער ארעסטירט. מען האָט ביי זיי געפונען אזעלכע באווייזן.

— עס קאָן זיין, אז מען זאָל האָבן ביי זיי עפּעס געפונען. מען קאָן קיינמאָל נישט וויסן אפילו וואָס דיין נאָענטסטער מענטש טוט, און אוודאי וואָס עס טוען באקאנטע מענטשן. איך באדויער עס באמת פון גאנצן הארצן.

— מער האָט איר גאָרנישט צו זאָגן?

— ליידער ווייס איך זייער ווייניק וועגן אנדערע.

— מער האָב איך נישט וואָס צו פרעגן. דער קאָנאָוואָי וועט אייך אָפּפירן צוריק אין טורמע.

— ביז א דריטע אויספאָרשונג אין צען חדשים ארום?

— דאָס וועט מען זען.

פאָרן אין דער טורמע־קארעטקע איבער מאָסקווע איז אויך עפּעס ווערט. רוסלאנד לעבט. און משמעות וועט מען נאָך אמאָל זיין אויף די גאסן. און עס וועט נאָך עפּעס זיין. אוז עס וועט נאָך געשען.

דריי חדשים אין טורמע זענען אזוי ווי דריי יאָר. און נאָך מער. מען הערט מער גאָרנישט — נישט מען פרעגט, נישט מען מעלדעט, נישט מען רופט, נישט מען משפּט. זובאַטאָוו דערציט אזוי זיינע ארעסטירטע. עמעצער וועט זיך איינברעכן. עס וועט זיך עפענען א גנביש טירל צום דאזיקן מענטש און ער, זובאַטאָוו, וועט אהין ארייננקומען אויף שפּיץ פינגער. אזוי מיט א צווייטן, מיט א דריטן. כאטקאָ ברענגט ידיעות פון טורמע ארוים, ער האָט שוין געוואָרפן אַן אויג אויף איינעם, אויף נאָך איינעם. נישקשה. עס וועט ארויסקומען. נאָר נישט געאיילט. רוסלאנד האָט צייט.

— שטילער פאָרן, שנעלער קומען...

אחרן יאסעלעוויטש קרעמער האט פארלאנגט פון טורמע־קאנצעלאריע א בויגן פאפיר. ער וויל שרייבן א „פראשעניע”. ער האט געזאגט דעם טורמע־נאטשאלניק, אז ער האט צו מודיע זיין דעם פראקוראר א וויכטיקן ענין. א זייער וויכטיקן.

זיין „פאפיר” האט גלייך געווירקט. מען האט אים אבער אפגעפירט נישט צום פראקוראר נאר צו דער אכראנע. אזוי האט געוואלט זובאטאוו. אינעווייניק, אין זובאטאוון, איז אומגעגאנגען א קאלטע פרייד, א ציטערנדיקע דערוואַרטונג. זאלבעדריט האבן זיי אויפגענומען קרעמערן — דער געהילף־פראקוראר, דער אויספארשונגס־ריכטער און זובאטאוו.

— אט דאס איז אלעקסאנדער... — האט זובאטאוו אין זיך געזאגט, קוקנדיק אויף אים פון דער ווייט.

ער האט זיך נישט אריינגעמישט אין אויספרעגן, ער האט נאר געווארט, וואס וועט מעלדן אט דער נידעריקער מענטש מיטן ברייטן פנים און שווארצן קאפ. דאס איז ער, הייסט עס, דער אלעקסאנדער, — דער בונד...

אין זיין „מאפע”, אין אלע זיינע באריכטן, פיגורירט דער דאזיקער מענטש. ער האט זיך אים פארגעשטעלט פאר א העכערן.

— אפשר בלייבן מיט אים אוינ אויג אויף אויג? פרובירן? —

עס איז אן ארויסגעווארפענע ארבעט. עס וועט גארנישט ארויסקומען.

— מ'דארף נישט בלייבן א נאר...

זאל ער אים דאך אפשר פארשטעלן דעם גאנצן פלאן: אויסבעסערן די עקאנאמישע לאגע נישט מישן זיך אין פאליטיק, שאפן לעגאלע ארגאניזאציעס?

ניין. עס וועט גארנישט ארויסקומען. דער מענטש איז פארהאנגען מיט א פארהאנג.

יענע זענען צוגעטרעטן צום ענין:

— וואס זענט איר, הער קרעמער, אויסן געוועזן מיט אייער ווענדונג?

דער געהילף־פראקוראר האט זיך געשפילט אויפן טיש מיט זיינע אייגענע פינגער.

זובאטאָוו האָט פון דער זייט צוגעשפּיצט זיינע אויגן. קרע־מער האָט זיך פריי ארומגעקוקט און רואיק אָפּגעציילט זיינע ווערטער:

— איך וויל ביי אייך פרעגן: ווי לאַנג נאָך וועט מען אונז אלע, די ארעסטירטע איז יולי פון פארגאַנגענעם יאָר, האַלטן איי אומ־באוווסטקייט?

— כל־זמן עס וועט נויטיק זיין... — האָט דער הילף־פּראָ־קוראָר געענטפערט אַן אנטוישטער און דערצאָרנטער.

געלאסן, אָבער זייער פעסט, האָט קרעמער ווידער געזאָגט:

— דאָס ווירקט שרעקלעך אויפן געזונט פון די אומשולדיק־ארעסטירטע.

— אונז אינטערעסירט דער ענין און נישט די פּערזאָנען. רוסלאַנד האָט הונדערט דרייסיק מיליאָן מענטשן.

— אויב די אויספאָרשונג וועט זיך ציען אין אַזא טעמפּ — האָט קרעמער ווייטער געזאָגט — וועט זי דאָך שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט.

דער געהילף־פּראָקוראָר איז ארויס פון די כלים:

— ניכער פאַר דער אויספאָרשונג וועט איר אַלע אויס־שטאַרבן.

— איך מיין... — האָט קרעמער אוועקגעלייגט אויפן טיש זיינע ווערטער — אַז דאָס ווינטשט איר פריוואַט און נישט אָפיציעל. האַלט איר אונז אין טורמע בלויז כדי צו פייניקן?

דער געהילף־פּראָקוראָר האָט אריינגעוואָרפן אַ שטיין אין ברונעם:

— דאָס איז אונזער זאַך...

— אָנטשולדיקט אַנטשולדיקט... — האָט קרעמער ווידער ארויסגעלייגט זיינע ווערטער — דאָס איז שוין דווקא אין דער ערשטער רייע אונזער זאַך. מיר און נישט איר, ווערן דאָך גע־פייניקט אין אַ פאַרוואָס און פאַר ווען, קעגן געזעץ, קעגן די פּאַר־שריפטן. מען האָט אונז אריינגעשפּאַרט אין די קאַמערן...

איצט האָט זיך זובאַטאָוו מער נישט איינגעהאַלטן און אריינ־געוואָרפן אַ פריינטלעכערן וואָרט:

— גוט, אָבער וואָס־זשע פאַרלאַנגט איר קאָנקרעט?

קרעמער האָט אומגעקערט זיין פּנים צו אים:

— מיט וועמען האָב איך די ערע?..

— זובאַטאָוו...

— געהערט... געהערט אַזאַ נאָמען, געלייענט אין די ציי־טונגען... האָט קרעמער זיך פאַריכט — איר פרעגט, וואָס קאָנ־קרעט. מיר פאַרלאַנגען — אַרויסלאָזן אונז פון טורמע אויף קויציע. אויב די אויספאָרשונג איז פאַרענדיקט, קאָנט איר עס שוין באַשטימען. אַזוי מיין איך, אויב איך האָב נישט קיין [illegible]

— אפשר... — האָט זובאַטאָוו ווייך גערעדט — איר וועט אַזוי גוט זיין אָנשרייבן וועגן דעם אַ ביטע.

ער האָט זיך באַמיט צו רעדן מיט אַ באַרואיקנדיקן קול.

— און איר וועט זי אָפּוואַרפן. — האָט קרעמער צוגעוואָרפן די פּאָר ווערטער, ווי שטיינער.

— דאָס איז שוין נישט פון מיר אָפּהענגיק, אָבער מען קאָן זיך באַמיען.

— און נאָכדעם וועט איר מאַכן פּליטה. — האָט דער אויס־פאָרשונגס־ריכטער „אוועקגעשטעלט זיין סאַמאָוואַר".

קרעמער האָט זיך ראַש אויפגעהויבן פון זיין אָרט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין רוים פון גרויסן צימער, געקוקט אויף די דריי הערן אַרום אים, וואָס טאַפּן אים אַרום מיט די אויגן, ווילן אַריינדרינגען אין אים אינעווייניק. אָט־וואָס וועט ער אַרויסוואַרפן פון מויל אַ שטאַרק וואָרט, וואָס זאָל זיין ווי אַ דערלייכטערונג.

— איך וואָלט בעטן פּאַפּיר... — האָט ער געזאָגט — איר וועט מיר דערלויבן אָנוואַרפן אויפן פּאַפּיר מיין אָנקלאַגע.

— ביטע... — האָט דער אויספאָרשונגס־ריכטער צו אים געזאָגט און אים דערלאַנגט אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר.

די צוויי הערן, דער געהילף־פּראָקוראָר און דער אויספאָר־שונגס־ריכטער, האָבן דאָ, הייסט עס, מער נישט וואָס צו טאָן. זיי זענען אַנטוישט. זיי האָבן געמיינט, אַז עס וועט זיין אינטע־רעסאַנט. מען וועט זיי שוין צווויסן טאָן, וואָס דאָס ייִדל וועט אָנשרייבן אויפן פּאַפּיר. זיי וועלן דאָ לאָזן זובאַטאָוון אַליין.

— צום ווידערזען...

— צום ווידערזען...

זיי האָבן זיך געזעגנט מיט זובאַטאָוו, צוגעוווּנקען מיט די אויגן אויפן חשבון פון קרעמערן, ער האָט גאָרנישט באַמערקט, ווי זיי זענען אַוועק. ער האָט געשריבן זיין אָנקלאַגע.

ער האָט זי לאַנג געשריבן און מיט אַ קלאָרן כּתב. ער האָט אויפן פּאַפּיר אַרויפגעבראַכט אַלע פּאַקטן און פּייניקונגען אין טורמע, פון איזדיעקעווען זיך איבער די אַרעסטירטע. ער האָט אַפילו אַריינגעשטעלט די תּשובה פון געהילף־פּראָקוראָר: „גיכער וועט איר שטאַרבן".

שרייבנדיק האָט קרעמער פאַרגעסן, אַז ער איז אַן אַרעס־טאַנט, אַז באַלד וועט מען אים צוריק אָפּפירן אין טורמע־קאַמער. ער איז געווען פאַרטאָן אין זיין אָנקלאַגע, ער האָט דאָ מיטן פּע־דער אין האַנט מלחמה געהאַלטן, געקעמפּט, ער האָט געקרימט מיט זיין געזיכט, געביסן די אונטערשטע ליפּ, צומאָל אַ שמייכל געטאָן צו זיך אַליין: „גיכער וועט איר שטאַרבן"... נו, לאָמיר טאַקע זען.

זובאַטאָוו איז געזעסן אָן אַ זייט און אַריינגעקוקט אין אַ בוך. עטלעכע מאָל האָט ער זיך געשושקעט מיט זיך אַליין: — צי זאָל ער פּרווון? אפשר?.. אָט זענען זיי ביידע, צווישן זיך. אפשר זאָל ער אָנהויבן פון אַזאַ זייטיקן געשפּרעך? —

— אַנטשולדיקט, הער קרעמער, — האָט זיך זובאַטאָוו צו אים געווענדעט — אַנטשולדיקט, וואָס איך שטער אייך אין שרייבן. איך וויל אייך פרעגן אַ זאַך, וואָס קימערט מיך זייער.

— למשל?..

— צי מיינט איר טאַקע, אַז רוסלאַנד מוז דורכמאַכן מיט אַלע פּיטשעווקעס, אַלץ, וואָס מערב־אייראָפּע מאַכט דורך?

— וואָס זאָל עס הייסן?..

— איך מיין דעם גאַנצן פּאַרלאַמענטאַריזם...

— איר וועט מיר דערלויבן צו פאַרענדיקן... — האָט קרע־מער געענטפערט און צו זיך אַ ברום געטאָן:

— זשאַנדאַרמסקע שטיקלעך... —

ער האט אראפגעלאזט דעם קאפ צו זיין פאפיר. ער האט דער־שריבן די לעצטע שורות, ארייננעשטעלט א דורכגעלאזענעם אפ־שטעל־צייכן, זיך אונטערגעשריבן:

„אהרן יאסעלעוויטש קרעמער. באשולדיקטער לויטן ארטיקל 318. מאסקווער טורמע"

ער האט אוועקגעלייגט די פעדער, א קוק געטאן אויף זובא־טאווס זייט און איצט אריינגעטראפן אין געלבלעכן זשאנדאר:

— הער זובאטאוו, לאמיר פריער דערלייזדיקן דעם ענין פון די פייניקונגען אין טורמע און נאכדעם וועלן מיר שמועסן וועגן מערב־אייראפע...

זובאטאוו האט נאך נישט באוויזן עפעס וואס צו זאגן און קרעמער האט זיך אויפגעהויבן פון זיין ארט:

— איצט קאנט איר מיך צוריק אפפירן אין טורמע...

זובאטאוו האט זיך גלייך נישט אויפגעהויבן. ער האט אנגע־קוקט אט דעם נידעריקן, שווארצן, ווילנער יידן, זיך א רגע א ישוב געטאן און אין זיך, אינעווייניק א מאך געטאן מיט דער האנט:

— ס'לוינט נישט. פון דעם קארן וועט קיין מעל נישט זיין.

ער האט געקלונגען אין גלעקל:

— אפפירן אין טורמע.

צענטעס קאפיטל

## די שרפה א, וואלד

ווי עס ברענט א וואלד אין הייסן, סמאליקן זומער־טאג.

עס ברענען קשאקעס, צווייגן, גאנצע שטאמען. עס רעדט דאס פייער אין אלטן וואלד. כשוף־פייער, וואס קומט פון זון. עס קנוילט זיך דער רויך, די סכך־נאדלען שושקען זיך אין פייער, עס שלאגן ארויס פלאמען, און עס ברענט ערד. עס בלאזט אונטער דער ווינט און די זון שיקט צו פייער.

אזוי האָט געבּרענט דער אַלטער וואַלד אין דער צפון־מערב־געגנט. אזוי האָט זיך געצויגן די „שרפה" אויפן שטח פון דער ווילִיע, פון בוג, דערגאַנגען צום נאַרעוו, צו דער ווייסל.

זובּאַטאָוו איז געווען זייער אומרואיק.

* * *

אין מעזריטש איז געווען דאָס גרויסע געשלעג אין בית־מדרש. זי איז אויסגעבּראָכן, ווען דער מגיד האָט געזאָגט. דאָס איז געשען דריי טאָג נאָכדעם, ווי מען האָט אהרן־יידלען אַרעסטירט לויט דער מסירה פון משה'ל חזירניק

משהל חזירניק איז געווען א גביר, א פּרומאַק און א חזיר. א פאַבריקאַנט פון חזיר־האָר. אהרן־יידל איז געווען א פּשוטער בּערשטער ביי משהלען אין פאַבּריק. מערנישט אין יענעם שבּת־צונאַכטס איז פאָרגעקומען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געווירקט, ווי שוועבל אין א פאַס פּולווער. מעזריטש האָט אויפגעריסן.

מחמת שבת איז דאָך שבת און מען טאָר נישט אַרבּעטן, האָט מען אין די מעזריטשער פאַבּריקן געוויינלעך אַריינגעאַרבּעט די שבּת־צונאַכטן בּיז א זייגער צוועלף. די שעהן פון וויטערדיקן שבּת־צונאַכטס ציען זיך אין פאַבּריק ווי פון פעך אַרוים. דערצו נאָך מוז מען אַרבּעטן אויף משהל חזירניקס זייגער, וואָס הענגט בּיי אים אין דער סאַליע. א מאָדנער זייגער איז דאָס געווען אָט דער, וואָס בּיים פאַבּריקאַנט אין סאַליע. ער פלעגט רק אָפּטאָן קונצן: — אָט איז ער האַלבּ צוועלף און בּאַלד צוריק — א פערטל צוועלף. אָט דוכט זיך, איז ער דריי פערטל אויף צוועלף, מען אַר־בּעט אָפּ אַפּערטל שעה מיט א הכרעה — זאָל ער דאָרט, משהל חזרניק, האָבּן נאָך א צען מינוט פּראַצע, מען גיט א קוק אויפן זיי־גערל, ערשט עס פעלן נאָך צען מינוט.

— אז עס בּרענט אייך אונטער די פיס, אז געלט ווילט איר נעמען בּעגאַזלאָוואַיע — קרעכצעט משהל חזירניק — דוכט זיך אייך אַלץ, אז מען דאַרף שוין דאַווענען שחרית...

אהרן־יידל דער בּערשטער איז אָט דעם שבּת־צונאַכטס טאַקע געשטאַנען, ווי אויף שפּילקעס. זיין ווייבּ איז געלעגן דעם צווייטן טאָג מיטן ערשטלינג, האָט ער נישט געקאָנט איינשטיין אין

פאבריק. עס איז שוין האלבע נאכט, דאס שפירט מען דאך לויט דער ארבעט, און דער זייגערל וויל נישט קריכן צו צוועלף:

— כאטש גיב אים איין א גוטע קרענק...

רק ער מאכט קונצן. ער גייט גאר „עלינו לשבח״ — הינטער זיך, און שפייט אוים אויף פארנט.

עס מוז שוין זיין האלב איינס. עס קאן נישט זיין ווייניקער. אהרן־יידל וועט אויף טשעקאוועס אליין כאפן א קוק אין סאליע. ער טוט שטיל אן עפן די טיר און בלייבט שטיין א פארגאפטער. נישט זיינע אויגן זענען געבליבן הענגען פארגאפטע, נאר ער איינגאנצן צוזאמען מיט זיינע פארקאשערטע ארבל אויף די פארשווארצטע הענט:

משהל חזירניק שטייט אין זיין שלאף־ראק אויף א שטול ביי דעם וואנט־זייגער און דרייט דעם ווייזער אויף צוריק. ער איז אזוי פארטיפט אין דער מלאכה, אז ער זעט גארנישט אהרן־יידלען.

— ר׳ משהלע גוט נ׳אוונט, הלמאי שלאפט איר נישט...

— א...? א?... איך וואלט וועלן זען, וויפל ס׳איז דער זייגער... וויפל ס׳איז צו חצות... די ראיה איז מיר, פאר קיין יידן געדאכט, איינגאנצן קאליע געווארן, אבער איינגאנצן...

— דעריבער גייט עס דער זייגער הינטערווייל׳עכטס... — האט א חוזק געטאן אהרן־יידל — א הינטישער זון קאן — און מען האט נישט געוווסט, צי ער מיינט דעם זייגער, צי משהל חזירניק— אויב ער האט נישט קיין כוח אליין צו גיין, וועל איך אים שוין א לערן טאן גיין..

און ער האט, פון כעס, אויפן שטעל אריינגעהאקט דעם בערשטער־אייזן אין סאמע זייגער אריין. א שטיקל גלאז איז אפגעשפרונגען און אראפ געטאן משהל חזירניק אין שטערן.

— געוואלד!... — האט ער זיך צעשריען — געוואלד א ראזבאיניק!... אן אשוסט!... געוואלד!.. ער שטעכט מיר מיט א מעסער!... ראטעוועט!...

די בערשטער זענען אנגעלאפן. אלע בערשטער־טישן זענען ליידיק־געווארן. אלע האבן אריינגעשאטן אין סאליע אריין און נאך באוויזן צו זען ר׳ משהלען אין שלאפראק אויפן שטול. דער־

ווייל האָט ער צוזאמען מיט דער חרפה, אויך דערשפירט א רינגעלע בלוט אויפן פנים, איז ער אריין איז א גוואלדיקער רציחה און געשריען:

— אין סיביר וועל איך אים פארשיקן!... אין קייטן וועט ער ביי מיר גיין!... וואס אן ארעסטאנט קאָן!...

ער האָט מער נישט געוווסט, וואָס צו טאָן, האָט ער געטאָן א פאָל צו צום פענסטער, אים אויפגעפראלט און געשריען אין געסל אריין:

— פּאָליציע!... ראטעוועט!... ראטויטשע!...

אהרן-יידל איז די נאכט נישט אוועק אהיים, נאָר דער אוריאד-ניק האָט אים אָפּגעפירט אין קאָזע.

איז שטאָט אוועק כאַדאָראָם! סטייטש און סטייטש!.. און וווּ איז דאָס געהערט געוואָרן אזוינס!... און ווי קאָן מען שווייגן— ווי רייסט מען אָפּ א טאטן פון א קימפעטאָרן מיט א דריי-טאָגיק קינד!...

אלע בערשטער וועלן מאכן יד - אחת. מ׳וועט שטרייקן!... מעזריטש וועט שוין א קוק טאָן! — מען וועט זיך נעמען צו זיי. איינס ביי איינס: לאָזט ארויס אהרן-יידלען פון קאָזע!...

דע צווייטן שבת האָט ר׳ געצל דער מגיד געזאָגט אין גרויסן בית-מדרש טאקע וועגן דעם ענין. ער האָט געהייסן תשובה טאָן. נזלנים גייען דאָך ארום איבער דער שטאָט, מען קוילט דאָך שוין מענטשן מיט מעסערס. שיער — שיער — אזא יידן, אזא גביר. עס האָט דאָך געפעלט טאקע א האָר. און גאָט, מיינט איר, וועט שווייגן? — און פּאָליציע איז גאָרנישט? — וואָרום דער רוצח האָט דאָך געוואָלט מיטן מעסער אומברענגען א יידן א ירא-שמים!...

מער האָט דער מגיד נישט גערעדט. דער בית-מדרש האָט זיך געשטעלט „דיבאָם״;

— מגיד, עס איז א ליגן!...

— א בילבל!...

— שווייגט, לאָבוסעס!

— האַלט ס'מויל מוסרים, בלוט־זויגערס!..

לייזער דער גרויסער מיטן שוואַרצן בערדל פאַרויס, האָט זיך אַ לאָז געטון צום באַלעמער, ער איז צוגעלאָפן צום באַלעמער און אַ געשריי געטאָן ביים ארון־קודש אויפן גאַנצן עולם, אַז דער גאַנצער עולם האָט גוט געהערט:

— מגיד, איר זייט אַ טאַבעס־לעקער!...

סטייטש!...וואָס האָט ער געזאָגט דער גראָבער יונג! — עס איז דאָך אַזאַ חלול השם, וואָס עס איז נישט געהערט געוואָרן.

— לאַבוסעס!... דרך־ארץ!...

— מירן אייך שוין ווייזן דרך־ארץ!...

— לאָזט ארויס פון טורמע אַ טאַטן פון אַ קליין קינד!...

— מ'עט אייך אַלע פאַרשיקן!...

— פריער אייך אין דר'ערד אַריין!...

— יונגאַטשעס, האַלט ס'מויל!.. מירן אייך... .

— מירן אייך די הענט קירצער מאַכן...

עמעץ איז שוין עמיצן אַריינגעפאַרן אין באָרד אַריין. עס פליען פעטש, סטוסאַקעס. דער עולם וויגט זיך פון צייט צו צייט, אויפן סאַמע מיטן האָט זיך צונויפגעקליבן אַ קאַפּאָטעס־קנויל.

מען שפרינגט אויף די בענק, עס פליט אַ שטענדער. נאָך איינער. ווייבער שרייען פון ווייבער־שול. דאָס געשלעג גייט און מען ווייסט שוין נישט ווער־וועמען דערלאַנגט. די באַלעגאַלעס זענען אין סאַמע מיטן. די בערשטער האַקן מיט די דאַרע הענט. משהל חזירניק שרייט צו זיין באַלעגאַלע:

— בעריש, וואָס שטייסטו, בעריש!...

אין דער רגע איז עמעצער אַריינגעפאַרן סאַמע ר' משהלען אין די ציין אַריין. פון מויל האָט אַרויסגעזעצט בלוט. ער האָט געשריען מיט אַ זייער הייזעריקער שטימע:

— ראַטעוועט!... געוואַלד!..

שוין. דער פּריסטאַוו איז שוין דאָ. אָבער דער בית־מדרש שלאָגט זיך נאָך. דער פּריסטאַוו איז אַרויף אויפן בימה און געמאַן אַ צי אַרויס די שווערד:

— אָסאַדי נאַזאַד!... שטיל זאָל זיין!...

און ער האָט זיך געלאָזט מיטן שווערד צווישן עולם. ער גייט גלייך צו די בערשטער. יהודה דער הויכער האָט געהאט א צעבלוטיקטן פּנים. ער איז געווען העכער פון אלע און זיין פּנים האָבן אלע געזען. איז דעריבער פּלוצים שטיל געוואָרן, אזוי ווי עס וואָלט אלץ אָפּגעשניטן געוואָרן מיט א מעסער.

— זעט נאָר יהודה!...

— זע נאָר ס'בלוט!...

אז אין בית־מדרש איז שטיל געוואָרן, איז פון דעם נאָך גרע־סער געוואָרן יהודהס בלוט־פּנים, עס האָט אויסגעזען, ווי פון די אויגן וואָלט זיך אים אויך געגאָסן בלוט.

צו אים גראָדע האָט זיך א לאָז געטאָן דער פּריסטאַוו מיטן שווערד. די גבאים האָבן אָנגעוויזן:

— און לייזערן!...

— און קעלבאסן...

האָט נאָך באוויזן דער שווארצער מרדכי זיך ארויפצוכאפּן אויפן באלעמער און א געשריי געטאָן:

— זאָל קיינער נישט גיין צו דער ארבעט. שטרייקן!...

אין דעם שבת־צונאכטס איז טאקע נישט געגאנגען קיין בער־שטער צו דער ארבעט. גאַנץ מעזריטש האָט געשטרייקט. עס האָט זיך אָנגעהויבן.

אין האַמעל ווידער האָבן פארשטרייקט די סטאָלארעס. זיי ווילן מען זאָל צאָלן פיר, פינף און זעקס רובל א וואָך. היינט — ארבעטן ווילן זיי נאָר צוועלף שעה.

אין איין מעבל־פאבריק האָבן די ארבעטער נישט געוואָלט פארשטרייקן. זענען געקומען די שטרייקנדיקע אראָפּצונעמען פון דער ארבעט די ארבעטער פון דער דאָזיקער מעבל־פאבריק. די ארבעטער האָבן מורא געהאט זיך צו רירן. דער באלעבאָס האָט געזאָגט, אז ער וועט מער קיינעם פון זיי נישט ארויפלאָזן אויף דער שוועל. דערווייל האָט דער באלעבאָס ארויסגערופן פּאָליציי. דאָס געזעמל איז געוואָרן גרויס. די ארבעטער האָבן גענומען ארייננטענהן

— אז מיר האָבן „פראווע" צו פארדינען נאָך אַ רובל אַ וואָך...

— צעגייט זיך!... מארש!... — האָט פּאָליציי געשריען — אויב נישט וועלן מיר שיסן!...

— וואָסערע „פראווע" האָט איר צו שיסן!.. האָט געשריען אַ סטאָליער מיט אַ געלן קאָפּ. — און אויב איר ווילט טאָ שיסט!... אונזער זאַך איז אַ „פראוועלנע"!...

עס האָט אריינגעצויגן דעם עולם אין אמביציע: זאָלן זיי די הינט, שיסן. אַ נישט וויסט מען נישט, אז דער הונט לאַנדוי האָט זיי אונטערגעקויפט? —

אז מען איז זיך נישט פאנאנדערגעגאַנגען, האָט פּאָליציי טאַקע געשאָסן און אויפן אָרט אוועקגעלייגט דעם געלן סטאָליער מיט דער קוטשמע רויטע האָר.

האָמעל האָט עס נאָך נישט געזען. פּאָליציי האָט זיך אליין דערשראָקן פאר דעם, וואָס זי האָט אָפּגעטאָן. דער ערשטער טויט האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה. דער עולם האָט אָנגעהויבן לויפן, אָבער נישט אַלע. אַ גרופּע ארבעטער האָט אַ כאַפּ געטאָן לייב דעם געלן, שוין אַ טויטן, און מיט אים אויף די הענט געלאָפן איבער די פאבריקן:

— הברים ארבעטער!...

און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער:

— זעט אונזער טויטן ברודער!...

עס האָט אונטערגעצונדן האָמעל. טויזנט ארבעטער זענען ארויס אויף דער גאַס. עמעצער האָט ארויפגעהויבן אַ פאָן, און טאַקע אַ רויטע:

— נידער מיט דער פּאָליציי!...

— מיט דער זשאַנדאַרמעריע!...

— מיט די פאבריקאַנטן, די בלוט־זויגער מיט די גראָבע בייכער!...

די שטאָט איז אוועק מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף. עס האָט נאָך געפעלט מען זאָל קלינגען אויף אַ שרפה.

דריי הונדערט און פופציק ארבעטער האָבן געפייערט דעם

ערשטן מאי אין פינסק. מען האט זיך געזאמלט הינטער דער שטאט, נישט ווייט פון טייך, אויף א גרינער אפענער לאנקע. עס איז געווען דארט אויף דער לאנקע אזא פרייד, אז פרעמדע מענטשן האבן זיך געקושט איינער מיטן צווייטן. עס האבן זיך געקושט שוועבל־ארבע־טער מיטן שוסטער, אזעלכע מענטשן, וואס האבן נאך בכלל אין זייער לעבן זיך נישט געקושט, ווייל קושן זיך איז א גבירישע זאך. ארעמע מענטשן קושן זיך נישט, סיידן ביי גויים, ווען זיי טרינקען זיך אן.

מען האט זיך אויסגעשטעלט אין א קרייז. אין מיטן קרייז האט מען פארנאנדערגעוויקלט א רויטן פאן, אויף וועלכער עס איז געווען אויפגעשריבן מיט גרויסע אותיות אויף רוסיש:

— פאליטישע פרייהייט.

און אויף יידיש:

— 8 שעהדיקער ארבעטסטאג.

— קעמפן ביזן לעצטן טראפן בלוט! — האט אויסגערופן דער הויכער און דארער אומבאקאנטער רעדנער: און איבער אלע־מענס ביינער איז דורך א גערודער: „ביזן לעצטן טראפן בלוט!"— און זאלן זיי דארט וויסן די בלוט זויגער אין דער שוועבל־פאבריק, און זאלן זיי דארט וויסן די האלץ־סוחרים ביי די פליטן. און די שניידער־באלעבאטים מעגן אויך וויסן. און אוודאי די פאבריקאנטן פון דער מעבל־פאבריק:

— „קעמפן ביזן לעצטן טראפן בלוט!"...

מען האט געזונגען די „שבועה". א סך האבן שוין געקאנט דאס ליד, הגם עס איז געווען שווער צו וויסן, ווער האט דאס זיי אלעמען אויסגעלערנט. מען האט נישט געזונגען, נאר געשריען:

— מיר, דער ראבאטשי נאראד, ופעריאד, ופעריאד...

אט ווען מען דארף, טוען זיך אלע א לאז און מען נעמט איין גאנץ פינסק.

אז מען האט אפגעזונגען, האט מען פארברענט די רויטע פאן אויפן פעלד פאר אלעמען אין די אויגן.

— זאל דער פלאם פון דער פאן פלאטערן אין אונזערע

נשמות! — האָט דער הויכער און דאַרער רעדנער געזאָגט און באַלד זיך פאַריכט — אין אונזערע הערצער!...

וואָרום הערצער, דאָס איז אַ פאַרשטענדלעכע זאַך, און נשמות — גיי ווייס, וואָס דאָס איז אַזוינס. עס שמעקט מיטן בית־מדרש, מיט יענער וועלט.

אין דער זעלבער צייט איז די מאַסע געגאַנגען מיט אַ צע־וויקלטער רויטער פאָן פון אַנטאָנאָווער וועלדל קיין מינסקן אַריין — אין שטאָט. די מאַסע איז באַשטאַנען פון פינפהונדערט אַרבעטער.

בעת מעשה האָט פּאָליציי קיינעם נשט אַרעסטירט, זי האָט נישט באַוויזן, אָבער נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג. באַ־לעבאַטים האָבן אָפּגעמסרט זייערע אַרבעטער. ר' אַבּע ראָלניקן, דעם פון דער מעבל־פאַבריק, האָבן אַרבעטער אויסגעברענט די אויגן מיט וויטריאָל. ער איז געבליבן אַ בלינדער.

די טאַבאַק־אַרבעטערינס צירל און כאַנקע האָבן צוגעגרייט שטרייק אויף יאַנאָווסקיס טאַבאַק־פאַבריק אין ביאַליסטאָק. די פאָדערונגען זענען געווען: העכערן פינף קאָפּיקעס אויפן טויזנט, אָפּזאָגן דעם מייסטער דעם פאָסקודניק, פאַרקלענערן די אַרבעטס־צייט פון די מינדעריאָריקע. און מען האָט פאַרשטרייקט.

צירל האָט צעטיילט אַלע אַרבעטערינס אין באַזונדערע גרופּן. יעדע גרופּע איז זיך צונויפגעקומען אין אַ באַזונדערע דירה. צו די גרופּן זענען געקומען פאָרשטייער פון דער „סכאָדקע". מען האָט נישט געלאָזט פאַלן דעם מוט. אויף אַלעקסאַנדראָווסקע גאַס, דאָרט ווו די פאַבריק איז, איז אומגעגאַנגען אַן אייגענע וואַך. מאַלע וואָס עס מאַכט זיך.

פיר טעג האָט דער אַלטער יאַנאָווסקי געטרויכערט איין ציגאַר נאָך דעם צווייטן, געפּיפּקעט מיט זיינע דיקע ליפּן און געשנאָרכט מיטן גרויסן נאָז, ער האָט אַזוי לאַנג געהאַלטן דעם רויך אינע־וויניק, ווי ער וואָלט אים דאָרט אַראָפּשטופּן אין בויך אַריין, וויל זיין בויך האָט זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ. מער האָט ער נישט אויסגעהאַלטן. ער האָט געשיקט רופן נאָך די „מיידלעך". ער האָט פאַר זיי צוגעגרייט די ריכטיקע מתנה. ער וועט זיי ווייזן, ווי צו שטרייקן.

זיי זענען געקומען אלע מיט אמאל. אזוי איז געווען אפגערעדט. דעמאלסט האבן די צוויי סטרוזשעס פארשפארט דעם טויער און עס זענען אראפגעקומען די פאזשארניקעס מיט זייערע מכשירים. גאנץ אלעקסאנדראווסקע גאס איז זיי נאכגעלאפן, ווייל מען האט נישט געזען קיין רויך, עס ברענט נישט, דער שטאט־זייגער „טרובעט" נישט, און עס פארן די פאזשארניקעס מיט קישקעס, וואס זאל דאס זיין?

זענען שוין אויפן הויף געווען אויך די פאזשארניקעס אין די מעשענע היטלען. דער אלטער יאנאווסקי האט געשריען, ווי די נכפה וואלט אין אים אריין:

— צו דער ארבעט גיין, אויסגעלאסענע מוידן, אויב נישט וועט מען אייך אלע אפפירן אין אסטראג, בונטאוושטשיקעס, קור־וועס!... געזען א מעשה!...

יאסל דער שווארצער, דער מייסטער, דער פאסקודניאק, האט גלייך נאכן פאבריקאנט געשריען מיט זיין באסאווער שטימע איבערן גאנצן הויף:

— די מיידלעך וואס ווילן ארבעטן, זאלן זיך אפטיילן, אפ־גיין אין א זייט.

לכתחלה האט קיינע פון די מיידלעך זיך נישט גערירט. ביז עס איז געשען — צוויי האבן זיך אפגערוקט אן א זייט, זיך צוגערוקט נעטער צום מייסטער.

— פאסקודסטוועס!..

— פאררעטערינס!..

— שטרייק־ברעכערינס!...

האבן צוזאמען געשריען עטלעכע הונדערט שטימען. און נישט בלויז די שטימען האבן געשריען. עס האבן געשריען די גופים, די אויגן, די שטייגער פון הויף האבן געשריען. די צוויי האבן גע־האלטן די קעפ אראפגעלאזט.

— שקלאפינס זייט איר!... — האט צירל אויפגעהויבן איר קול — בארעכנט, וואס איר טוט!

— צירל, רעד נישט מיט זיי!... הינט זענען זיי!... קרעציקע הינט!...

— פגירות!...

עס איז געוואָרן אַ גרויסע מהומה אויפן הויף. ערגעץ־ווו האָט זיך געמוזט די מאַסע אַ לאָז־טאָן. עפּעס וואָס האָט זי געמוזט טאָן.

— מען האָט דעם טויער פאַרשלאָסן און אונז פאַרשפּאַרט אַזוי ווי אין אַ „רעשאָטקע“! — האָט צירל געשריען — וואָס־זשע זענען מיר אייערע — לייב־קנעכט זענען מיר?... פאַנשטשיזנע איז שוין לאַנג נישטאָ!... עפנט דעם טויער! עפנט!...

זי האָט זיך די ערשטע אַ לאָז־געטאָן צום טויער, אירע שוואַרצע האָר האָבן זיך צעשאָטן איבערן קאָפּ, איבערן האַלז און אַקסל, און נאָך איר האָט זיך אַ לאָז געטאָן די מאַסע אין פאַטשיילעס, אין אָפּגעטראָגענע מאַנטעלעך.

איצט האָבן די פייערלעשער אָנגעהויבן גיסן וואַסער פון די קישקעס אויף די מיידלעך. לויפן איז נישט געווען וווהין. אויפן הויף האָבן די הונדערטער אַרבעטערינס אויפגעהויבן אַ געוואַלד. עס האָבן געשריען נישט דריי הונדערט מענטשן, נאָר אַ גאַנצע שטאָט האָט געשריען, אַ דור האָט געשריען.

מען איז זיך צונויפגעלאָפן פון די אַרומיקע גאַסן. דאָרט אויף דער גאַס האָט עמיץ געזאָגט, אַז מען שלאָגט די מיידלעך, האָט מען אָנגעהויבן רייסן דעם טויער. מען האָט געשריען פון ביידע זייטן — פון אינעווייניק, פון הויף, און פון אויסנווייניק, פון דער גאַס...

דער סוף איז געווען, אַז מען האָט פיר פּאַפּיראָסן־מאַכערקעס אָפּגעפירט אין תּפיסה. פאַרויס האָט מען געפירט צירל די שוואַרצע, נאָכדעם מירלען, הענע־ראָכלען, די איבעריקע האָט מען אַרויסגעלאָזט אויף דער גאַס...

ערשט איצט האָט זיך אָנגעהויבן דער שטרייק מיטן אמתן ברען.

פון ווילנער טורמע האָט מען אָפּגעשיקט אַרעסטירטע קיין סיביר. נעבן דער טורמע האָט זיך פאַרזאַמלט אַן עולם פון עטלעכע הונדערט אַרבעטער. די אַרבעטער האָבן שפּאַצירט אַהין און צוריק איבער די טראָטואַרן. מען האָט זיך דערוואַרט. דער טויער פון

טורמע איז געעפנט געוואָרן און עס איז אַרויסגעפאָרן די טורמע־קאַרעטקע:

— נידער מיט דעם שקר!...

— נידער מיט דעם דעספּאָטיזם!...

— נידער מיט דער זשאַנדאַרמעריע!...

— זאָל לעבן די אַרבעטער־באַוועגונג!...

— דער סאָציאַליזם!...

פּאָליציי האָט פונאַנדערגעיאָגט דעם עולם. עס איז געוואָרן אַ געלויף.

„וואָס לויפט מען? ווער יאָגט?... וואָס טוט זיך דאָרטן, מענטשן!"...

און גלייך האָט ווילנע געוווסט צו דערציילן:

— איר פרעגט ווער? — אַ מאָדנער מענטש איר זייט. איר ווייסט נישט? — די ברידער און שוועסטער.

— וועלכע ברידער און וועלכע שוועסטער, אַ גוטער יאָר אויף אייך, רעדט, מען זאָל פאַרשטיין.

— די סאָציאַל־דעמאָקראַטן...

— טאָ רעדט זשע אַזוי, הלמאי דרייט איר מיט די ברידער און שוועסטער?...

— איר זייט אַ „טיאָמנער" מענטש...

* * *

ווי עס ברענען וועלדער אין הייסע זומער־טעג. עס ברענען קשאַקעס, גאַנצע צווייגן, סכך־נאָדלען רוישן, עס שלאָגן אַרויס פלאַמען, עס בלאָזט אונטער דער ווינט. —

זובאַטאָוו איז געווען זייער אומרואיק. ער האָט ווידער געשיקט רופן ישראל־מיכלען פון טורמע־קאַמער אויף אַ געשפּרעך.

עלפטער קאפיטל

# זיי האבן זיך ביידע צעלאכט

ישראל איז תמיד געגאנגען שטיל און זיינע באוועגונגען זענען געווען רואיקע און באזאבטע, אזוי איז ער געגאנגען פון רמ"לס קלויז ביז זובאטאווס קאבינעט. די ערשטע באגעגעניש מיט זו־באטאוון האט ער געהאט מיט א פאר וואכן צוריק.

— איך וועל רעדן מיט אייך אזוי פשוט און אפן, ווי עס רעדן צוויי באקאנטע...—האט זובאטאוו דעמאלט אים געזאגט און געקוקט אויפן באוואקסענעם געזיכט — איר דארפט מיר וועגן זיך גאר־נישט דערציילן, ווייל איך וויים אלץ. אט זעט למשל: אין חודש מערץ זענט איר געווען אין מינסק און זיך באגעגנט פיר מאל מיט קרעמערן און אכט מאל מיט לעווינסאָנען. איך וועל אייך אויך זאגן וו איר האט זיך באגעגנט און אין וועלכער שעה... איך וויים אלץ. איך דארף אייך גארנישט פרעגן.

— דארף איך דאך אויך גארנישט ענטפערן.

— גערעכט. איר דארף טאקע גארנישט ענטפערן. נישט צוליב דעם האב איך אייך צו מיר איינגעלאדן, כדי איך זאל אייך פרעגן און איר זאלט מיר ענטפערן.

זובאטאוו האט זיך אפגערוט. ער האט געזוכט אן אנהויב צום קניילכל. ישראל מיכל האט, ווי זיין שטייגער, אויך געשוויגן.

— כדי איר זאלט וויסן, וואס איך פארלאנג פון אייך... — האט זובאטאוו ווייטער גערעדט — מוזט איר מיך פארשטיין. איר מוזט מיך פארשטיין, ווען איר וועט פון מיר הערן, אז כ'גוטיק זיך אין עצות פון אזא פארשטענדיקן און קלוגן מענטשן, ווי איר, קאפלינסקי.

ישראל־מיכלען האט קיין זאך נישט גערירט. ער האט ווידער, ווי זיין שטייגער, אויפגענומען דעם לעצטן זאץ שטיל, רואיק. אזוי ווי ער וואלט גארנישט זיין געווענדעט צו אים.

— בלויז אייער עצה דארף איך... — האט זובאטאוו ווייטער געזאגט און איבערגעבלעטערט דאס דיקע בוך, וואס איז געלעגן לעבן אים — זאל אייך נישט אויסקומען מאדנע — ער האט זיך

אַרומגעקוקט מיט פאַרדאַכט — וואָס איך, דער פירער פון דער מאָסקווער אָכראַנע, דאַרף האָבן אייער עצה.

„לאָמיר הערן״ — האָט ישראל־מיכל געטראַכט — „ער איז אַ טשעקאַווער פויגל״. זובאַטאָוו האָט דערווייל אויך עפּעס נאָכגעטראַכט, ווי עס טראַכט אַ רגע פאַרן אויסשיסן דער יעדער אין וואַלד. ווער ווייס, צי אָט טוט זיך נישט אַ הויב דער פויגל און — אַוועק...

— איך פאַרנעם זיך מיט אַן אויפגאַבע — האָט ער ווייטער געזאָגט — געזונט צו מאַכן די אַרבעטער ־ באַוועגונג און מיט דעם — גאַנץ רוסלאַנד. איך זאָג אייך דעם אמת, אָט זיץ איך דאָך דאָ אין דעם הויז, און איך האָב פיינט די גאַנצע ביוראָקראַטיע, איך האַלט נישט, אַז די אַלע זשאַנדאַרן, אַגענטן, שפּיאָנען, סיבירן קאָנען עפּעס אויפטאָן. דאָס איז גאָרנישט און נישט. איך וויל אייך נאָך מער זאָגן: דעם אַרבעטער קומט זיינס — אָנשטענדיקער לוין, קורצער אַרבעטס־טאָג. אָבער דאָס האָט נישט קיין שייכות מיט פּאָליטישער רעוואָלוציע. אין איר זענען פאַרמישט בלויז די אינ־טעליגענטן פון די פּריווילעגירטע קלאַסן. זיי ווילן מאַכט, פּריווילע־גיעס, פּאָסטנס, כּבוד, געלט, כּדי נאָכדעם אונטערדריקן זייער צייט־ווייליקן שותּף — דעם אַרבעטער. דער אַרבעטער וועט תּמיד בלייבן אַרבעטער. ווי מיר האָבן עס געזען נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָ־לוציע.

ישראל מיכל, דער געוועזענער אונטערשמש פון רמ״לס קלויז, האָט אָנגעהויבן הערן מיט מער אינטערעס. ער אַליין האָט אויך געהאַט אַ שווערן לייענען מיט די אינטעליגענטן ביים גרייטן די ערשטע דרוקעריי.

— די לאַגע פון די אַרבעטער קאָן פאַרבעסערט ווערן — האָט ער ווייטער געזאָגט — ווען זיי וועלן זיך אָפּטיילן פון די פּריווי־לעגירטע אינטעליגענטן־רעוואָלוציאָנערן, ווען זיי וועלן פירן אַ ריי־נעם עקאָנאָמישן קאַמף. און אָט זאָג איך אייך — אין אַזאַ פאַל וועט די רעגירונג זיי קומען אַנטקעגן, נאָך מער: זי וועט זיך שטעלן אויף זייער זייט קעגן די פאַבריקאַנטן, וואָס ווילן זיי אויסנוצן.

עס טאָר אין רוסלאַנד נישט זיין קיין אויסנוצעריי, עס טאָר נישט זיין קיין פאַנשטשיזנע!...

דער שעף פון דער אָכראַנע איז אַליין נתפּעל געוואָרן פון זיין אייגענעם פּלאַן און איצט האָט ער שוין גערעדט שעפּטשענדיק:

— איך האָב איבערצייגט דער רעגירונג, אַז זי מוז עס טאָן בלויז אפילו צוליב דעם, כּדי צו שאַפן אַ שוץ־וואַל קעגן די רע־וואָלוציאָנערע כוואַליעס. די אויסבעסערונג פון די אַרבעטער קען קומען זייער שנעל און נאָר אויף אַזאַ אופן. דאָס איז מיין גרויסער פּלאַן: אין אַלע גרויסע שטעט לעגאַליזירן די אַרבעטער־אָרגאַניזאַ־ציעס, עפענען קלובן, פריי מאַכן פאַרזאַמלונגען, שטרייקן, לאָזן דרוקן בראָשורן, ביכער, עפענען אַ פּאָר לעגאַלע דרוקערייען...

אין ישראל מיכלען האָט אַ רודער געטאָן, לאַנגזאַם איז גע־גאַנגען אין אים אַ געדאַנק, ער האָט זיך געדראַפּעט פון שטיגל אויף שטיגל:

— מען קאָן אים, דעם זשאַנדאַר, אָנפּייפן. מען קאָן ביי אים נעמען, וואָס ער גיט און נאָכדעם — זאָל ער רעדן צום חי־וקים.

— אָט האָט איר געזאָגט ביי דער אויספאָרשונג — האָט זובאַ־טאָוו ווייטער גערעדט — אַז איר האָט ליב די יידישע ליטעראַטור, דעריבער זייט איר געגאַנגען אַרבעטן אין דער דרוקעריי. נו, זייער גוט דאָס איז מיר טאַקע אַריין אין זינען. אָט וועט איר האָבן די גלענצנדע געלעגנהייט צו אַרבעטן פאַר איר. איך וועל אייך געבן די מעגלעכקייט אוועקצושטעלן אַ גרויסע און גוטע דרוקעריי, אין וועלכער איר וועט קאָנען דרוקן צענטליקער ביכער, בראָשורן... איר, הער קאַפּלינסקי, זייט אַ ייד. איך שטעל מיר פאָר, ווי אַזוי עס ווייטיקט אייך די לאַגע פון די יידן. גלויבט מיר, אַז איך באַ־טראַכט די באַציאונג פון דער רעגירונג צו די יידן פאַר אַ גרויסע נאַרישקייט און ווילדקייט. איך ווייס, ווי גרויס עס מוז זיין דער אומצוטרוי פון אַ יידישן אַרבעטער צו דער רעגירונג. עס ליגן צווישן מיר און אייך די באַגרענעצונגען פאַר יידן. זיי מוזן אָפּ־געשאַפט ווערן און דאָס קאָן געשען נאָר אויפן וועג פון אַרבעט און אויפקלערונג, פון אַרויסווייזן לאָיאַליטעט, נאָר דורך מיין שיטה...

איצט קומט דאָס שטאַרקסטע:

— איך וויל אייך, הער קאַפּלינסקי ארויסלאָזן אויף דער פריי, אָט שוין באלד זאָלט איר זיין אין ווילנע.

— אדרבה.

— אָבער איך וויל אייך האָבן פאַר א פריינט.

— איר ווילט א פרייז פאַר מיין פרייהייט?

— ניין. איך פאַרלאַנג נישט פון אייך קיין שום פרייז. איך קויף נישט. איך וויל זיך בלויז צונויפריידן מיט אייך. איידער איך פאַרליר אייך, איידער איר גייט אוועק פון מיר... איר וועט דאָך נאָכדעם נישט קומען צו מיר אויף א גלעזל טיי. נישט אמת?... און מיין אידייע איז מיר טייער. איר פאַרווירקלעכונג איז אָפּהענגיק פון דער צאָל גוטע אָנהענגער... אָט וועל איך אייך זאָגן דעם אמת, איר מעגט עס וויסן: אָט דעם גאַנצן ארעסט האָב איך פאַר־קאָכט, כדי זיך קאָנען צונויפריידן מיט אייערע בעסטע מענטשן וועגן מיין פּלאַן און נאָכדעם ארויסלאָזן אַלע אויף דער פריי... אויך אָט פון אייך פאַרלאַנג איך א קלייניקייט: איר זאָלט מיר פון מאָל צו מאָל אַן עצה געבן, וואָס איר מיינט, אַז מען דאַרף טאָן פאַר די יידישע ארבעטער. איך זיץ דאָך דאָ אין מאָסקווע, און אין דער „טשערטאַ" בין איך א פרעמדער מענטש... מען וועט דאַרפן בלויז דערליידיקן א קליינע פאָרמאַליטעט. איר האָט גע־האָט געזאָגט, אַז איינער א געוויסער חיים האָט אייך אריינגעצויגן אין דער דרוקעריי. פאַרן פּראָקוראָר וועל איך דאַרפן האָבן פון אייך א פאַרפליכטונג, אַז אויב איר וועט געפינען דעם חיימען, — וועט איר מודיע זיין דעם פּראָקוראָר. איר פאַרשטייט — די ביור־ראָקראַטן וועלן דאָך טענהן, פאַרוואָס מען האָט אייך ארויסגע־לאָזט. ס'טייטש — געכאַפּט אין א דהוק און ארויסגעלאָזט!... וועט עס הייסן, אַז מיר דאַרפן זייער נויטיק האָבן אָט דעם אומ־באַקאַנטן חיים, וועלכער איז, איין טייוול ווייסט, וואָס פאַר א וויכ־טיקער רעוואָלוציאָנער! און איר, הייסט עס, וועט אים געפינען, האָט מען אייך ארויסגעלאָזט: גיי זוך חיימען... נו, וועט איר דאַרפן אונטערשרייבן אַזאַ פּאַפּירל. און דאָס איז אַלץ.

איצט הענגט אַלץ אויף א האָר. איצטער דאַרף ישראל־מיכל

ענטפערן זובאטאָוו. צי האָט ער זיך געכאַפּט אויפן זשאַנדאַרמען־שפּיצל, וואָס שטעקט אין צעטל מיטן אונטערשריפט וועגן חיימען— אַז די אָכראַנע וועט דורך דעם דאָזיקן צעטל, דורכן בפירושן באַווייז פון זיין דינען דער אָכראַנע, אים האַלטן צוגעשמידט צו זיך? —

טראַכט ישראל־מיכל:

— צו איז דאָס אמת אָט דאָס, וואָס זובאַטאָוו האָט דער־ציילט, געשעפּטשעט? — וויל ער טאַקע מאַכן לעגאַלע פאַריינען? דרוקערייען?.. אויסבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטער?..

קאָן מען ביי אים אַרויסבאַקומען וויכטיקע זאַכן און נאָכדעם זיי אויסנוצן פאַר זיך? —

און אַרויסגיין אויף דער פריי?..

מען דאַרף דעם מענטשן צעקייען. לאָמיר אָנהויבן פון אָנ־הויב. אפשר מיינט ער עס ערנסט? — זאָל זיין, אַז פון דעם וועט גאָרנישט אַרויסקומען, אָבער דערווייל קאָן מען עס דאָך אויסנוצן פאַר דער רעוואָלוציע. עס איז דאָך מעגלעך, עס זאָל זיך געפינען אַ ביוראָקראַט מיט אַ אידייע־פיקס. אפשר איז אָט דער געלער מענטש אַזאַ?..

געווים: וולאַדימיר, אַלעקסאַנדער וועלן אויף דעם נישט גיין. אָט האָט ער, ישראל־מיכל, אַמאָל געמאַכט שטילערהייט אַ דרוקעריי פאַר דער באַוועגונג, און עס איז אַרויסגעקומען גוט, טאָ אפשר זאָל ער אויך איצט טאָן אַזוי: נעמען אויף זיך, אין דער שטיל, קיינער זאָל נישט וויסן, און נאָכדעם וועט עס אַלץ האָבן די באַוועגונג...

שטיי. כאַפּט נישט. מען דאַרף אַלץ אַרומטראַכטן מיט אַ סדר. מען טאָר נישט טאָן אָן אומבאַרעכנטע זאַך

— איך קאָן אייך איצט גאָרנישט ענטפערן... — האָט ער גע־זאָגט זובאַטאָוון — איך מוז די זאַך אַרומטראַכטן.

— אדרבה... — האָט זובאַטאָוו געזאָגט, פּרובירנדיק איינ־צוימען זיין פריידֿ — אדרבה. דאָס געפעלט מיר זייער. וועלן מיר זיך נאָך, הייסט עס, באַגעגענען.

ישראל־מיכל האט גארנישט געענטפערט. איצט דארף ער גיין צוריק אין טורמע.

— צום ווידערזען...

— צום ווידערזען, הער קאפלינסקי.

די וואך האט אים אפגעפירט. מיט דעם האט זיך געענדיקט די ערשטע באגעגעניש.

זובאטאוו האט זיך נישט געאיילט מיט דער צווייטער זעאונג. מען דארף נישט כאפן. ביי דעם מענטשן ווערט עפעס. זאל עס פארטיק ווערן. זאל ער עס אויסקאכן. איצט, אין מיטן, אויב ער וועט אים רופן צו זיך, קאן ער אים ענטפערן: „ניין", און עס וועט זיין אויס. ביז זובאטאוו האט ביי זיך באשלאסן, אז ער דארף מער נישט ווארטן. אין דער „טשערטא" ברענט, ער האט געלאזט רופן ישראל־מיכלען צו זיך.

דער מענטש האט זיך גארנישט געענדערט. עס האט אויסגע־זען זובאטאוון, ווי ער וואלט אט ערשט ארויס פון זיין קאבינעט און באלד צוריק אריין. ער האט אפילו דעם זעלבן ערנסט אויפן פנים. אזוי ווי דער אויסדרוק וואלט זיך איבערגעחזרט.

— איך בין אנטשלאסן — האט זובאטאוו געזאגט — אייך באפרייען. און אויב אייך, וויל איך צוליב דעם שוין באפרייען כמעט אלע ארעסטירטע פון דעם זעקסאונצוואנציקסטן יולי. איך וויל ביי אייך וויסן, וואס מיינט איר וועגן מיין פלאן. זייט איר גרייט מיך צו העלפן? — איר האט דאך גענומען צייט נאכצו־טראכטן.

— איך האב נאכגעטראכט — האט ישראל מיכל געענט־פערט — און איך גלויב נישט אין דעם.

— אין וועמען? — אין מיר?

— קאן מען רעדן צו אייך אפן?

— אדרבה.

— איך גלויב נישט אין ביידע זאכן. נישט אין דער זאך, און נישט אין אייך.

— קומט אויס, אז איר זאגט זיך אפ.

— דאָס זאָג איך נישט.

— זייט איר, הייסט עס, יאָ גרייט צו מאַכן אַ פּרווו?

— איך בין גרייט זיך צוצוקוקן.

— און אַז איר וועט זיך איבערצייגן, אַז מען קאָן מיר יאָ גלויבן, וועט איר זיך באַטייליקן?

— מעגלעך.

— ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן? — האָט זובאַטאָוו גערעדט, אַריינקוקנדיק טיף אין זיין געזיכט — עס איז מיר שווער אייך צו טרויען.

— איר טרויט דאָך מיר גאָרנישט אָן.

– איך בין דאָך גרייט צוליב אייך אַלעמען אַרויסלאָזן אויף דער פריי ביזן אורטייל.

— איר וועט דאָך האָבן אַלעמען אויפן אויג, אַלע וועלן דאָך זיין אונטער אויפזיכט.

— הער קאַפּלינסקי, אַט זאָג איך אייך — פּרובירט. פּרובירט עס ערנסט, מיט צוטרוי, איר וועט זען, אַז איר קאָנט אויפטאָן פאַר אייער זאַך זייער פיל... ציען זיך צוריק, קאָנט איר דאָך שטענדיק. און זיך אומקערן אין טורמע, דאָס איז זייער לייכט.

קאַפּלינסקי האָט לאַנג געשוויגן. ער האָט נאָר געאָטעמט אַביסל שנעלער ווי שטענדיק. נאָכדעם האָט ער גערעדט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און מיט אַזאַ ערנסט, ווי דאָס, וואָס ער האָט פריער געזאָגט, איז געווען נאָר אַזוי זיך, אַגב אורחה, איצט, אייגנטלעך, זאָגט ער דאָס וויכטיקסטע:

— איך האָב מיך אַנטשלאָסן.

— צו וואָס?.. — האָט זובאַטאָוו געפרעגט אומרואיק.

— נו, אַט צו דעם, וואָס איר האָט גערעדט.

— גלענצנד — מער פאַרלאַנג איך פון אייך גאָרנישט, גענוג אַט די צוויי ווערטער, אַז איר האָט זיך אַנטשלאָסן.

ישראל־מיכל האָט, אייגנטלעך, אַליין נישט געוווסט, אויף וואָס ער האָט זיך אַנטשלאָסן. פאַר אים איז געווען קלאָר בלויז איינס: ער וועט אַלעמען אַרויסנעמען אויף דער פריי. און נאָכדעם וועט מען ווייטער זען.

דאָס האָט ער צוגעטראכט אין טורמע: דער אַלטער שטיינער פון קאָנספּיראַציע טויג נישט. מען טיילט אויס די זיכערסטע שיידט זיי אָפּ פון דער גאַנצער וועלט. מיט זיי האָט פארבינדונג אַ מיטגליד פון צעקאַ. אָדער דעם צעקאַס אַגענט. נאָך יענעם שפּירט מען נאָך און עס מוז די אָפּגעהיטנסטע דרוקעריי דורכ־פאַלן.

אַט אַזוי איז דורכגעפאַלן זיין דרוקעריי, די באַברויסקער. צוויי מענטשן האָבן אַרומגעבונדן אַרום זיך צען פּוד שריפט. פינף פּוד אויף אַ מענטשן. זיי זענען אַריינגעפאָרן אין בערעזינע, פאַר מינסק. אין וואַלד, פינף קילאָמעטער הינטער מינסק, זענען געקומען צוויי חברים און גענומען ביי זיי די שריפט. אַבראַם בערשטער, וואָס האָט געבראַכט אויף זיך די שריפט, איז גלייך צוריקגעפאָרן קיין סוואַלק. ישראל מיכלען האָט מען דעמאָלסט אַרויסגערופן פון באַברויסק קיין מינסק. ער איז פאַרפאָרן אין דער „קופּעטשעסקאַיאַ גאַסטי־ניצאַ". נישט קיין אַנדערע ווי אַלעקסאַנדער און וואָלאַדימיר זענען „געוואָרן אַגענטן" פון פאַרשידענע פירמעס און אומגעגאַנגען, כּלומרשט, מיט פּראָבקעס איבער די האָטעלן. אַזוי האָבן זיי אַליין אַרי־בערגעפּעקלט צו אים די שריפט — אין די פּראָבקעס זייערע.

און נאָך אַזוי פיל פאָרזיכטיקייט, איז גענוג געווען, אַז איין „שאָטן" זאָל זיך נאָכשלעפּן נאָך עמיצן פון זיי און אַלץ פאַרשיטן.

דאָס איז נישט קיין דרך. די בעסטע שמירה איז — די אָכראַנע אַליין. מען דאַרף זי אָפּנאַרן, מען קאָן זי צוּוואַרפן אַ ביינדל, אַ ניש־טיק ביינדל און געווינען דאָס וויכטיקסטע. מען דאַרף זי איבער־קליגן. זיי האָבן דאָך אַלע טעמפּע קעפּ. ביוראָקראַטן.

— מיר האָבן געשמועסט וועגן אייערס אַ צעטעלע אין ענין חיים, עס הייסט, אַז איר וועט אים זוכן און צושטעלן. איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך דאַרף עס פאַרן פּראָקוראָר... וועט איר עס אונטערשרייבן...— האָט זובאַטאָוו אַ זאָג געטון ווי בּלאַחר־יד און אים אונטערגערוקט אַ פּאַרטיק אונטערגעשריבענע פאַרפליכטונג, וועלכע דאַרף נאָר אונטערגעשריבן ווערן.

ישראל מיכל האָט אויפגעהויבן די אויגן, אַ קוק געטאָן אויף זובאַטאָוון, וועלכער האָט איצט עפּעס געזוכט צווישן זיינע פּאַפּירן

און דאָרט געוועז פארנומען מיט די הענט און בליקן. ער פארלאנגט בלומרשט גאָרנישט, אזא אומבאדייטנדע זאך, ווי אן אונטערשריפט פון ישראל־מיכלען. באלד נאָכדעם האָט ער אריינגעלייגט דאָס אונ־טערגעשריבענע פאפירל מיט דער זעלבער גלייכגילטיקייט צו זיך אין שופלאָד.

— די ביוראָקראטן — זיי לעבן מיט די פאפירן, מיט די פאָר־מאליטעטן. איך האָף, אז איר וועט אים באגעגענען, אָט דעם חיימען, אין א פאָר טעג ארום...איר זייט דאָך דער אָנפארטרויסטער מענטש פון קרעמערן, פון לעווינסאָנען... איז דאָך לעווינסאָנס פארטיי־פסעוודאָנים „וולאדימיר"?...

— איך ווייס נישט...

— אַבי איך האָב געמיינט, הער קאפלינסקי, אז מיר זענען געוואָרן פריינט און איר האָט צו מיר אביסל מער צוטרוי. איך ווייס עס אליין. איך בין זיך מודה. איך פרעג אייך נאָר און וואַרט אויף אייער תשובה, כדי צו האָבן פאר זיך אליין א באַווייז פון אייער לאָיאַלקייט, פון אייער פערזענלעכער פריינטשאפט...

— אז איר ווייסט דאָך, הלמאי פרעגט איר איבער?...

— ריכטיק. עס איז דערליידיקט. נו, גוט... איך וועל אייך נאָר געבן אן אדרעס, דורך וועלכן איר קאָנט האָבן דורך מיר פארבינ־דונגען, ווען עס וועט אייך נאָר נויטיק זיין. איך האָף, איר וועט אים אויסנוצן...

זובאטאָוו האָט דורכגעשפאצירט זיין קאבינעט, אויסגעווישט זיינע ברילן, אליין נישט פילנדיק וואָס ער טוט, דורכגעקליבן מיט די הענט אייניקע ביכער פון זיין פאָליצע, זיך אריינגעקליבן טיפער אין זיך, ווי ער וואָלט פון דאָרט וועלן ארויסנעמען עפעס זייער וויכטיקס, שטייענדיק אויפן מיטן צימער האָט ער געזאָגט מיט א געבראָכענער שטימע:

— איך ווייס, איך ווייס, הער קאפלינסקי, איר האָט וועגן מיר די ערגסטע מיינונג, דאָרט אין מינסק, צי אין ווילנע, צי אין מאָסקווע דערציילט מען וועגן מיר, ווי וועגן א מענטש, א חיה, וואָס באַרויבט ביי מענטשן זייער פרייהייט, פארשאפט זיי ליידן. עס איז אָבער אזא ליגן!...נישט צוליב מיין נישטיקער שכירות פייניק איך

זיך דאָ צווישן די פיר ווענט!... שטעלט אייך פאָר, וואָס עס באַדייט פאַר אַ מענטשן מיט אַן אידייע, מיט אַ גרויסער אידייע — אויסצו־בעסערן די לאַגע פון די אַרבעטער! — וואָס פאַר אַ מאַטערניש עס זענען פאַר אַזאַ מענטשן אָט די פיר ווענט!... אויך איך זיץ אין אַ טורמע! יעדעס מאָל, ווען צוליב אַ קליין הייפל אינטעליגענטן־רעוואָלוציאָנערן מוז מען אַרעסטירן הונדערטער אַרבעטער, סוף־כּל־סוף אומשולדיקע מענטשן, זענען מיינע יסורים אָן אַ שיעור... מיין אידייע איז דאָך געבן אָט די אַרבעטער די מעגלעכקייט אָן פּאָליטישע טענדענצן, צו קעמפן פאַר דער אויסבעסערונג פון זייער עקאָנאָמישער לאַגע... העלפט מיר מיט!...מיט אייך וואָלטן מיר ביי די יידישע אַרבעטער גרויסעס אויפגעטאָן!...

— איך קלויב זיך נאָך נישט גוט פאַנאַנדער אין אייער טע־אָריע...— האָט ישראל מיכל געזאָגט — איך וועל זי נאָך דורכ־טראַכטן ביזן סוף...

— דאָס געפעלט מיר!... עס פאַרשטאַרקט זיך אין מיר דער צוטרוי צו אייער געשטעלטקייט. איך בין זיכער, אַז איך וועל פיל נוצן האָבן פון אייער ראַט. איך האָף, אַז איר וועט מיר אין דעם נישט אָפּזאָגן... עס וועט אויפגעשטעלט ווערן אַ גרויסער בנין... איר מוזט אייך מאַכן אינגאַנצן אומאָפּהענגיק פון מאַטעריעלע באַדינ־גונגען... איר דאַרפט האָבן פרייע הענט, איר וועט זיך נישט אָפּ־זאָגן פון הילף פון מיין זייט...

ער האָט איצט געקוקט זייער פריינטלעך אין קאַפּלינסקיס פּנים.

— איר גייט אַרויס אין צוויי טעג אַרום אויף דער פריי און איך וועל האַלטן פאַר אוממענטשלעך פון מיין זייט, איך זאָל אייך לאָזן אויף הפקר. איך וועל אייך אויסלייען פּשוט פריוואַט אַביסל געלט. איר וועט מיר עס אָפּגעבן...

אין דעם מאָמענט איז אַריין מעדניקאָוו — איינער פון זובאַ־טאָווס אָנפאַרטרויטסטע געהילפן

— שטערט אייך נישט... — האָט זובאַטאָוו געזאָגט צו קאַפּ־לינסקין — דאָס איז מעדניקאָוו. אַ מענטש פון גרעסטן צוטרוי.

— איך קאָן נישט נעמען קיין געלט, וועלכע איך האָב נישט פאַרדינט מיט מײַנע הענט...

— איך קאָן אָבער נישט באַאומרויקן מענטשן, צונעמען זייַן צייט סתם אומזיסט, אפילו נישט טוענדיק זיי קיין פּערזענלעכע געפעליקייט. איך וועל גאָר נישט האָבן די דרייסטקייט ווען־ס'איז זיך צו ווענדן צו אייך נאָך אַן עצה. איך זע, אַז איר זענט נאָך אַלץ נישט זיכער אין מיין פריינטשאַפט. איר קוקט אַלץ אויף מיר, ווי אויף אַן אַכזריניק. איר שאָקלט צו מיטן קאָפּ ,איר זייט געגוויגט, אַבי אַרוים אויף דער פריי. אמת, אַ שפּיל אַזאַ?... איר מיינט, אַז איך שפּיל אויך?...

דוכט זיך, אַז באַלד צעפאַלט דער גאַנצער בנין. ישראל מיכל האָט נישט געוואָלט פאַרלירן זובאַטאָווס צוטרוי. ער האָט דעריבער זיך פאַרענטפערט:

— איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך גלויב צו ביסלעך אין אייער אידייע. אפשר טאַקע?... און דאָס איז אַלץ. מיר קומט נישט ביי אייך קיין געלט. וועט איר וועלן מיך אַרויסרופן, מיך עפּעס פרעגן — אדרבה. איר וועט עס קאָנען. אויב איר ווילט מיר עפּעס טאָן אַ טובה, נו, איך בין אַ שלאָסער, ווען איך באַקום דורך אייך אַ רעקאָמענדאַציע אויף אַרבעט, וואָלט איך אייך געדאַנקט.

מעדניקאָוו האָט זיך אַריינגעמישט:

— וואַרט, סעריאָזשאַ, אַ ווייַלע. איך קום גלייך אַריין...

ער איז אַרוים און טאַקע באַלד צוריק אַריין מיט אַ שלאָס אין האַנט.

— אָט אַזעלכע שלעסער דאַרף איך האָבן, נאָך בעסערע, שטאַרקערע... איך האָב זיי געזוכט אין גאַנץ מאָסקווע און נישט געפונען... קאָנט איר אפשר אויספאַרטיקן אַזעלכע? —

ישראל מיכל האָט מעשה בעל־מלאכה גענומען דעם שלאָס אין האַנט אַריין, אים אַרומגעקוקט, צוריק אַראָפּגעלייגט אויפן טיש און געענטפערט:

— נו, געוויס. נישט שווער צו מאַכן.

מען האָט זיך צונויפגערעדט וועגן פרייז: פינף רובל אַ שלאָס. דערווייל באַקומט ער אַן אַוואַנס אויף איינקויפן מאַטעריאַלן הונ־

דערט פינפאונצוואנציק רובל. ווען ער וועט צושטעלן די ערשטע פארטיע שלעסער, באקומט ער ווידער געלט. אויך 125 רובל. אזוי קאן ער צושטעלן אלע חודש און באקומען חודשלעך 125 רובל.

— פאר שלעסער...

מעדניקאוו האט דערלאנגט קאפלינסקין א בויגן פאפיר:

— אט וועלן מיר דא אויפשרייבן אונזער אפרייד וועגן דער באשטעלונג אויף שלעסער און דעם אדערויף פון 125 רובל... מירן שוין דאס אויספארטיקן... איר וועט זיך דא אונטער־שרייבן...

דעם קאלטן ישראל־מיכלען איז איצט היים געווארן. ער איז אזוי טיף פארפארן, ווי דאס פערדל מיטן וואגן וואלטן זיך שוין נישט קאנען ארויסשלעפן פון דער געדיכטעניש. און ארום איז פינסטער, זייער פינסטער. זאל ער רופן נאך הילף?...

שא. שטיל. עס איז טאקע היים. און אונטערן הארצן ציטערט. און די האנט שרייבט ציטערדיק די ווערטער אויפן לאנגן, דיקן, ווייסן פאפיר:

— ק א פ ל י נ ס ק י...

אין קאפ טומלט: ארויסגיין פון טורמע. מאכן שלעסער. אויפ־שטעלן א דרוק. הונדערט פינף און צוואנציק רובל. וולאדימיר, אלעקסאנדער, אפנארן — ווער ווערט איבערקלינגן?...

— אין ערגסטן פאל קאן מען דאך געלם ווערן...

אינעווייניק איז זייער אומרואיק. עס פארקניפט זיך א גורל. און די רמ״ח איברים רודערן.

עס לייגט זיך אוועק אויפן קאפ א משא. עס איז זייער שווער. זאל נאר זיין שטיל.

— ווערט איר א פרייער מענטש... — האט ער דערהערט זו־באטאווס קול — צום ווידערזען, הער קאפלינסקי...

— פארבאהאלט ביי זיך אט דעם ווילנער אדרעס... — האט מעדניקאוו זיך געזעגנט מיט אים — צום ווידערזען...

— צום ווידערזען..

אין קאבינעט זענען געבליבן זובאטאוו מיט מיעדניקאוון.

— דו האסט עס גוט געמאכט... — האט זובאטאוו געזאגט.

זיי האָבן ביידע געלאַכט.

— פאַרשרייב אין בוך: — „הונדערט פינף און צוואַנציק רובל א חודש".

צוועלפטעס קאַפּיטל

# מ א ד י ע . .

די טעג זענען געלאָפן, ווי עס לויפט א לאַנגער שנעל־צוג צו זיין סטאַציע. די סטאַציע איז — „רעוואָלוציע". אומגעזעענע קי־רעווען דעם לאָקאָמאָטיוו.

זובאַטאָוו האָט געטריבן די אַרבעט פאַר זיין „אידייע". ער האָט געוווּנען אָנהענגער. דער פונדאַמענט איז געלייגט געוואָרן אין מינסק.

— צוויי צוגן לויפן צום פונקט... — האָט זובאַטאָוו גע־זאָגט. — זייערער און מיינער. מיינער וועט פריער קומען! די רע־דער זענען געשמירט, דער קעסל געהייצט.

אגב האָט ער באַקומען — אזוי האָט ער געמיינט — א קראַפט פאַר זיין „אידייע":

— מאַניע ווילבושעוויטש...

אָדער ווי ער האָט זי גערופן:

— מאַריע...

זי איז אַן עקזאַלטירטע ניינצניאָריק אינטעליגענט מיידל פון גראָדנע. זי האָט אָפּט געליטן פון נערוון - אַטאַקן און פלעגט קו־מען קיין פעטערבורג זיך קורירן ביי ספּעציאַליסטן. אין איר היים־שטאָט גראָדנע איז זי, אין דער סביבה פון שערעשעווסקים טאַבאַק־פאַבריק, ביי טשערנישעווסקים און הערצנס ביכער, געוואָרן א באַ־גייסטערטע רעוואָלוציאָנערין. זי איז געקומען קיין מינסק און גע־מאַכט א גרויסן איינדרוק אויף די דאָרטיקע סאָציאַליסטישע אינ־טעליגענטן. זי איז א מענטש, וואָס גייט אויף א גלייכער ליניע ביז צום אומקומען. זי קאָן איר קאָפּ א וואָרף טון אויף א פּליה, ווי

מען ווארפט א שטיין אין טייך. זי האט געגעבן „אוראקן" און אגיטירט פארן סאציאליזם. זי איז געווען זייער רירעוודיק, פלינק. זי איז אומעטום געווען, פון אלץ געוווסט, גענומען אויף זיך יעדע ארבעט, געטון זי מיט א נישט־דא־היגער עקשנות, געגאנגען צום ציל, ווי עס גייט א לונאטיקער אויף א דאך.

זי איז געווען נישט קיין שיינע, א מיטלוווקסיקע מיט א פליי־ שיק פנים, אבער אירע גרויסע, עקזאלטירטע, היסטערישע אויגן האבן אזוי ווי אין גאנצן זי פארשטעלט. מען האט געזען בלויז אירע אויגן.

אזוי איז זי אריינגעפאלן אין מינסקער טורמע, פון מינסק — קיין מאסקווע, און דארט — אין זובאטאוום הענט.

ער האט אויף איר געהאט אן אויסטערלישע ווירקונג. ער האט גלענצנד געשפילט פאר איר די ראל פון א מארטירער. ער גע־ פינט זיך, הייסט עס, צווישן צוויי פייערן: די רוסישע רעאקציע איז קעגן אים און די סאציאל־דעמאקראטן — אויך קעגן אים. זיין נשמה איז צעבלוטיקט און פארמאסקירט אין א זשאנדאר.

— מאריע, די נשמה איז דאך א שפרענקעלע פון גאט אליין...

ער האט גערעדט צו איר פון „נשמה ארוים". אט האט ער א וועג פון רעטונג, א רעטונג פאר די ליידנדע ארבעטער, א רע־ טונג פאר דער מאמע רוסלאנד. — ער האלט נישט פון צאר: וואס איז א צאר? — א מענטש, א פשוטער מענטש מיט אלע שוואכ־ קייטן פון א מענטש, אבער עפעס אנדערש איז דער צאריזם. דאס איז א קופאל איבער א לאנד פון אמור ביז דער נעווא. אונטערן קופאל קלינגט א גלאק:

— זעלבסטהערשנדע ראססיא!...

צאריזם איז אזוי ווי א געטלעכע זאך, אן איראציאנעלע, דער גורל פון רוסישן לאנד

— אונטערן צאריזם האט זיך דאס רוסישע פאלק אנטוויקלט פון ווילדסטן, געצנדינערישן צושטאנד ביז טאלסטאי, ביז מענדע־ לעיעוו...

אומברענגען דעם צאריזם — הייסט: אפשטעלן דעם אינער־

לעכן רעגולאטאָר, אויסלעשן דאָס ליכט און אומקערן זיך צום כאָאָס.

— אין לאנד ברעכן אויס, ווי ווולקאן - אויפרייסן, עקאָנאָמישע קאַמפן. אָט שטרייקט מען אין זלאַטאָאוסאָוו און ראָסטאָוו, אין טיראַרעצק און אין וואָזנעסענסק. דאָס טוען אָרעמע, האַלב־הונגעריקע, דערשלאָגענע און פינסטערע מענטשן. דער אויפגעקומענער שטאָטישער באַלעגוף איז געוואָרן אַ קאַפּיטאַליסטישער קולאַק, האָקט ער אין די ציינער אַריין די מוזשיקעס, וואָר זענען געוואָרן אַרבעטער, און קיינער זאָגט אים נישט: „וואָס טוסטו!?״— מיר וועלן זיך אָננעמען זייער קריוודע...

מיר זענען אַלע אין אַזיע. אונזער ראָססיאַ איז אַ גרוים שטיק אַזיע מיט הונדערט פערציק מיליאָן אומגליקלעכע מענטשן, מיט צערקוועס, סאָבאָרן, שענקען, „טרושטשאָבעס״ און פאַבריקן, פעלדער און טייגעס, וואָס ליגן אין פינסטערניש. זיי דאָרט, די פּאָר יינגעלייט פון ווילנע און מינסק, וועלן עס מאַכן רוסלאַנדס רעוואָלוציע!...

— עס איז אַ חוזק. מיר האָבן זיך צו לערנען פון אייראָפּע. מיר האָבן פאַר אונז דייטשלאַנד, עסטרייך, פראַנקרייך און ענגלאַנד. פון זיי דאַרפן מיר זיך לערנען! די אַרבעטער - באַוועגונג אין רוסלאַנד מוז אַרויפגיין אויף אייראָפּייאישע רעלסן.

זובאַטאָוו מישט פאַר איר ביכער. ציטירט עדוואַרד בערנשטיינען. ער וואַרפט מיט שטיקער קאַוטסקי.

— מאַריאַ!... אייער ראָל קאָן זיין אַ היסטאָרישע. נעמט זיך צו דער אַרבעט, נעמט עס אין אייערע וווּנדערבאַרע הענט. איך זע אין אייך דעם ריכטיקן מענטש!... איך וועל אייך אין אַלץ העלפן. איר וועט זיין די מאַריאַ פון רוסלאַנדס אַרבעטער־קלאַס!...

זי איז געוואָרן אָנגעצונדן: עס איז דאָך אַזוי ווונדערלעך. זיצט גאָר אין ווייסן הויז פון דער מאָסקווער אָכראַנע אַ פאַרשטעלטער אויסלייזער. אַ נביא!...

אין מיטן פון איינעם פון זיינע שמועסן מיט מאַריען, וועלכע איז געבראַכט געוואָרן צו אים אין קאַבינעט גלייך פון טורמע־קאַמער, ווו זי איז געזעסן, האָט ער צו איר אַזוי געזאָגט:

— מאַריע!... לאָמיר לאָזן איצט אונזער געשפּרעך. אין מאָסק־ווע שפּילט מען איצט גאַנאַלן, אָט דעם, וואָס האָט אַזוי טיף גע־גרייפט אין דער נשמה פון רוסישן מענטשן — ווילט איר 'גיין זען?

— ווי איז דאָס מעגלעך? איך בין דאָך אַן אַרעסטאַנטין...

— איך וועל עס טון — האָט זובאַטאָוו געזאָגט — איך וועל אייך גלויבן אויפן ערן־וואָרט.

— וואָס הייסט עס?

— אַז איר וועט מיר צוזאָגן, אַז איר וועט זיך פרייוויליק צו־שטעלן נאָך דער פאָרשטעלונג אין טורמע...

— איך זאָג צו...

ביי אַ צווייטער באַגעגעניש האָט ער איר געזאָגט:

— מיר'ן אַרבעטן אויף ביידע פראָנטן — מען מוז באַזייטיקן דאָס שלעכטס, אָפּרייניקן דאָס פעלד, פאַרמאַכן דעם וועג פאַר די פאַרפירער, פאַר די סאָציאַל - דעמאָקראַטן, ווייל ווען עס גייט אין כּלל, אין די מיליאָנען אַרבעטער, שפּילן נישט קיין ראָל איינצלנע קרבנות, די געפערלעכע מוזן איזאָלירט ווערן. פאַרפאַלן — זיי וועלן מוזן אָפּגערוקט ווערן אויף אַ געוויסער צייט. פון דער צווייטער זייט וועלן מיר אויפבויען אַ 'לעגאַלע אַרבעטער - באַוועגונג, עפענען קלובן, פאַריינען, אַוועקשטעלן דרוקערייען, אויסנוצן דעם מלוכה־אַפּאַראַט צום שוץ פון די לוינען פון די אַרבעטער, פון זייער ערלעך־פאַרדינט שטיקל ברויט...

מאַניע האָט געגלויבט און געווען באַגייסטערט. עס עפנט זיך אַזאַ גרויס פעלד פון אַרבעט! — זי האָט אים געטרויט, דערציילט אַלץ, וואָס זי ווייסט, אַרויסגעגעבן אַלץ, ווי זי וואָלט 'וועלן אויס־גראַבלען פון זיך ביזן לעצטן — אָט אַוועקגעבן דעם סוד און די נשמה אין גאַנצן!...

ער האָט זי אַרויסגעשיקט אויף דער פריי. זי איז אַרום אַ באַ־צויבערטע. זובאַטאָוו איז אַ מענטש אַ וווּנדער. ער האָט אָנגעפּילט איר וועזן.

— זיך נעמען צו דער אַרבעט!...

זי איז געקומען קיין מינסק, געווען דאָרט אַ קורצע צייט, זיך

געזען מיט מענטשן, זיך געטיילט מיט איר באגייסטערונג פאר זו־באטאָווס „אידייע‟, געהאָלפן אוועקשטעלן זובאטאָווס ארבעט, זיך אריינגעלאָזט אין א נייעם גערודער, געזען גלויבנדיקע מענטשן, געוועזן אויף א פארזאמלונג פון סטאָלארעס, גערעדט מיט גערשו־נין, זיך געקריגט מיט מערין, וועלכע האָט געטענהט, אז מען דאַרף זובאטאָוון אומברענגען. פון מינסק איז זי געלאָפן קיין ווילנע, דאָרט האָט זי אָבער באגעגנט א וואנט, אן עקשנותדיקע וואנט — נעם מיטן קאָפּ און ברעך זי. און דאָס אייגענע לעבן איז אויך אין געפאַר. דאָרט איז דאָ איין תשובה אויף אַלץ, איין ביטערע און הארבע תשובה:

— פּראָוואָקאַטאָר...

— פּאָליציייסקער הונט...

פון ווילנע איז זי געלאָפן אין איר היים־שטאָט גראָדנע. אויך דאָרט זענען שוין פארוואָרפן די זובאטאָווישע זוימען. עס קומט אָבער אָן שווער, זיי נעמען זיך נישט אָן. —

זי איז אזוי געלאָפן, ווי נאָך זיך אליין. וואָס איז מיט איר? וואָס געשעט מיט איר? —

זי האָט פון דאָרט געשריבן זובאטאָוון:

„ס. ב. זובאטאָוו!

פארוואָס איך האָב אזוי לאנג געשוויגן, וועט איר פרעגן. איר וועט באַלד פארשטיין. איך שרייב דעם דאָזיקן בריוו מיט אזא גע־פיל פון שמחה, גלייך ווי איך וואָלט בעגראָבן מיין בעסטן פריינט. איך שרייב בלויז דערפאַר, ווייל איך פיר־אוים די באשטעלונג, וואָס מען האָט ביי מיר געמאַכט. נו, האָט איר'ס.

אין מינסק האָט זיך באקומען נישט דאָס, וואָס איר האָט דער־וואַרט. אייער נאָמען איז ביי אלעמען אויף די ליפּן. אלע רעדן אים ארויס מיט א צייכן־קריצן. יעדער, ווער ס'קומט צו פאָרן פון מאָסק־ווע גייט ארום בארוישט און פארכישופט. פארבלייבט ער אָבער א פּאָר טעג, ווערט עס אים אלץ אָפּגענומען מיט דער האנט. און מענטשן, וואָס האָבן זיך פריער געפונען אונטערן רייץ פון אייער פערזענלעכקייט, האָבן איצט אָפּגהארציק אויף אלץ חרטה און דער־

מאָנען מיט אַ קללה יענע מינוט פון זייער שוואַכקייט, ווי זיי רופן זי.

בשעת זיי גייען אַרויס אויף דער פרייהייט, זעען זיי, אַז אַלע זייערע אידייען וועגן לעגאַלער אַרבעט, וואָס האָבן זיי פריער באַגייסטערט, פאַרבלייבן מער נישט ווי חלומות. זיי רופן זיך אָפּ וועגן אייך מיט אַן אומגעוויינלעכער שנאה. איבערהויפּט זשעני הורוויטש, דער קליינטשיקער באָרים פּרומקין, זיין שוועסטער, גרישע רודערמאַן, גרישע גערשוני און נאָך זיי אַלע...

בעת איך האָב אויפריכטיק דערציילט, וואָס איך קלער צו טון בנוגע די אַרבעטער, האָב איך אַרויסגערופן אַזאַ שטורעם פון אויפרעגונג, אַז איך בין פּשוט נשתּומם געוואָרן. מיר האָט שטאַרק געקרענקט פאַר זשעניען, אַזוי פיל אמתע יסורים האָב איך איר פאַרשאַפט מיט מיין געשפּרעך, אַזוי פיל שנאה האָט זיך אָנגעקליבן קעגן יעדער לעגאַלער אַרבעט ביי דער דאָזיקער שיינער פּערזאָן. אַזוי פיל האַס צו אַלץ, וואָס טראָגט אַ זשאַנדאַרמען־מונדיר, אַזוי פיל אומצוטרוי, פאַראַכטונג... זיי האָבן מיך שטאַרק געבעטן, וואָס שנעלער אָפּצופאָרן און די אַרבעטער גאָרנישט דערציילן, ווייל איצט איז אַזאַ שטימונג, אַז מיינע געשפּרעכן וועלן בלויז אַרויסרופן אַ דעמאָראַליזאַציע...

לעת עתּה האָבן זיי זיך צעטיילט אויף צוויי לאַגערן. איינוקע טענהן, אַז כּדי מען זאָל פּטור ווערן פון אַזאַ פאַרשוין, ווי איר זייט, דאַרף מען צו אייך אָנווענדן די מיטלען פון אַנאַרכיסטן. אַנדערע פּראָטעסטירן קעגן דעם שטאַרק און באַהויפּטן, אַז מיט אייער פּאָליטיק קאָנט איר זיין נוצלעך דעם אַרבעטער און דערום דאַרף מען אויסנוצן אַלץ, וואָס איר וועט געבן, דערביי אָבער אויף קיין איין רגע נישט פאַרגעסן, אַז איר זייט דער געפערלעכסטער פון די אַלע שונאים, וואָס זענען ביז איצט געווען.

אַ פּאָר ווערטער וועגן מיין באַציאונג צו אייך. ווען זיי האָבן אין מינסק, מיט אמת און ליגן, זיך געפליסט צו פאַרפלעקן אייער נאָמען, האָב איך, צוליבן איינפאַכן פאַרלאַנג ווידערצושפּרעכן, געזאָגט דווקא דעם היפּך פון דעם. נאָר, אַז איך בין געקומען אַהער צו פאָרן און איך האָב אָנגעהויבן זיך אַריינטראַכטן טיף אין דעם,

וואָס איר האָט מיט מיר געמאַכט, הויב איך אייך אָן צו האַסן. דאָס דאָזיקע געפיל פאַרשטאַרקט זיך מיט יעדן טאָג און אויב עס וועט דערגיין צו אַ באַשטימטער מדרגה, וועט די דאָזיקע גאַנצע געשיכטע זיך ענדיקן שלעכט פאַר אייך און פאַר מיר.

איך קאָן נישט זאָגן, אַז איר האָט מיך אָפּגענאַרט; אדרבא, איר זייט אפילו געווען אומבאַגרייפלעך אָפן. אָבער אויב אַלע אייערע געשפּרעכן וועגן קייזער, גאָט, נשמה — זענען בלויז אַ געשיקט מיטל צו באַקומען אַן עקזאַלטירט מיידל פאַר זיך אַלס געהילפין, בכדי זיך אויפצוהויבן אויף אַ העכערן שטאַפּל פון דער מאַכט, איז דאָס שוין צו שווער. איר ווייסט גוט, פאַרוואָס איך בין אַוועק אויף דעם וועג. מיך קאָנט איר נישט מיט גאָרנישט בינדן. איך באַדאַרף זיך נאָר איבערצייגן, אַז איר זייט נישט דער, פאַר וועמען איך האָב אייך גערעכנט. דאַמאָלס וועל איך פאַר אַלעמען זיך מודה זיין אין פּראָוואָקאַציע. וואָס איך וועל שפּעטער טון, וועט איר זען...

איצט בעט איך אייך מיר צו ענטפערן. דאָס קליגסטע, וואָס איר קאָנט טון — איז צו זאָגן דעם גאַנצן, גאַנצן אמת. איך וועל אייך גלויבן. איך דאַרף וויסן, וואָס צו טון, אין וועלכער זייט זיך צו פאַרקערעווען. איר וועט דעם אמת יאָ זאָגן. מעגלעך, אַז דער טאָן פון בריוו וועט אייך באַליידיקן. נאָר אויב מען זאָל שוין פון דעם רעדן, האָט איר מיך געצוווּנגען איבערצולעבן אַזעלכע מינוטן, ווען איך בין געווען נאָנט פון דעם צו קומען צו פאָרן צו אייך און... אייך טויטן. איר וועט אוודאי אַ שמייכל טון, אָבער איך בין שוין אַזוי באַשאַפן, אַז מיט מיר טאָר מען זיך נישט שפּילן, דערפאַר וועט אויסקומען שווער צו באַצאָלן. איך גלויב אייך און וואַרט אויף אייער בריוו.

מאַניע ווילבושעוויטש.

דרייצנטעס קאַפּיטל

# אין א פינסטערן גרוב

— מען דאַרף אוועקשטעלן א דרוק... — דאָס איז געווען דער רעטונג־געדאַנק, וועלכער האָט זיך פאַרקליבן אויפן סאַמע אויבן פון ישראל־מיכלס מוח נאָך דער ערשטער וואָך פון זיין אומקער קיין ווילנע. אָן דעם דאָזיקן געדאַנק האָט זיך אָנגעשפּאַרט זיין צערודערטער קיום. ווי עס זוכט א ברעט א זיך טרינקנדער.

— א גרויסע דרוק אין ווילנע, א גאַנץ אַנדערע, ווי אין באָבּרויסק..

אין ווילנע זענען געווען נייע מענטשן. געציילטע האָבן פאַרשטאַנען, ווי וויכטיק עס איז ישראל־מיכלס אַראָפּקום. באַלד האָט מען אים א סך פאַרטרויט. זיין פּלאַן וועגן א דרוק האָט ער דערווייל געהאַלטן — אין זיך. ער האָט ליב פאַקטן, אָט — א הויז, וואָס שטייט אין גאַס, א בוים, וואָס וואַקסט — זענען פאַקטן. וועגן פּלענער דאַרף מען נישט ריידן. מען דאַרף טון.

אין ישראל־מיכלס מאַרך איז ערשט געשטאַנען מיט זיין גאַנצער וואָג דאָס צוויי שטאָקיקע ווייסע הויז אויף געאָרגיעווסקי. דאָרט אין הויז איז דער, פאַר וועמען ער מוז זיך ווייזן. ער מוז דאָרטן זיין. ער ליגט עס דערווייל אָפּ אויף מאָרגן. ער איז סתּם־אַזוי־זיך פאַרבייגעגאַנגען דעם הויז שוין אייניקע מאָל. האָט עס זיך אינגאַנצן אריינגעשטעלט אין קאָפּ ביי אים. עס האָט זיך געוואָלגערט א געדאַנק אין זיין קאָפּ, אַז אין דעם הויז וועט ער געפינען דעם פאָרהאַנג איבער דער דרוק, וואָס ער וועט מאַכן...

יערוּוויל איז איבער די ווילנער גאַסן געגאַנגען די רעוואָלוציע, ווי עס גייט א נישט־געזעענער, א נעלם. זובאַטאָווס „גרויסער ארעסט" האָט זי נישט געשאַדט.

— מיט א שפּענדל וועסטו די וויליע נישט פאַרהאַלטן...

ווילנע איז אויפגערודערט געוואָרן פון ארעסט פון זון פון ראש־ישיבה פון שמעלקעס קלויז. מען האָט אים ארעסטירט צוליבן

שטרייק פון די שניידערס. אים און נאָך אַנדערע האָט מען אין איין טאָג אַרויסגעשיקט קיין סיביר...

— אין סיביר...

— דעם ראש־ישיבהס זון...

— די שטרייקערס...

גאַנץ ווילנע האָט עס געוווסט. עס זענען געקומען באַגלייטן די אַרעסטירטע אפשר פינפהונדערט אַרבעטער. בעת די באַן איז דורכגעפאָרן אונטערן בריק האָט מען געשריגן:

— נידער מיט דער זעלבסטהערשונג!...

— דאַלאָי!...

דער ראש־ישיבה איז בעת־מעשה געזעסן שבעה נאָך זיין זון דעם לַמדן און דעם סיבירניק. ער האָט מער וועגן אים קיינמאָל נישט גערעדט.

כּאַדראַם איז די שטאָט אַוועק צוליבן שטרייק פון די קוימענ־קערער. זיי זענען געווען פּראָסטע, נישט גראַמאָטנע יינגען. זיך אַ סך אָנגעליטן פון די באַלעבאַטים. גאַנץ ווילנע שטרייקט — די שניידער, די גאַרבער, די זאָקנמאַכערקעס. פאַרוואָס זאָלן די קוי־מענקערער שווייגן זייערע באַלעבאַטים? — אין זייער טאַטנס טאַטן אַריין!... פאַר די „מענטשן" האָבן געווים נישט קיין „באַי־צע" די קוימענקערער, וועלכע זענען רק אויף די דעכער נישקשה!... עס איז שוין אַוועק די צייט, ווען דער באַלעבאָס האָט געגעבן אין יד אַריין וועמען מען דאַרף, און מען האָט אַ חצוף אַ קוימענקערער געבראַכט אין „רעמעסלענע אופּראַווע" און אים טאַקע אַריינגעצימבלט:

— זאָל ער וויסן, ווער עלטער איז!...

די באַלעבאַטים אַליין, געוועזענע קוימענקערער, ביטערע יינ־גען, האָבן אָפּגעמרסט די שטרייקערס. פּאָליציאַנטן האָבן זיי גע־שלעפּט איינע נאָך די אַנדערע, ווי די אָקסן, און זיי אַריינגעשיבנט אין אַנטאָקאָלער טורמע.

עס איז נישט געווען פאַר די קוימענקערער קיין תּכלית צו זיצן אין טורמע, האָבן זיי זי איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ. עס האָט זיי געצויגן צו די אויוונס און קוימענס און אין איין שיינעם פרי־

מאָרגן האָבן זיי די קוימענקערערס צערעכט געמאַכט — צענומען אויף איינציקע צינגל.

— זיי האָבן אויסגעקערט די קוימענס...

— אָבער אויף ריין..

אזוי האָט גערעדט גאַנץ ווילנע. גערעדט פון מאָטל דעם הויכן, דעם שוואַרצן קוימענקערער, די אַרבעטער האָבן זיך געפרייט. די ווילנער יידן האָבן דעריבער אָנגעהויבן רופן די „ברידער און שוועסטער" מיט איין נאָמען:

— די קוימענקערער...

און אַז מען האָט נאָכדעם עטלעכע קוימענקערערס אויך אָפּגעשיקט מיטן עטאַפּ קיין סיביר, האָט ווילנע געזאָגט:

— עס וועט קלינגען מיט די ווילנער קוימענקערער גאַנץ רוסלאַנד...

— ווי אזוי?..

— מיט די קייטן...

זיבן וואָכן האָט זיך געצויגן דער שטרייק פון די שוסטערס אין לאַבונסקיס פאַבריק. עס האָבן דאָרט געאַרבעט שטרייק־ברעכער, וועלכע מען האָט אָפּגעהיט ביים טויער. האָט זיך אַ שטרייקברעכער איבערגעטון ווי אַ קוימענקערער, מען זאָל אים נישט דערקענען, אַז ער איז אַ שוסטער. מען האָט אים אָבער ארויפגעטון אַ זאַק אויפן קאָפּ און „באַצאָלט".

אויף דער ווילִיע האָבן פאַרשטרייקט די וואַסאָווניקעס, די פּליטן־פירער. פאַר ווילנע איז דאָס געווען בלויז צו שטוינען און זיך וואונדערן: „אָט די וואַסאָווניקעס, אָט די בולאַכעס, די גראָבע יונגען — נאַ דיר, זיי ווילן אויך נישט דעם קייסער!..." זיי האָבן די איינצלנע שטרייק־ברעכער געשלאָגן מיט „פּאַלמעס" איבער די קעפּ, אונטערגעהאַקט „פּאַנאַרן" אונטער די אויגן. עטלעכע פון זיי האָט מען אָפּגעשיקט קיין סיביר. האָט ווילנע געהאַלטן אין איין איבערדערציילן:

— אָט די וואַסאָווניקעס, די פערד־פירער, וואָס שלעפּן פאַר קייטן די קלעצער אין וואַסער אריין, די „פּיאַניצעס", די גראָבע יונגען — זע נאָר זע, אויך זיי — „דאָלאָי פּאָליציי"...

אין די ווילנער וואַרשטאַטן, ביי די שטעפּער און ביי די שוס־טער, און פריער פון אַלץ ביי די זאָקנמאַכערקעס, האָט מען דער־ציילט די מעשה מיטן בלינדן שטעפּער.

טויזנט זאָקנמאַכערקעס האָבן געהאַלטן אין מיטן שטרייק. כדי צו ברעכן דעם שטרייק, האָבן די פאַבריקאַנטן ארויסגעפירט אַרבעט קיין סמאָרגאָן. דאָרט אין סמאָרגאָן איז נאָך דער עולם פינסטער געווען און האָט געמאַכט די אַרבעט. מען האָט געדאַרפט אים אויפעפענען די אויגן און זאָל ער זען, וואָס ער טוט. פון ווילנע האָט מען אַראָפּגעשיקט קיין סמאָרגאָן ראובן דעם בלינדן שטעפּער. אויב די סמאָרגאָנער זאָקנמאַכערקעס זענען נאָך נישט באַוווסטזיניק, טאָ זאָלן די סמאָרגאָנער שטעפּער און גאַרבער נישט לאָזן מאַכן די שטרייקברעכערישע אַרבעט אין זייער שטאָט

ראובן דער בלינדער שטעפּער, אַ נידריקער און אַ דאַרער, מיט אַ שוואַרצן קאָפּ, וואָס איז פינסטער און רייסט זיך פאָרויס, אַרויס פון קערפּער, ווי אַ פייל פון בויגן, איז געקומען קיין סמאָר־גאָן בלויז מיט אַ שטעקן אין האַנט און געטראָפן גלייך אַהין, וווּ ער האָט געדאַרפט:

— חברה, מען זאָל נישט אַרבעטן, איר הערט, וואָס מ'רעדט צו אייך? מען זאָגט אייך — נישט!...

פאַרנאַכט פון זעלבן טאָג, ווען די מאַליאַרעס זענען זיך צו־נויפגעקומען אויף זייער בירזע, האָבן זיי פּלוצלינג דערזען, ווי דער סאַטסקע פירט אַ יידישן בחור אויף אַ שטריק, צו וועלכן ער איז צוגעבונדן. דער בחור טאַפּט דעם וועג מיט אַ שטעקן.

— זע נאָר, ער שלעפּט אַ בלינדן...

— וועמען שלעפּט איר אויף שטריק?

באַלד האָט עמיץ אַ געשריי געטון:

— איך זאָג אייך, אַז דאָס איז ראובקע, דער בלינדער שטעפּער פון ווילנע...

עס האָט אַ קער געטון סמאָרגאָן. אויף מאַכן שהיות איז נישט געווען קיין צייט:

— יאַטן, זאָל ער מאַכן פיס...

— שניידט אָפּ די שטריק...

— ברענגט א טאָפּ מיט אש און דעם סאָטסקע אויפן קאָפּ...

חברה האָט ארומגענומען דעם סאָטסקע. זאָל ער זאָגן, ווען מען שלעפּט ער עם אויף א שטריק — וואָס מיינט ער זיך, אז דאָס איז א בהמה, וואָס?...

— א בונטאָווטשיק איז ער...

מ׳עט אים דערציילן א מעשה וועגן א בונטאָווטשיק. עס וועלן אים זיך אויפבונטעווען די געדערים און ער וועט דערזען זיין עלטער־באָבען.

עס פליט א האָליץ, א שטיין. עמיץ האָט דערלאַנגט א קנאַק מיט אַן ערדענעם טאָפּ. דער סאָטסקע האָט זיך געכאַפּט פייפן. עמיץ האָט געפייפט אויך פון דער צווייטער זייט גאַס. עס איז גע־לאָפן א גאָראָדאָוואָי מיט א בלאַנקער שווערד אין דער האַנט אויף מיטן גאַס. פּאָזשאַרניקעס זענען אונטערגעקומען.

דער מאַרק איז אַוועק כאָדאָראָם. עס האָט נאָר געפעלט, אַז די בודעס זאָלן זיך א הויב טון פון זייערע ערטער און אַוועק. די קרעמער האָבן געשריגן:

— זיי מאַכן חרוב א וועלט...

— זאָל מען די לאָבוסעס נעמען, זאָל מען זיי!...

וואָלט ראובן דער שטעפּער נישט געווען בלינד, וואָלט ער געקאָנט נעלם ווערן, אָבער גיי און היים א בלינדן אַנטלויפן, און ווו אים אהינצוטון אויף דער הייסער רגע איז נישט געווען, האָט מען אים געכאַפּט און געפירט אין אַרעסט אריין:

— ער איז שולדיק אין דער גאַנצער מהומה...

דער סאָטסקי איז געווען א צעבלוטיקטער. זיין באָרד, וואָס איז צונויפגעקלעפּט געוואָרן מיט בלוט, איז געוואָרן שמעלער, טונ־קעלער און גזלנותדיק. ער האָט געפירט ראובקען אין אַרעסט אריין מיט רציחה:

— מ׳עט דיר ווייזן גיין קעגן קייסער!...

אין סמאַרגאָן האָט אָבער מער קיינער נישט געמאַכט קיין זאָקן פּאַר ווילנע און אין אַלע פאַבריקן, אויף די בערזעס האָט מען דערציילט, ווי אזוי דער בלינדער ראובן האָט זיך געשלאָגן מיט

פּאָליציי אויף מיטן מאַרק, ווי אַזוי אַ שטאָט אַרבעטער האָט זיך פאַר אים אָנגענומען.

— און מען אַרבעט נישט!...

אין אָט דער ווילנע איז ישׂראל־מיכל אָראָפּגעקומען. ער האָט געהערט וועגן מענטשן, וואָס פירן אָן מיט דער באַוועגונג: זלמן דער בערשטער, אַלבערט זאַלקינד, בענציע, צביה, אַבּראַם.

-- און אַנמאַן פון ביאַליסטאָק...

פּאַמעלעך האָט ער זיך אָריענטירט אין דער סביבה, פּאַרזיכ־טיק, לאַנגזאַם האָט ער אַרום זיך אַרומגעשפּירט, ביז ער האָט גע־האַט דעם שמועס מיט אַלבערטן:

— איכ׳ל אָוועקשטעלן אַ דרוק...

ער האָט אָבער געשטעלט אַ תנאי, אַז ער אַליין, ישׂראל־מיכל, דאַרף זיין דער „פּאַרמיטלער" צווישן דער דרוק און דעם קאָמי־טעט. ער דאַרף מער קיינעם נישט האָבן. קיין „אַגענט" דאַרף מען נישט. אַנדערש וויל ער נישט.

עס איז געווען אָנהויב ווינטער פון 1899 יאָר. דער דריטער צוזאַמענפאָר פון „בונד" איז גערופן געוואָרן קיין קאָוונע. מען האָט געדאַרפט אַרומרעדן וויכטיקע זאַכן — וועגן באַטייליקן זיך אין אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין פּאַריז, וועגן עקאָנאָמישן קאַמף אין די שטרייק־קאַסעס, וועגן נאַציאָנאַלן פּונקט אינם פּראָגראַם פון „בונד", וועגן צענטראַל־קאָמיטעט און אויס־לענדישן קאָמיטעט, וועגן די מיטלען, מיט וועלכע מען זאָל אויס־אַרבעטן דעם פּאָליטישן זעלבסטבאַוווסטזיין פון די אַרבעטער־מאַסן, וועגן דער „אַרבעטער־שטימע" און „יידישן אַרבעטער".

ישׂראל־מיכל איז נישט געווען קיין דעלעגאַט צום צוזאַמענ־פאָר, ער האָט אָבער וועגן אים גוט געוווסט. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז ער מוז צום צוזאַמענפאָר קומען און שטעלן פאַר אים אַ וויכטיקע פראַגע, אַ זייער וויכטיקע. ניין, פאַרן צוזאַמענ־פאָר קאָן מען זי גאָרנישט שטעלן, מען קאָן זי גאָרנישט אַרויס־ברענגען פון מויל. זיי וועלן אַלע פּסקענען, ווי די שטרענגע דיינים:

— אסור חזיר...

ער וועט זיך דורכריידן מיט איינצלנע חברים. ער וועט קומען

אין קאָוונע און זען, ווי ס׳האַלט. דזשאַן קומט פון אויסלאַנד, וועט ער אפשר מיט איםריידן. ער וועט אים דערציילן וועגן זובאַטאָוון און זאָל דזשאַן זאָגן.

אפשר זאָל ער אינגאַנצן שווייגן? — ער זעט נישט מיט וועמען ער זאָל וועגן דעם ריידן. ער וועט זיך באַגוגענען מיט דעם, וואָס ער וועט דעקן דעם צוזאַמענפאָר. ער וועט אים זיכערן. און דאָס קאָן מען טון אויף אַזאַ אופן: ער וועט צו וויסן טון זובאַטאָוון, אַז ער, ישׂראל־מיכל, מוז פאָרן וועגן אַ וויכטיקן ענין קיין קאָוונע. זאָל ער זיך אויף אים פאַרלאָזן, זאָל ער נישט שיקן אהין קיין „שפּיק". זאָל אים קיינער נישט שטערן, און נאָכדעם וועט ער שוין אים, זובאַטאָוון, אַלץ איבערגעבן.

— מען וועט אים דאַרפן צווואַרפן אַ פּאָר פּישלעך...

ישׂראל־מיכל איז געקומען קיין קאָוונע און מען האָט אים צום צוזאַמענפאָר גאָרנישט צוגעלאָזט. צביה און זלמן זענען געווען בייז, וואָס ער איז אָראָפּגעקומען קיין קאָוונע. ווער האָט אים געהייסן קומען? ווער האָט אים געבעטן?..

— איך האָב עפּעס ערנסטעס...

— וועט מען ריידן דעריבער אין ווילנע.

— אָבער...

— ווי דערלויבט מען זיך אַזאַ אומפאָרזיכטיקייט, אַזאַ אומקאָנספּיראַטיווע האַנדלונג?....

ישׂראל־מיכל האָט זיך ארומגעדרייט איבער קאָוונע, געזעסן אויף אַ באַנק אויף קאָוונער בולוואַר, געגאַנגען קיין אַלעקסאָט איבער ניעמאַנער בריק, אַ שמעק געטון אין סלאָבאָדקע, וואָס ליגט אויף יענער זייט ווילייע, אַ שמעק געטון ארום דער דירה, וו דער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען.

דאָרט איז געווען אַ הייסע דיסקוסיע וועגן די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. דער יידישער אַרבעטער־קלאַס וואַכט אויף, ער וועקט אויך אויף גרויסע פאָלקס־מאַסן — וואָס זענען זייערע פאָדערונגען? —

וואָס הייסט „נאַציאָנאַלע פאָדערונגען", ווען עס איז נישטאָ

קיין פאטערלאנד, נאר — א וועלט, עס איז נישטא קיין נאציע, נאר — א מענטשהייט?..

אָבער די מענטשהייט איז נישט קיין אייגנארטיקע, באנוצט זיך מיט פארשידענע שפראכן, לעבט אונטער פארשידענע באדינגונגען. עס איז אַן אָרקעסטער, וואָס שפּילט אויף פארשידענע כּלים — אויף וועלכער כּלי שפּילן מיר?..

— דער יידישער פּראָלעטאריאט — האָט דזשאָן געזאָגט, — דארף א חוץ אָפּשאַפן די טשערטא, א חוץ די גלייכע בירגערלעכע רעכט, אויך פאָדערן גלייכע נאציאָנאַלע רעכט. וואָס זשע פאר א נוצן וועט האָבן דער יידישער אַרבעטער פון פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען, אויב אויף די פאַרזאַמלונגען וועט מען מוזן ריידן רוסיש, א שפּראך, וועלכע איז אים נישט פארשטענדלעך?

דאָס זענען זייער וויטע און זייער הויכע זאכן. די ארבעטער פון דער טשערטא פירן איצט קאַמפן מיט זייערע באַלעבאַטים, זיי פירן גרויסע און פאַרביטערטע שטרייקן, מען שלעפּט זיי אין די טורמעס, מען שיקט זיי אויף סיביר — נאציאָנאַלע פאָדערונגען, פרייהייט פון שפּראכן, עפּעס זענען עס דעליקאַטעסן פון אזעלכע טישן, וואָס „קלעפּן" זיך נישט אהער.

— מען מוז אויסמיידן אזעלכע פאָדערונגען — האָט געזאָגט צביה — וועלכע קאָנען אָפּווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון פּראָלעטאריאַט פון זיינע קלאַסן - אינטערעסן לטובת זיינע נאציאָנאַלע אינטערעסן....

— זיי זענען נישט צוויי באזונדערע, צוויי קעגנגעזעצטע אינטערעסן, זיי זענען אזוי ווי א קליאַמקע מיט א טיר...

— אָבער די נאָנטסטע אויפגאַבע — האָט אנמאן געזאָגט— איז אַראָפּוואַרפן די זעלבסטהערשאַפט, דעריבער דארף מען אויסמיידן, וועלכע ס'איז צעברעקלונג, פון די כּוחות. נאציאָנאַלע פאָדערונגען — זיי קאָנען שווערער מאַכן דאָס דערשלאָגן זיך צו דער וויכטיקסטער אויפגאַבע — אַראָפּוואַרפן דעם צאַריזם.

דער צוזאַמענפאָר האָט געלאָזט די נאציאָנאַלע פראַגע אָן א זייט. זאָל דער ענין רייפער ווערן. מען זאָל דערווייל זיך באנוגענען

מיט איניקע ארטיקלען אין „יידישן ארבעטער". דער צוזאמענ־פאר האט דערנאך געדעדט וועגן ערשטן מאי.

— מען דארף דעם היינטיקן ערשטן מאי פארוואנדלען אין אן ערנסטן ארויסמארש פון די יידישע ארבעטער. דער ערשטער מאי דארף אויפוועקן די פארשלאפנסטע...

אין צימער פון צוזאמענפאר איז שוין געווען טונקל. מען האט זיך נישט געאיילט אנצוצינדן ליכט. די טונקלקייט איז בעסער פאר דער קאנספיראציע און עס איז אויך עפעס שטיפער פון איר די דיסקוסיע. דער ערשטער מאי פון היינטיקס יאר פילט זיך דא אין דער טונקלקייט פון צימער ממשותדיקער.

— נישט באנוגענען זיך מיט פארזאמלונגען הינטער דער שטאט, אין די וועלדער, נאר פאר יעדן פרייז ארויסטרעטן אין די גאסן...

אין זעלבן פארנאכט איז ישראל מיכל געזעסן אויף א באנק פון קאוונער בולוואר, נישט ווייט פון פלאץ, וו עס איז געשטאנען נאפאלעאנס דענקמאל, נאפאלעאן מיטן אראפגעפאלענעם הוט. נאפאלעאן, וואס איז אריבערגעשפרונגען האפערדיק אויף זיין פערד דעם ניעמאן און פארשפילט די מלחמה. וועט ער, ישראל־מיכל, אויך פארשפילן אין אט דער ריזיקאלער שפיל, וואס ער הויבט אן?..

— א שפיל פארן טייוול...

שטיל און רואיק. איבער דעם בלייכן און גלייכגילטיקן פנים לויפן דורך עטלעכע נערוועזע צוקן. פון אונטער די אויגן ביז דער גאמבע טוען זיי א ציטער און פארשווינדן. א מענטש דארף קאנען זיך באהערשן. מען דארף זיין פעסט אין זיך און — רואיק. אזא רואיקייט, וואס ברענגט צו אן אויסערלעכער גלייכגילטיקייט.

ווען ישראל־מיכל איז מיט א צוויי טעג שפעטער אריין אין וואגאן, וואס פארט קיין ווילנע, האט ער געטראגן מיט זיך א וויכ־טיקע משא:

— דער צוזאמענפאר איז נישט דורכגעפאלן...

באלד האט ער אבער דערשפירט, אז עס איז גארנישט אזוי איינפאך, ווי ער האט זיך עס פארגעשטעלט. ער האט באלד באקו־

מען פון זובאַטאָוון איין בריוו נאָכן צווייטן, וועלכע זענען געווען אדרעסירט:

— מיסטער יאָעל ריין...

אין די בריוו האָט זובאַטאָוו געפאָדערט אינפאָרמאַציעס. גאַנץ קאָנקרעטע.

האָט ישראל־מיכל צוויסן געטון:

„נ. ש—טש האָט דערפונדן א נייעם דרוק־פּרעס. „וופּעריאָד" דרוקט זיך אין קיעוו".

דאָס איז געווען ווייניק. זובאַטאָוו האָט געפאָדערט ידיעות וועגן צעקאַ.

האָט ישראל־מיכל צוגעוואָרפן:

„דער טעטיקסטער מיטגליד פון „צעקא" איז ד. פּ—ץ, א זון פון א רופא, וווינט אין ווארשע אומלעגאַל, ער האָט פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד און מיט די דרוקערייען אין רוסלאַנד. „אַרבעטער־שטימע" נומער 14 האָט מען געדרוקט אין אויסלאַנד."

זובאַטאָוו האָט זיך נישט באַפרידיקט מיט ישראל־מיכלס אומקלאָרע אינפאָרמאַציעס וועגן דעם, וואָס עס איז געשען אין קאָוונע און הלמאי ער, ישראל־מיכל, איז אַהין געפאָרן.

עס איז געוואָרן אַלץ שווערער, דער קאָפּ איז געוואָרן ווי א קאָוואדלע, אויף וועלכער עמיץ האָט געקלאַפּט מיט א האַמער. א שטריק האָט געצויגן אין א פינסטערן גרוב.

פערצנטעס קאַפּיטל

# א מענטש אין גאס

ישראל־מיכלס נייע דרוק איז פאַרטיק געוואָרן. דאָס קעסטל שריפט איז געווען קונציק פאַרטאָן אין א ברעט אונטערן פענצטער, צו וועלכן מען האָט געקאָנט צוקומען מיט דער הילף פון א ספּעציעלן מעכאַניזם. דער פּרעס איז געווען איינגעמויערט אין

קאכל־אויוון אזוי, אז קיינער האט עס נישט געקאנט באמערקן.
די ארבעט איז אוועק גוט.

צווישן קאמיטעט און דער דרוקעריי איז געשטאנען איין
ישראל־מיכל. ער האט קיינעם אהין נישט צוגעלאזט. ער אליין איז
געווען געזיכערט פון א דורכפאל, די דרוק שטייט אויף אן אייז
זערנעם פונדאמענט!..

דארט אין מאסקווע איז געשטאנען דער וואלף. ער מוז באַ־
קומען רויב. ער מוז פארצוקן. ישראל־מיכל דעקט די דרוק,
צוווארפנדיק אהין פון מאל צו מאל א קרבן.

ישראל־מיכל איז געגאנגען אין גאס, ווי זיין שטייגער, איי־
נער אליין. אים אנטקעגן איז אנגעקומען אן אומבאַקאנטער רוס
און אים אנגערופן מיטן אפגערעדטן צייכן:

— מייסטער יאַעל ריין...

ישראל־מיכל האט זיך באהערשט. ער האט זיינע אויגן
באלד אפגעטונקט אין גלייכגילטיקייט:

— זייט מוחל, איר האט א טעות, איך הייסט נישט אזוי...

— אנטשולדיקט, איר הייסט אזוי: יאַעל ריין...

איך האב צו אייך אן ענין פון מאסקווע... — האט יענער
נישט גערעדט, נאר שטיל באוועגט מיט די ליפן.

— וואס ווינטשט איר?..

— א פאקעטל פאר אייך און — דאס אלץ. באקומט אים.
איר דארפט נאך ארייננקומען צו מיר אין קאמערץ־האטעל נומער
זעקס...

— גוט...

— צום ווידערזען...

— ווידערזען...

ישראל־מיכל האט זיך נישט געאיילט מיטן עפענען דעם דיקן
קאנווערט. ער האט דאס געטאן ערשט דעמאלט, ווען ער איז גע־
ווען אליין ביי זיך אין ווארשטאט, ווו ער האט געמאכט שלעסער
און פרעס־דרוקן.

אין קאנווערט איז געווען געלט. געלט פאר שלעסער, אבער —

א גרעסערע סומע. א צו גרויסע. דאָס וואַרפט מען אויף אים
אַזש פון מאָסקווע אַ גאָלדענעם שטיין.

— פון זובאַטאָוון..

ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַלטן אין זיינע הענט, אַלס
זיין אייגנטום, אַזא גרויסע סומע. וואָס זאָל ער מיט דעם טון? —
אָפּגעבן צוריק דעם אומבאַקאַנטן? — דאָס קאָן ער נישט. יענער
וועט נישט נעמען. עס וועט אים אויך זיין זייער אויפפאַלנד.
יענער וועט גיין דערציילן ווילנער פּאָליציי, דער אָכראַנע.

— נאָר נישט טומלען...

ער וועט דאָס געלט פאַרהאַלטן. עס איז א גרויס פאַרמעגן.
אוודאי — פאַרהעלטנישמעסיק. זאָל זיין שאַ־שטיל. עס וועט צו־
נוץ קומען. אויב אויסנוצן זיי, דאַרף מען זיי אויסנוצן אין אַלץ.
די רעוואָלוציע דאַרף אויך געלט. —

ביי זובאַטאָוון וועט דאָס אָבער הייסן, אַז ישראל־מיכל האָט
דאָס געלט צוגענומען פאַר זיך. ער פאַרקויפט זיך. וועט ער אים
טאַקע זאָגן:

— איר זאָלט עס מער נישט טון. ישראל־מיכלען קויפט מען
נישט...

— פאַרוואָס ־ זשע דען טוט ער אים אַלע „געפעליקייטן"? —
זובאַטאָוו ווייסט, אַז ישראל־מיכל האַלט נישט פון זיין אי־
דייע — פאַרוואָס־זשע דען? —

איז דאָס א געיעג פון צוויי יעגער איינער נאָכן אַנדערן:
ווער וועט וועמען איבעריאָגן, ווער וועט פריער כאַפּן דעם האָז?..

פאַרוואַרפט זובאַטאָוו ווענטקעס: אונטערשריפטן, אייגנהענ־
טיקע מעלדונגען דעם פּראָקוראָר, א פּאַקעט מיט געלט...

מאַכט ישראל־מיכל פּרעס־דרוקן מיט געהיימע מעכאַניזמען,
דעקט דעם צוזאַמענפּאַר אין קאָווגע, דעקט דעם צעקאַ. —

ווער וועט אַרוים א זיגער? —

די נעץ איז אויסגעשפּרייט און דער יעגער ישראל־מיכל איז
גאָר אליין א פוקס אין נעץ. און פון דער נעץ איז זיך נישט
אַרויסצוקריגן. יעגער־ביקסן זענען אָנגעשטעלט פון אַלע פיר זייטן.

—מען מוז גיין אין קאַמערץ־האָטעל, צימער נומער זעקס...

יענער האָט געוווסט בלויז אַפּצוציילן אַ פּאָר ווערטער:

— רופט מיך „נעמעץ". אַזוי איז מיין פּסעוודאָנים פאר אייך. זובאטאָוו פארלאנגט, אַז איר זאָלט דרינגנד ארויספאָרן קיין מאָסקווע.

— און דאָס געלט?

— אויף דער הוצאה...

דער „נעמעץ" איז געווען אַן עלטערער מענטש, אַ גרויער, מיט אַ צעקנייטשטן פּנים און קליינע אויגעלעך, ווי פארגעלטע ראָזשינקעס. אונטער די אויגעלעך און צווישן די קנייטשן איז געווען זייער פיל באהאלטן. די אויגעלעך זענען געווען אַזוי ווי נעבכטיקע, אַלט־געבאקענע, גליענע.

— איר דארפט מיר אונטערשרייבן די קבלה אויפן געלט...

— איכ'ל נישט שרייבן...

— עס איז נישט נויטיק אייער נאָמען, גענוג איז אַ צייכן...

— איכ'ל גאָרנישט שרייבן...

— אַ קבלה מוז איך האָבן.

זיי האָבן זיך קאַלט געזעגנט, אַזוי קאַלט, ווי עס איז געווען זייער באגעגעניש. ישראל־מיכל מוז פאָרן קיין מאָסקווע. פאר די נאָנטסטע האָט עס געהייסן, אַז ער פאָרט נאָך אַ וואַליק צו דער דרוקעריי, וואָס מען באקומט בלויז אין פּעטערבורג. פאָר געזונט, ישראל־מיכל, זיי נאָר פאָרזיכטיק, וואָרום זובאטאָווס „קאַצאַפּעס" שפּירן אַלעמען נאָך.

ישראל־מיכלען דאַרף מען נישט לערנען פאָרזיכטיקייט, זייט זיכער.

— זייט געזונט...

אין קאַבינעט פון מאָסקווער אָכראַנע האָבן זיך פון ביידע זייטן טיש ווידער באגעגנט — זובאטאָוו און ישראל־מיכל. ביים טיש זענען געזעסן צוויי פוקסן. ביידע האָבן זיי געוווסט איינס: נאָר נישט איבעריציען דאָס שטריקל.

— איר האָט מיר, הער קאַפּלינסקי, צוגעזאָגט דערציילן וועגן אייער רייזע קיין קאָוונע

— איך בין דאָרט נאָר געוואָר געוואָרן, אַז מען האָט אויס־געקליבן אַ נייעם צעקאַ.
— ווען?
— איך ווייס נאָר זיין זיץ־אָרט.
— און וואָס נאָך?
— ער באַשטייט פון דריי מענטשן.
— איר זאָגט וועגן זיץ־אָרט.
— יאָ, אין ווילנע.
— און איך האָב אַן אַנדער ידיעה, אַ זיכערע.
— בין איך טאַקע זייער נייגעריק... — האָט ישראל־מיכל געזאָגט.
— עס איז גישט וויכטיק. איך בין זיכער, אַז איר קאָנט לייכט וויסן די נעמען פון די דריי און עס צוווייסן געבן נעמעצן, מיט וועמען איר האָט זיך געווים באַקאַנט. גיט אים איבער אייערע איינדרוקן. איר מעגט זיך אויף אים פאַרלאָזן, ווי אויף אַ עגיפּ־טישער מומיע. אייערע איינדרוקן זענען מיר זייער אינטערעסאַנט.
— קאָן איך וויסן — האָט ישראל־מיכל געפרעגט זובאַ־טאָוון — וועגן וואָס איר האָט מיך דרינגנד אַרויסגערופן.
בלויז זיך צו זען מיט אייך. מער פאַרלאַנג איך פון אייך גאָרנישט. איר ווייסט, אַז, דערלויבט מיר צו זאָגן, מיין באַוועגונג אַנטוויקלט זיך. איך בין אָבער זייער אומרואיק. אין לאַנד ווערט אַלץ רודערדיקער. אפשר גרייז איך, אפשר מאַכן מיר עפּעס פעלערן? — אייער מיינונג שעץ איך זייער. איך האָב פּשוט אייך געוואָלט זען. איך האָב געגלויבט, אַז מיט וויכטיקע איינדרוקן וועט איר זיך טיילן...
— איך קלער, אַז מען איז מיר אין עפּעס חושד, נישט אַלץ דערציילט מען מיר, איך מוז זיין זייער פאָרזיכטיק...
— איך פאַרשטיי, איר זייט גערעכט. אָבער איר זייט דאָך אין די שפּיצן.
— איך באַמי זיך איינצוהאַלטן קאָנטאַקט.
זובאַטאָוו האָט אַרומגעדרייט אַרום ישראל־מיכלען נאָך אַ שטריקל

— איך וואָלט אייך וועלן עפּעס זאָגן וועגן אייער פּערזענ־לעכן ענין, אַט — די מעשה באַברויסק. איך באמי זיך זי איינגאַנצן צו צערייבן, אָבער דער פּראָקוראָר איז קעגן דעם. ער פאָדערט אַ געריכט. אין אזא פאל שמעקט עס מיט גרויסע אומ־אַנגענעמלעכקייטן, מירן זיך באמיען, ווי נאָר מעגלעך...

— וועגן אייערע ערנסטע לייסטונגען קאָן איך דאָך דעם פּראָקוראָר נישט דערציילן... — האָט זובאַטאָוו צום סוף געזאָגט.

ישראל־מיכל האָט געזען מיט די אויגן, ווי די קנויל וואַקסט: זובאַטאָוו, דער פּראָקוראָר, געלט, מעלדונגען, טעלעגראַמעס, מייסטער יאָעל ריין, דער שאָטן פון „אַלטיטשקען", פון „נע־מעץ"...

— און מען מוז קריכן טיפער.

פון געלט האָט ער שוין אַ טייל אויסגעגעבן. און וואָס וועט אַרויסקומען פון דעם, וואָס ער וועט אָפּגעבן צוריק? — זאָל שוין זיין אזוי ווי ס'איז.

אפשר וועט גאָר אויסקומען אָפּציען, אַריבער די גרענעץ — און פּטור פון אַלץ.

די מעשה מיטן „פּערזענלעכן ענין" איז אַ דראָאונג. אַ שטריק אויפן האַלז.

זובאַטאָוו האָט אָבער פון אים גאַנץ ווייניק אַרויסגעדריקט: געקליבן אַ צעקאַ, דריי מענטשן, ווילנע און — דאָס אַלץ.

דער צוג פאָרט צוריק קיין ווילנע. אין גוף איז אזא שווערקייט. אינעווייניק איז אָנגעגאָסן בלײַ. קאַלטער, שווערער בלײַ.

— ווען קאָן אויסברעכן די רעוואָלוציע! ווען קאָן עס געשען?— — זאָל עס זיין וואָס פריער...

דעמאָלסט וועט זיין אַ סוף צו זובאַטאָוון, אַ סוף צו אַלץ.

דאַרף מען זען, אז די דרוקן זאָלן גוט קלאַפּן. ער דאַרף איצט אַרויסענדיקן די דרוק פאַר קישעניעוו. דעם נייעם דרוק־וואַליק פירט ער מיט זיך.

## פופצנטעס קאַפּיטל

### 1

אויף דער דייטשער גאַס אין ביאַליסטאָק איז געשטאַנען דאָס צוויי־שטאָקיקע הויז, אין וועלכן עס האָט געוווינט דער דאָק־טאָר ראָזנטאַל. עס איז געווען אין מיטן טאָג. ביי דער הויז־טיר איז געשטאַנען אַ הויכער בלאָנדער מענטש, אַ באָרדיקער, אין אַ האַרטן קאַפּעלוש, לויטן אויסזען — אַ פאַרמעגלעכער סוחר. ער האָט געדריקט אין עלעקטרישן גלעקל.

די דינסט האָט געעפנט די טיר.

— דער דאָקטאָר איז איצט נישטאָ... — האָט זי שנעל אָפּ־געהאַקט, געזאָגט און געוואָלט צוקלאַפּן די טיר.

דער הויכער מענטש אין האַרטן קאַפּעלוש אין ציכטיקן בלאָנדן באָרד איז שוין אָבער געווען אין קאָרידאָר פון יענער זייט טיר.

— איך וועל צווואַרטן אויפן דאָקטאָר... — האָט ער גע־זאָגט דער דינסט.

די דינסט האָט צוגעמאַכט די טיר און געמאָלדן דער דאָק־טאָרין:

— אַ הער פרעגט זיך אויפן דאָקטאָר...

אַנאַ האָט איר יינגן, ענערגישן קאָפּ אַריינגעשטעלט אין טיר. יי האָט אויסגעזען העכער און שלאַנקער, ווי זי איז געווען באמת.

— איר דאַרפט דעם דאָקטאָר?.. — האָט זי געפרעגט — ער וועט קומען אין אַ שעה אַרום...

דער הער אין האַרטן קאַפּעלוש האָט זיך אַרומגעקוקט. ער האָט געזען, אַז אויסער זיי ביידן איז קיינער נישטאָ, האָט ער זיך אָפּגערופן:

— וועט איר זיין אַזוי פריינטלעך און מיך דערלויבן אַרי־בערצוגיין אין צווייטן צימער?

אַנאַ האָט זיך געוווּנדערט וואָס דער אומבאַקאַנטער הער וויל אַריינקומען אין אינעווייניקסטן צימער.

— קאָן איך וויסן ווער איר זייט?

— א באַקאַנטער. איך קום פון ווילנע...

אַנאַ האָט זיך אין דער רגע אזוי ווי איבערגעשטעלט אויף אַנדערע פּיס. אירע אויגן האָבן אַנדערש א קוק געטון. זי האָט פריינטלעך געזאָגט:

— אדרבה, קומט אריין אין צימער...

ער איז געגאַנגען נאָך איר. ער האָט א קוק געטון אויף די פענצטער און געוועזן צופרידן, וואָס עס הענגען איבער זיי דיקע גאַרדינען. פון דרויסן קאָן קיינער נישט אַהער אריינקוקן.

ער האָט לאַנגזאַם אויסגעטון דעם מאַנטל, אים אַליין אויפ־געהאָנגען אויפן געהעריקן אָרט, געטון עס אזוי ווי ער וואָלט שוין באוויזן דאָ צו ווערן א בן־בית, ער האָט זיך צוגעזעצט צום טיש און געזאָגט צו אַנאַן:

— איך הייס ראָזענבערג, איך קום פון פּראָווינץ צום דאָק־טאָר, און וואַרט דאָ אונטער אויף אים...

— איך פארשטיי... — האָט אַנאַ געזאָגט

זי האָט געוואַרט, אז ער זאָל נאָך עפּעס זאָגן. ער האָט אָבער מער גאָרנישט גערעדט. האָט זי זיך צו אים געווענדעט:

— איך וועל אייך געבן א גלאָז טיי. איר האָט דאָך גאָר־נישט קעגן דעם?

— ניין, גאָרנישט, אדרבה.

ווען זי איז שוין געשטאַנען ביי דער טיר, וואָס פירט צו דער קיך, האָט ער צו איר געזאָגט:

— איר וועט אויף מיר קיין פאראיבל נישט האָבן: גלייכער, אז נישט די דינסט זאָל אריינגעבן די טיי. אויב עס איז אייך נישט שווער.

זי האָט אין זיך עפּעס א טראַכט געטון. דער געדאַנק איז דורכגעלאָפן, ווי א ווינטל איבער די אויגן.

— גוט, גוט...

אין טיר האָט דער דאָקטאָר ראָזענטאַל שאַרף געקלונגען. ער איז געקומען אַהיים פון זיינע פּאַציענטן. ער האָט אין קאָרידאָר

זיך שנעל, טומלדיק אויסגעטון, אפגעאָטעמט פון ראשיקן און ענערגישן גאַנג און אריינגעפאַלן אין גרויסן צימער.

— מען וואַרט דאָ אויף דיר... — האָט אנאַ צו אים גע־זאָגט און צוגעגעבן שטילער און וויכטיקער: — אַ חבר...

ער האָט אַ קוק געטון אויף דעם מיטליאָריקן מענטשן מיטן בלאָנדן באָרד און אין בליק דערשפּירט, פון וואַנען דער מענטש קומט.

— פון ווילנע?.. — האָט דאָקטאָר ראָזענטאַל געפרעגט.

— כּמעט... האָט דער מענטש מיטן נאָמען ראָזענבערג געענטפערט.

זיי האָבן זיך וואַרעם באַגריסט, הגם איינער האָט דעם צווייטן ביז איצט נישט געקענט. דאָקטאָר ראָזענטאַל האָט צום ערשטן מאָל געהערט דעם נאָמען ראָזענבערג.

דער מענטש מאַכט אָבער אויסערלעך אַ וויכטיקן איינדרוק.

— ברענגט איר עפּעס נייעס?.. — האָט דער דאָקטאָר מיטן שוואַרצן קאָפּ געפרעגט בײַם סוחר מיטן בלאָנדן קאָפּ.

— איך קום פון ווילנע — האָט ער געענטפערט — איך האָב אַ גרוס פאַר אײַך פון טאַראַס. איך פאָר אַצונד פאַרבײַ ביאַליסטאָק אויפן וועג קיין וואַרשע. אין אַ פּאָר טאָג וועל איך זיך צוריקקערן. וועלן מיר שוין זיך דורכשמועסן גענויער. דער ענין איז אַ וויכטיקער.

ער האָט געהאַט מיט זיך אַ פּאָר געשריבענע ווערטער, וואָס זענען געווען זיין פּאַס און דאָקטאָרס הויז.

— אַך אַזוי?.. — האָט דער דאָקטאָר צו זיך אַליין גע־רעדט — אַזוי?.. —

אַ וויכטיקייט איז אַרויף אויפן דאָקטאָרס געזיכט, ווי אַ טוי אויף אַ געוויקס.

— איר וועט נישט פאַרגעסן דאָס פאַרניכטן... — האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט דער גאַסט — גלײַכער אַט שוין. אָט האָב איך אַ שוועבעלע...

דער דאָקטאָר האָט נישט געוווּסט ווער דער מענטש איז לויט זיין אמתן נאָמען. עס האָט זיך אים נישט געגלויבט, אַז

דאָס איז לחלוטין אַ נייער מענטש. דאָס איז אוממעגלעך. אַ נייער מענטש וועט נישט האָבן אזעלכע פאַר ווערטער און אזעלכע פולמאכטן.

מסתּמא איז דאָס אַ פארשטעלטער, אזא, וואָס באהאלט זיך אונטער אַ נייעם נאָמען. ער וועט אָבער נישט איבערפרעגן.

מען איז געגאנגען עסן מיטאָג.

עס איז געווען ביים טיש אַלץ אזוי ווי געוויינלעך ביים דאָקטאָרס טיש: דריי געריכטן, ווייניק ברויט, אַ גלאָז טיי מיט ציטרין מען האָט גערעדט וועגן די נייעס פון דער צייטונג:

— די „בורזשעוויע וויעדאָמאָסטי" שרייבן...

— אין „נאָוואָסטי" איז פאראן...

דער צוג נאָך ווארשע גייט אָפּ ארום זעקס אַ זייגער.

דער הער מיטן בלאָנדן באָרד האָט דאָ מער נישט דערוויל וואָס צו טון. ער וועט נאָר בעטן דער דאָקטאָרין, אז מען זאָל אַ זוך טון פאר אים אַ פּאסיקן צימער אין אַ שטילער אָפּגעלעגעטער גאַס, גלייכער אין אַ גוישער גאַס. ער וועט זיך דאָ באזעצן.

אנא האָט געפרעגט נייעס וועגן ווילנע. עס האָט איר שטארק אינטערעסירט, וואָס איז מיט דעם „לערער", מיטן נח'ן. מען האָט דערציילט, אז ער זאָל האָבן אנטלאָפן פון סיביר און דארף זיך אַ ליאדע טאָג באווייזן.

— ער באווייזט זיך אָבער נישט...

— אפשר איז ער ארייגעפאלן... — האָט דער גאַסט געזאָגט.

— אים וואָלט מען איצט דארפן האָבן. זייער נויטיק. עס וואָלט אנדערש אוועק די ארבעט... — האָט אנא ווידער געזאָגט.

— מ'קאָן נישט אזוי פיל שטעלן אויף אַ מענטשן — האָט דער גאַסט זיך אָפּגערופן. מען מוז שטעלן אויף זיך. ווען קיין אנדערע מענטשן זענען נישטאָ, מוז מען אליין זיין.

דער זייגער האָט זיך גערוקט. ער וועט שוין באלד דארפן פאָרן צו דער באַן. ער האָט נאָר נאָך עפּעס צו זאָגן דעם דאָקטאָר ראזענטאל:

— אז איך וועל צוריק קומען — האָט ער געזאָגט — וועלן

מיר האָבן צו דערליידיקן אַ ענין, איינגטלעך, צוליב וועלכן איך קום אַהער.

— קאָן מען אים וויסן?

— מיר'ן שוין רעדן וועגן אים בעת מיין צוריקקומען.

ער האָט אָנגעטון זיין מאַנטל, זיין קאַפּעלוש. גענומען דעם שטעקן אין האַנט. ער האָט אויסגעזען גענוג פארמעגלעך, רואיק און עלעגאַנט.

ער האָט ביים געזעגנען אַ שמייכל געטון, אפשר איז דאָס געווען אַ שמייכל איבער זיין באָרד און הארטן קאַפּעלוש.

ער איז געשטאַנען אין טיר.

— צום ווידערזען..

— צום ווידערזען וואָס פריער.

— איך האָף... נאָר מען איז דאָך שטענדיק ביים אויבערשטן אין האַנט...

די טיר האָט זיך צוגעמאַכט און אזוי ווי אָפּגעשניטן דאָס בילד.

— ווייסט, פּאַוול, וואָס איך וועל דיר זאָגן... — האָט אַנאַ זיך אָפּגערופן צום דאָקטאָר ראָזענטאַל אין דער שטיל.

— וואָס?..

— איך זאָג דיר, אַז דאָס איז נח...

— וואָס דיר פאַלט איין...

— אָט וועסטו זען...

* * *

אַנאַ האָט נישט געהאַט קיין טעות. דאָס איז געווען נח. פריער איז ער געווען אין מאָסקווע, געפונען פארבינדונגען און אריינגע־שיקט אַ „גריפס" אין טורמע־קאַמער פון אַלעקסאַנדער'ן. פון דאָרט איז ער אוועק קיין ווילנע און פון ווילנע איבער ביאַליסטאָק קיין וואַרשע.

אין אַ פּאָר טעג ארום איז ער געקומען צוריק קיין ביאַליסטאָק.

ארויפצו, אויף דער שטילער אַלעקסאַנדראָווסקער גאַס, איז געווען פאַר אים געדונגען אַ צימער.

דעמאָלסט האָט זיך געפונען דער צעקאַ פון „בונד" אין ביאַליסטאָק.

זעכצנטעס קאַפּיטל

# איבער דער גרעניץ

די ענינים פון די ארעסטירטע בעת דער „גרויסער ליקווי־דאַציע" זענען איבערגעגעבן געוואָרן דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, ער זאָל ארויסטראָגן וועגן זיי באַשטימונגען. ביז די דאָזיקע באַשטימונגען איז אַ גרויסער טייל פון די ארעסירטע ארויסגעלאָזט געוואָרן אויף דער פריי און געשטעלט געוואָרן אונטער פּאָליציי־אויפזיכט.

אַלעקסאַנדער און וולאַדימיר זענען באַזעצט געוואָרן אין ווילנע. דאָ האָבן זיי געוואַרט אויף זייער אורטייל. אַלע טאָג האָבן זיי זיך געדאַרפט מעלדן אין דער ווילנער אָכראַנע.

הגם דאָס מעלדן זיך זייערס איז געווען אַן איבעריקס. אָכראַנניקעס האָבן כסדר נאָכגעשפּירט זייערע טריט. זיי האָבן געמוזט אויסמיידן יעדע באַגעגעניש, כדי קיינעם נישט צו פאַרשלעפּן און פאַרשיטן. בלויז זיי ביידע, אַלעקסאַנדער און וולאַדימיר, האָבן זיך אַלע טאָג באַגעגנט און פאַרנומען לאַנגע שעהן אין שמועסן.

מיט ארבעט האָבן זיי זיך נישט פאַרנומען. זיי האָבן געקאָנט נאָר פון דער לופט אויפכאַפּן נייעס פון דער באַוועגונג. זיי האָבן געהערט און געזען, און געשפּירט, אַז עס גייט באַרג ארויף. פאַרשטיקטע כוחות רייסן זיך פון אַלע שפּאַרונעס. עס רייסט זיך דער אייז־דעק אין פרילינג, ער וועט צעשפּארט ווערן. צו טון איז דאָ זייער פיל.

עס איז געוואָרן זינלאָז, פּיינלעך דאָס זיצן און וואַרטן אויפן אורטייל.

— די פראַגע איז דאָך נאָר צו זעקס יאָר, צו אַכט יאָר, וועגן דעם נאָר ישובן זיך דאָך די פּעטערבורגער סוואָלאָטשעס, וואָס־זשע איז דער תּכלית צו וואַרטן?.. — האָט וולאַדימיר געזאָגט.

— עס איז נישט אַזוי די טורמע, די יאָרן אויף גאָרנישט, ווי דער חוב צו טון, און אין טורמע קאָן מען נאָר, אין בעסטן פאַל, בוילן... — האָט אַלעקסאַנדער געזאָגט.

מען דארף זיך „ארויסגליטשן". און דאס דארף מען טון, וואס פריער. דערווייל האבן זיי געהאט צייט ארומצוטראכטן און ארומצורעדן די הארבסטע פראגן.

דאס זענען געווען זעלטענע באגעגענישן צווישן די צוויי גרונטלייגער — וולאדימירן און אלעקסאנדערן. דער גוטער קאפ און געשיקטע הענט פון דער באוועגונג.

ישכר און זבולן.

דער עקאנאמישער קאמף טאר נישט אויפשלינגען דעם פאליטישן — האט וולאדימיר געטענהט — ער איז נאר א מיטל צו אנטוויקלען דעם פאליטישן און קלאסן - באוואוסטזיין פון דער ארבעטער־מאסע.

— נישט בלויז דאס — האט אלעקסאנדער צוריק געזאגט — די פארבעסערונג פון דער עקאנאמישער לאגע פון די ארבעטער איז פאר זיך אליין א וויכטיקע זאך. די ארבעטער זענען בחוש, וואס עס גיט זיי דער קאמף. דער ארבעטער מוז אויפהערן הונגערן! ער מוז זען, אז דורך ארגאניזאציע ווערט אים אויך שוין בעסער...

— מען טאר נישט ארויסלאזן פון אויג די באזונדערע לאגע פון די יידישע ארבעטער, זייער רעכטלאזיקייט, זייער פארגוואלדיקונג, דאס איזדעקעווען זיך איבער זיי. דאס איז ברען־שטאף. דער קאמף פון די יידישע ארבעטער ווערט דורכדעם עקשנותדיקער.

— פלאמיקער...

זיי האבן געגנישטערט אין די לעגאלע גרויסע רוסישע צייטונגען, וואס זענען געקומען פון פעטערבורג, פון מאסקווע. צווישן די שורות זענען אומגעגאנגען קלאנגען פון גערודער, וואס טראגט זיך איבערן לאנד. די דאזיקע אפקלאנגען זענען געווען טעמען פון נאכטראכטענישן און שמועסן.

— רוסלאנד וועקט זיך...

זיי זענען אפט געקומען ארומצושמועסן זייער אייגענעם גורל.

— דער צעקא דארף באשליסן וועגן אונז... — האט אלעקסאנדער געזאגט.

— וואס זאל ער באשליסן?.. — האט וולאדימיר געפרעגט.

— צי מיר זאלן בלייבן דא, צי מיר זאלן אוועקגיין.

— לאָמיר זיך א רגע באַזייטיקן — האָט וולאַדימיר גע־זאָגט — לאָמיר פאַרגעסן, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אונז פּער־זענלעך, און אָננעמען אַ באַשלוס וועגן צוויי אַזעלכע און אַזעלכע חברים...

— וואָס זענען עס מיר פאַר אַ באַשליסער. מיר זענען מער נישט דער צעקאַ...

עס איז אָבער באַשלאָסן געוואָרן אָן זיי. דורכן שיפר האָט נח עס צוזויסן געטון פון ביאַליסטאָק קיין ווילנע:

— זיי זאָלן זיך אָפּטראָגן.

מען דאַרף ווי געהעריק אָוועקשטעלן אַן אויסלענדישן קאָמי־טעט. מען דאַרף פון אויסלאַנד באַזאָרגן אין לאַנד ליטעראַטור. מען דאַרף גוט אָוועקשטעלן דעם „יידישן אַרבעטער", די באַוועג־גונג מוז האָבן שטענדיק גרייט אַן אַפּאַראַט, וועמען עס דראָט נישט יעדע שעה טורמע און סיביר. מען דאַרף אין אויסלאַנד זאָרגן פאַר מיטלען, אין וועלכע עס נויטיקט זיך די באַוועגונג.

— אַלעקסאַנדער און וולאַדימיר וועלן דאָס טון...

דורך מיצקונען האָט ער געפונען דעם וועג צו וויסן צו טון וולאַדימירן:

— איר דאַרפט אָנשרייבן אַ אַרטיקל וועגן דער זובאַטאָוו־טשיזנע פאַר דער „אַרבעטער־שטימע".

— נח האָט געהייסן זאָגן...

וולאַדימיר האָט נח'ן נישט געקענט. ער האָט אפילו נישט איבערגעפרעגט, וועלכער נח און וואָס שייך „ער האָט געהייסן". ער האָט געענטפערט מיצקונען:

— נו, גוט, כ'ל זען...

אַז דער אַרטיקל איז פאַרטיק געוואָרן, איז ער אַריבער צום מנקרל, וועלכער איז געגאַנגען איבער די הויפן מיט אַ קויש פלייש און דרייבעס אויפן קאָפּ און אויסגעזונגען:

— ווייבער — פלייש!.. כשר פלייש!.. פיסלעך, קעפּלעך, קישקעלעך — כשר!.. ווייבער — כשר!..

ער, דאָס מנקרל, איז געווען די בעסטע „פּאָסט". וועמען

קאָן איינפאלן, אז הינטער די קעפּלעך און פּיסלעך ליגט וולאדי־
מירס א מאַנוסקריפּט וועגן דער זובאַטאָוושטשינע?..

מען האָט אייליק געזוכט א פאַרבינדונג מיט גרענעץ־אַגענטן.
עס זאָל אָבער זיין געמוירעט! דערווייל איז געווען ערב פּרילינג.
אויף פּאָהולאַנקע, שניפּישאָק און רוזעלע האָט שוין געגרינט. די
ווילִיע האָט שוין געטראָגן אויף זיך פּליטן. מען האָט זיך געגרייט
צום „פּערווי מאַי".

עס וועט זיין אזוי:

די אַרבעטער וועלן אַרויסקומען אויף דער דייטשער גאַס. מ'וועט
גיין מיט ביידע טראָטואַרן. מיט דער דייטשער גאַס וועט מען קו־
מען צו דער ברייטער. אהין וועט מען אָנקומען פון אַלע זייטן. —

פּלוצלינג וועט מען זיך טון א לאָז אַראָפּ פון די „לאַוועס"
צום מיטן דער גאַס. עס וועט שווארץ ווערן די גאַס. א פאָן וועט
זיין גרייט, און..

נאָר הלמאַי זאָל מען כאַפּן פאָרוויס, וואָס עס דאַרף נאָך ערשט
זיין? אגב וויסן דאָך וועגן דעם וואָס עס דאַרף זיין נאָר געציילטע
מענטשן.

וולאַדימיר און אַלעקסאַנדער, וואָס האָבן זיך שוין געגרייט
„אַוועקצוגיין", האָבן דאָך געוואָלט זען דעם ערשטן מאַי אין
ווילנע. זיי זענען נישט געווען צווישן עולם, נאָר אָן זייט, אַביסל
פונדערווייטנס. —

וואונדערלעך! נישט אומזיסט זענען אַוועק די צוואַנציק חדשים
אין מאָסקווער טורמע.

— אַלעקסאַנדער, נישקשה אַ?..

— אוודאי...

זע נאָר זע, ווי עס זעט אויס די ברייטע גאַס! זע אַלעקסאַנדער
די פּנימער פון די אַרבעטער, זע דעם גאַנג! עס גייען רעוואָלוציאָ־
נערן! עס קומען צו און קומען צו. אזוי שנעל ווי דאָס גייט צו,
אזוי ווי שטראָמען אין ברייטן טייך. עס גייט דער אַרבעטער פון
נאָוואָגראָדער גאַס, פון זאַוואַלנע, פון די שולהויף־געסלעך.

דאָ איז איצט קיין פחד, קיין דורותדיקער פחד מער נישטאָ!..

— נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט!..

— זאָל לעבן די רעוואָלוציע!..
— זאָל לעבן דער סאָציאַליזם!..
מען איז שוין אויפן מיט פון דער גאַס. די טראָטוארן זענען מיט אַמאָל אָפּגעליידיקט געוואָרן. מען קלאַפּט שנעל צו די געוועל־בער. מען מאַכט צו באַלקאָנען. יידן לויפן אין די הויפן אריין. אויף מיטן דער גאַס איז די מאַסע א רגע געשטאַנען, באַלד האָט עמעץ א צי געטון. א רויטע פאָן האָט זיך א הויב געטון און אַלע הערצער זענען מיט אַמאָל שטייף געוואָרן. די רויטע פאָן פאַר־דעקט איצט די גאַנצע גאַס.
— נידער מיטן צאַריזם!..
די מאַסע גייט פאָרויס. מען גייט ענגער און שנעלער. עס גייט די רעוואָלוציע. נישטאָ מער קיין איינצלנע פּנימער, קיין איינצלנע מענטשן, קיין אַלטע, קיין יונגע. עס גייט דער פּראָלע־טאַריאַט!..
ער האָט ארויסגעשטראָמט פון אונטער די געוועלבן פון דורות און לאָזט זיך איבער דער שטאָט, איבער ווילנע.
איצט לויפט שוין פּאָליציי. זי פייפט. עס רייסט זיך די בהלה. באַלד וועלן זיך צוזאַמענשטויסןביידע כּוחות. באַלד וועט ארייננשיסן אין וועלט אין דער צווייטער.
אַלעקסאַנדער איז געשטאַנען אָן דער זייט און זיך צוגעקוקט, ווייט פון אים, אויף א צווייטער זייט, איז געשטאַנען וולאַדימיר און זיך אויך צוגעקוקט. אויף דעם דאָזיקן פראַגמענט פון רוס־לאַנדס רעוואָלוציע האָט געקוקט דער ערשטער צעקאָ פון „בונד“, וואָס איז ארויס פון טורמע.
און דאַרף א ליאַדע טאָג גיין איבער דער גרענעץ. —
— האָסט געזען, וולאַדימיר?..
— געזען. און דו, אַלעקסאַנדער?
— הערסט א שאלה!..

* * *

טאַקע אין מיטן מאַי זענען זיי ביידע אַוועק. זיי האָבן זיך געמוזט ארייננכאַפּן אין צוג, וואָס גייט אָפּ קיין קאָוונע, קיינער זאָל זיי נישט באַמערקן. און דאָס איז גאָרנישט פון די לייכטע

זאכן. „אָפּהאקן די שפּורן" — דאָס האָבן זיי שוין גוט געקאָנט, אָבער ארײנכאַפּן זיך אין צוג — דאָס איז געווען שווערער, ווייל דער וואָקזאַל איז דאָך געווען בסדר באוואכט.

דער אַלטער ווילנער וואָקזאַל האָט געהאַט א זייטיקע „קאָ־ליטקע", דורך וועלכער עס זענען נישט געגאנגען קיין פּאסאַ־זשירן. מען האָט געדאַרפט זאָרגן, אז זי זאָל זיין אָפן, און אָנ־קומען אהין האָט מען געדארפט אקוראט פארן דריטן קלונג.

עס איז געלונגען.

אין צוויי באזונדערע וואַגאָנעס האָבן זיך אריינגעכאַפּט צוויי ארום־פארקלײַדעטע פּארשוינען. אריין און — אויף דער דריטער פּאָליצע.

מען שלאָפט. דער פּנים איז איינגעטוליעט אין דער ברוסט. דאָס הימל איז נידעריק אראָפּגערוקט.

דער גרענעץ־שמוגלער איז אויך געווען אין צוג. ער האָט באַ־דארפט זיי היטן. אָפילו קיין בילעטן האָט ער פאר זיי נישט גע־קויפט. געזונטער איז געווען „אָפּצושמירן" דעם קאָנדוקטאָר און זאָל ער די צוויי פּאסאזשירן נישט וועקן ביז דער לעצטער סטאַציע.

זיי זענען דערפאָרן בשלום ביזן גרענעץ־פּונקט. קיינער האָט זיי נישט באמערקט. קיין „שאָטן" איז נישטאָ. איצט מוז מען אַלץ שנעל מאַכן, וואָרום ווי נאָר זיי וועלן זיך אינדערפרי נישט מעלדן אין דער אָכראַנע, וועט זיך אָנהויבן אַן אַליארם און מען קאָן זיי נאָך פּאַקן דאָ ביי דער גרענעץ.

נישט אַזוי איינפאך איז צוגעגאנגען דאָס שמוגלען די גרע־נעץ ביי קיבארטע. מען איז אריבער פון איין ליטווישן גרענעץ־שמוגלער צום צווייטן, מען האָט געדאַרפט דורכמאַכן די גרענעץ־בלאָטע, וואָס פארנעמט דעם שטח פון א האַלבן קילאָמעטער. צוזאמען זענען זיי געווען פינף פּאסאזשירן, און צווישן די פינף — א מיידל, וואָס איז געבליבן שטיין אין בלאָטע און אויף ווייטער גיין האָט זי נישט געהאַט נישט קיין כּוח און נישט קיין האַרץ.

און בלייבן קאָן מען דאָך נישט. מען דאַרף עס מאַכן שנעל, ווייל מען קאָן נאָך באמערקן. וואָס טוט מען מיטן מיידל? –

האָט זי אַלעקסאַנדער אַ נעם געטון אויף דער פּלייצע, וולאַ־דימיר האָט געהאָלפֿן. האָבן זיי געטראָגן אַ מיידל אויף די אַקסלען.

שאַ, שטיל, קיין הויך וואָרט, וואָרום אַ ליאדע שאָרך, און עס קאָן דורכפאַלען דער גאַנצער צעקא מיט אַ פרעמד מיידל אויף דער פּלייצע.

אַז מען איז אריבער די גרענעץ - פּאַס, איז מען נאָך נישט פּארטיק געווען. אויף אַ שטח פון אַ וויאָרסט פון גרענעץ - פּאַס האָט נאָך רעכט די רוסישע גרענעץ - וואך נאָכצושיסן. אמת, דער סאָלדאט מיט דער ביקס איז אַ „אונטערגעשמירטער" און דעריבער שטייט ער צו זיי מיט דער פּלייצע און קוקט אויף דער האַלבער לבנה, אָבער עס קאָנען אונטערקומען אנדערע שווארץ יאָרן. דערי־בער טאָר מען נישט גיין, נאָר קריכן אויף אַלע פיר, זאָל מען נישט מערקן, און אויב מען וועט מערקן זאָל די קויל נישט טרעפן. —

אין זעלבן טאָג, ווען אַלעקסאַנדער און וולאַדימיר האָבן זיך נישט געמאָלדן אין דער אָכראַנע און די אַגענטן האָבן זיי נישט געפונען אין זייערע וווינונגען, איז אַוועק אַ טעלעגראַמע קיין מאָסקווע גלייך צו זובאַטאָוון:

— אַנטלאָפן...

וולאַדימיר און אַלעקסאַנדער זענען אַנטלאָפן. די גרעסטע פויגל. דאָס האָט זובאַטאָוון געטראָפן אין קאָפּ אריין. מיט דעם ערשטן צוג איז ער געקומען קיין ווילנע. ער האָט געשריגן, גע־זידלט, איבערגעקערט די אָכראַנע:

— אידיאָטן!.. באַלוואַנעס!.. טויגעניכטסן!.. ווי אַזוי, ווי אַזוי טוט מען עס!.. ווי אַזוי דערלאָזט מען עס!..

זאָל מען זוכן, זאָל מען נישטערן, זאָל מען קלאַפּן טעלעגראַ־מעס. נאָר שריי הײנט, שריי מאָרגן — וואָס קאָן דאָ העלפן, ווען אַלעקסאַנדער און וולאַדימיר זענען שוין אין איידקונען? —

אָבער אויך אין איידקונען איז נאָך געווען ערנסט די סכנה. געוויינלעך פארהאַלטן די דייטשע זשאַנדאַרמען אַזאַ מין „רוס", אויב ער האָט נישט אַ געהעריקן דאָקומענט. מען שיקט אַזאַ אָפּ צוריק.

אַלעקסאַנדער און וולאַדימיר זענען אין איידקונען פאר־

וואנדלט געוואָרן אין אינטעליגענטע מענטשן. דאָס האָבן אויפגע־
טון די נייע דייטשע אַנצוגן. בילעטן אויפן שנעל־צוג האָט געקויפט
פאר זיי דער אַגענט, זאָל זיי גאַרנישט אויסקומען צוצוגיין צו
דער קאַסע, זיך ארומצודרייען אין וואָקזאַל. דער אַגענט האָט זיך
דאָך געוואָלט איינשפּאָרן: ער האָט זיי באַזאָרגט מיט בילעטן
שנעל־צוג ביז אינסבורן און פון אינסבורן דארפן זיי זיך איבער־
זעצן אין פּאַסאַזשיר־צוג, וואָס גייט נאָך קעניגסבערג, און פון
קעניגסבערג — נאָך בערלין.

זיי זענען געקומען צום וואָקזאַל האַרט פארן אָפּגיין פון צוג.
דער זשאַנדאַר האָט אין קיין זאַך נישט חושד געווען די צוויי עלע־
גאַנטע דזשענטעלמענער. דער צוג האָט באַלד געריַרט און אַוועק
איבער די דייטשע רעלסן.

אָבער דער שלימזל האָט זיך דאָך אַריינגעמישט. זיי זענען
ביידע געווען שטאַרק מיד פון די לעצטע טעג, מיד פון נישט שלאָפן,
פון נערוון־אָנשטרענגונג, און זענען אין וואַגאָן שטאַרק איינגע־
שלאָפן. ערשט פאר קעניגסבערג האָט דער קאָנדוקטאָר פעסטגע־
שטעלט, אַז די צוויי הערן האָבן בילעטן פון פּאַסאַזשיר־צוג און
פאָרן גאָר מיטן שנעל־צוג.

געבליבן זאָל זיין די דייטשע פּינקטלעכקייט. דער קעניגסבער־
גער באַן־נאַטשאַלניק האָט געהאַט אינטערעס בלויז פאר זיין זאַך —
פאר די בילעטן, וואָס זענען נישט געווען גילטיק פארן שנעל־צוג.
אים איז נישט אָנגעגאַנגען, פון וואַנען און ווי אַזוי די צוויי הערן
קומען אַהער. ער האָט נאָר געוואָלט אויסגלייכן דעם חשבון:

— איר מוזט איינצאָלן צו אַכט מאַרק..

אַזאַ קאַפּיטאַל איז נאָך געווען ביים ערשטן צעקאַ און זיי איז
געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט אָפּצופאָרן קיין בערלין.

אין בערלין האָבן זיי געהאַט אַ געהעריקן אַדרעס. דאָס איז
געווען דער פארבינדונגס־אַדרעס צווישן רוסישע און דייטשע סאָ־
ציאַליסטן:

— גענאָסע שערנבערג...

ער איז געווען דער פּאַרוואַלטער פון אַ פּאַרלאַג־קאָאָפּעראַטיוו
פון די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אַ נידעריקער, אַ בלאָנדער

מיט א פערציק־יאָריקן קאָפּ, מיט גוטע, גרויע אויגן, מיט א ווייכער, אויפריכטיקער שטימע, מיט א מחיהדיק הארץ.

וולאַדימיר און אַלעקסאנדער האָבן דעם געגאָסע שערנבערג דערקענט אינדערפרי, נאָכן אָפּשלאָפן א נאכט ביי אים אין שטוב, ווען זיי האָבן געהערט א גערויש פון דער ריינער און שטילער קיך פון געגאָסע שערנבערגס וווינונג. דאָס האָט ער טיכטיק געפּוצט די אומרייניע שיך פון די צוויי רוסישע געגאָסען. ער האָט ביידע שיך ארייגעבראכט גלאַנציקע און זיי אוועקגעשטעלט ביי ביידע בעטלעך, אין וועלכע עס זענען געלעגן, און שוין נישט געשלאָפן, די רוסישע געגאָסען:

— זאָלן די געגאָסן היינט שפּאצירן איבער בערלין אין גע־פּוצטע שיך..

דאָס איז געווען דער ערשטער מענטש, וועלכן דער ערשטער צעקאַ האָט געזען פון די „אויסלענדישע חברים". אַלעקסאַנדער האָט זיך א כאַפּ געטון צו אים מיט אזא פרייד, ווי בעת מען גע־פינט אן אויסטערלישע געפינס:

— געגאָסע שערנבערג... וואָס האָט איר געטון... הלמאי... געגאָסע שערנבערג...

— דאָס איז זייער איינפאַך. מיר זענען דאָך געגאָסן...

— א דייטשל קאָן... — האָט מיט אנטציקונג געזאָגט וולאַ־דימיר — ער וויל גאָר פּוצן אונזערע שיך...

— ווייסטו וואָס, וולאַדימיר — האָט אַלעקסאנדער געזאָגט צו אים — אָט דאָס איז א פּינטל מיטן אויג פון יענער וועלט, פון סאָציאַליזם...

— ער איז סתם א ווילער מענטש...

— א סאָציאַליסט און נישט — סתם...

מען דארף אויפשטיין. די צייט איז א שאָד. זיי זענען גע־פאָרן קיין אויסלאַנד נישט אויף צו ליגן אין בעטן, מען דארף ארבעטן. זיי האָבן וואָס צו טון דערווייל אין בערלין, אָבער באַלד וועלן זיי פאָרן פון דאַנען קיין זשענעוו. דאָרט וועט מען אוועק־שטעלן א דרוק. עס וועט דערשיינען „דער יידישער ארבעטער" אויף יידיש, „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיא" אויף רוסיש, „לעצטע נאַכ־

ריכטן" — אויף יידיש. דער עיקר וועט מען דארפן פארטיק מאכן בראשורן. דארט אין דער היים ווארטן די ארבעטער מיט גארונג.

פון זשענעוו וועט מען שיקן די אויסגאבן קיין בערלין. אין בערלין וועט מען מאכן די טשעמאדאנעס מיט די טאפעלע דעקן. דא אין בערלין וועט מען אויך מאכן די אריגינעלע איינבונדן פון די ביכער, און וועלכע עס וועט אריינגעבונדן די קארעספאנדענץ. מאכן וועלן עס די דייטשע גענאסן. גענאסע שערנבערג איז דער פארמיטלער.

פון בערלין וועלן גיין די טשעמאדאנס איבער דער גרענעץ קיין סוואלק, פון דארט — קיין ווילנע, קיין ביאליסטאק, קיין מינסק, קיין ווארשע...

פון געוווינהייט האלטן זיי זיך נאך אויך אין בערלין קאנספי־ראטיוו. רעדן ווייניק אויף דער גאס און באנוצן זיך מיט משלים. האבן נישט בײַ זיך אין די קעשענעס קיין טרייפענע זאך:

— טאמער מאכט מען אן אביסק...

ערשט נעכטן — דוכט זיך — איז דאס געווען, ווען וולאדי־מיר איז אליין געפארן פון ווילנע קיין מינסק, צו דער דארטי־קער אומלעגאלער דרוקעריי, זיך ארומגעוויקלט מיט א פאר טויזנט פראקלאמאציעס, א „באנדאזשירטער" אפגעזעסן א האלבע נאכט אין צוג, וואס איז געלאפן פון מינסק קיין ווילנע, און ארויפגע־בראכט אהין די סחורה בשלום. ער האט עס געמוזט אליין טון, ווייל אויף אן אנדערן האט ער זיך נישט געקאנט פארלאזן.

אלעקסאנדער קאן נישט פארגעסן, וואס בײַ אים, בײַ אזא אפגעהיטן מענטשן, האט מען בעתן אביסק געפונען דאס קליינע, דראבנע פאפירל מיט די דרייסיק פארשיפרירטע אדרעסן. און דער שיפר איז געווען אזא פושערישער, אז מען האט אים דארט אין פאליציי - דעפארטאמענט פונאנדערגעשיפרירט.

— איך האב מיין סחורה ארויפגעשלונגען און דו האסט נישט געקאנט זי מבער זיין... — זאגט וולאדימיר צו אלעק־סאנדערן. אבי דו ביזט אזא קאנספיראטאר...

צום נייעם שיפר וועט מען שוין אין פאליציי - דעפארטאמענט נישט געפינען אזוי גיך א שליסל.

זיי האָבן טאַקע מיט אים געשריבן דעם ערשטן בריוו קיין ביאַליסטאָק, צו נחן. געשריבן האָט ארקאַדי.

ער האָט גענומען אַ „בערלינער טאַגעבלאַט'' און געפּינטלט צו פּאָר אותיות אויף פאַרשידענע זייטן פון דער צייטונג. גע־פּינטלט מיט דראָבנע קוים־קוים באַמערקבאַרע פּינטעלעך. לויטן אָפּרייד האָט ער דאָס „בערלינער טאַגעבלאַט'' געפּינטלט לויט דער 93־טער זייטל פון אילאָווייסקיס געשיכטע.

עס האָט געהייסן אַזוי:

ער האָט, למשל, געפּינטלט אויף איין צייטונג־שורה אונטער דעם זיבעטן און אונטער דעם פופצנטן אות. דאָס האָט געוויזן: 7/15 — ס'הייסט: נעם טו אַ קוק אויפן אָפּגעשמועסטן 93־טן זייטל פון אילאָווייסקים געשיכטע אויף דער זיבעטער שורה און אויפן פופצנטן אות פון דער שורה. דער אות איז אַן „אַ''. אַזוי אַרום באַקומט נח דעם ערשטן אות פון אַלעקסאַנדערס בריוו.

נאָכדעם האָט ער געפּינטלט דעם פינפטן אות פון דער 13־טער שורה, באַקומט זיך 5/13, דאַרף נח אַ קוק טון אויף דעם זעלבן זייטל פון אילאָווייסקים געשיכטע אויף דער פיפטער שורה דעם 13־טן אות, באַקומט זיך אַ „ב''. —

און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער. אָט אַזוי וועט נח אין ביאַליסטאָק פון דעם צוגעשיקטן „בערלינער טאַגעבלאַט'' און מיט דער הילף פון אילאָווייסקים געשיכטע לייענען אַרקאַדים בריוו, איז געווען פאַרטרונקען אין גרינס. די טעג זענען געווען ליכטיקע.

אין בערלין איז דעמאָלסט שוין געווען חודש יוני. די שטאָט אין יענע זעלטענע טעג האָבן אַלעקסאַנדער און וולאַדימיר גערעדט צווישן זיך:

— ווי מיינסטו, וולאַדימיר, ווי לאַנג קאָן זיך נאָך האַלטן די זעלבסטהערשונג?

— כּל־זמן מירן זי נישט שטירצן...

— מיינסטו, אַז דאָס איז נאָך ווייט?

— אַלענפאַלס, נענטער ווי ווייטער...

אין רוסלאַנד האָט זיך די שטרייק־כוואַליע געטראָגן דורך נישט געזעענע כּוחות.

## זיבעצנטעס קאַפּיטל

# א י י מ י נ ס ד

זובאַטאָווס קאַרעטע איז געפאָרן אויף אַ גרויסן יאריד — זי איז געפאָרן קיין מינסק. טשעמערינסקי, וואָלין, מאַניע ווילבוי־שעוויטש, פּולקאָוויק וואַסיליעוו — זענען געווען די סוחרים. די בייטש האָט געהאַלטן זובאַטאָוו.

ער איז זיכער, אַז ער וועט דערלויפן צו דער מעטע. ער וועט אריבעריאָגן די רעוואָלוציע, הגם זי טראָגט זיך אין ברייטע כוואַ־ליעס. ער וועט גרייכן צום געגאַרטן פּונקט:

— זיין עקסעלענץ מיניסטער פאַר אַרבעטער־ענינים זובאַטאָוו.

נייע נעמען פון רעוואָלוציאָנערן האָבן געטראָגן די באַריכטן פון צפון־מערב־ראַיאָן.

עטלעכע מאָל זענען אָנגעלאָפן די כוואַליעס און אַ בליץ האָט זיך איבער זיי געוויגט:

— נח...

אָט דעם נאָמען ברענגען די ראַפּאָרטן פון די אַגענטן. ער געפינט זיך אין איבערגעכאַפּטע בריוו. דערשמעקט זובאַטאָוו, ווי אַ הונט אויף יאָגד:

— ווער איז ער? ווו איז ער?.. —

ווי ער וואָלט אים איצט פילן נעבן זיך, פּנים אל פּנים:

— ווער — וועמען?..

נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן!.. ער וועט אים צערייבן. — ער וועט קומען צו אים אין האַנט. נישקשה.

— ישראל־מיכל מוז אים ברענגען!..

מיט דעם ישראל־מיכל קאָן מען אויך צו קיין טאָלק נישט דערגיין. ער איז ווי אַ נאַסער פיש. אָט־אָט־אָט האָט מען אים אין האַנט און — אָט זוך אים אין טיפן וואַסער.

— ער ווייסט פיל מער ווי דאָס, וואָס ער דערציילט...

אַ גוטער געהילף פאַר זובאַטאָוון איז דער אָנפירער פון דער מינסקער זשאַנדאַרמען ־ פאַרוואַלטונג וואַסילעוו. צייט זיי האָבן

זיך ביידע באַגעגנט אין מאָסקווע, פאַרשטייען זיי זיך קעגנזייטיק. וואסיליעוו האָט באַקומען די „אידייע": אויפבויען א פּאַטריאַ־טישע, אַ צאַריש־טרייע אַרבעטער־באַוועגונג.

— מען דאַרף זיי, די אַרבעטער, פון מאָל צו מאָל עפּעס געבן...

— אַ גלעט טון...

— זיי דאַרפן דערפילן, אַז די זשאַנדאַרמען זענען מיט זיי...

— און דער צאַר...

מינסק איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס אָנגריף־פּונקט פאַר זובאַטאָוום אָנהענגער. דאָ האָט זיך פונאַנדערגעגאָסן אין דער ברייט די שטרייק־כוואַליע. טשעמערינסקי און מאַניע ווילבושע־וויטש האָבן זיך געדאַרפט אַריינשניידן אין דער כוואַליע, זי שפּאַלטן און אויסקירעווען צו וואַסיליעוון און פון וואַסיליעוון — צו דער „אומאָפּהענגיקער אַרבעטער פּאַרטיי":

— די ניעזאַוויסעמצעס...

דריי הונדערט שלאָסערס האָבן געשטרייקט. זיי האָבן גע־קעמפט קעגן אַרבעטן פערצן־פופצן שעה אַ טאָג.

— אַ צוועלף־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג קומט אונז...

— אַזוי שטייט געשריבן אין אַרטיקל 431 פון דעם האַנט־ווערקער־סטאַטוט...

מאַניע ווילבושעוויטש איז גאַנצענע טעג געווען צווישן די שטרייקער. מען האָט זי געקענט פאַר אַ רעוואָלוציאָנערין.

— זי איז פון יענע..

— פון די אַרבעטער...

זי האָט אָבער צוגערעדט, אַז מען זאָל זיך ווענדן מיט אַ דעלעגאַציע צום פּאָלקאָווניק וואַסיליעוו. דאָס געזעץ איז לטובת די שטרייקנדיקע שלאָסער, מוז די רעגירונג צווינגען די מייסטערס נאָכצוגעבן.

— און לאָמיר טאַקע זען...

— וואָרום וואָס דערלענגט מען, אַז מען גייט?..

דער פּאָלקאָווניק וואַסיליעוו האָט עטלעכע מאָל געשיקט צו די אַרבעטער און געלאָזט וויסן, אַז זיי זאָלן שיקן צו אים אַ דעלע־גאַציע.

— וועט ער אַלץ טון...

ביי די שלאָסער איז געווען אַ צעמישונג. די שטייפערע האָבן נישט געלאָזט גיין „נאָך אַ נדבהלע״.

— אַז מיר וועלן אונזערע פאָדערונגען אויסקעמפן, וועלן מיר זיין מיט זיי זיכער...

— און אַז מען וועט זיי אונז שענקען, וועט מען זיי צוריק אָפּנעמען...

דערווייל האָבן זיך די שלאָסער צוריקגעהאַלטן פון גיין צום פּולקאָווניק. ביינאַכט האָט מען יודל שלאָסער און לעווינען אַרעסטירט. אין דערפרי איז צוליב דעם געוואָרן אַ בהלה ביי די שלאָסער.

— ער וועט איינזעצן אין קוטשע און גיי שטרייק...

— וואָרום וואָס שאַדט דאָס, אַז מען וועט אַריבערגיין?...

מאַניע ווילבושעוויטש איז געווען אַ גאַנצן טאָג אויף דער בערזע. זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט גיין מיט דער דעלעגאַציע, און זאָלן מיר נאָר זען, ווי דער זשאַנדאַר וועט אָפּנאַרן די אַרבעטער.

סוף כּל סוף איז אַ דעלעגאַציע אַוועק. אַזוי ווי עס זענען געגאַנגען זייערע ייִדעס בעטן ביי נאַטשאַלסטווע.

— אייער פּאַרלאַנג — האָט דער זשאַנדאַרמען־פּולקאָווניק געזאָגט — איז אַ גערעכטער. איך וועל זיך ווענדן צום גובערנאַטאָר, צום פירשט טרובעצקאָי, ער זאָל אַרויסהענגען אַ פּריקאַז...

און די פּאָר שלאָסער פון דער דעלעגאַציע האָבן זיך צעוואַרימט די מה־יפיתדיקע נשמות. עס האָט זיי געלאָזט גריסן דער ייִדעלע דער שתדלן, וואָס האָט דערשפּירט אַ שמייכל פון דער שררה. איינער פון די דעלעגאַטן האָט באַלעמעלאָכיש געדרייט דאָס היטל זיינס אין דער שווערער האַנט און געזאָגט:

— מיר בעטן זייער...

— און דאַנקען...

באַלד איז אַוועק איבער דער שטאָט אַ קלאַנג: „דער גובערנאַטאָר פּריקאַזעוועט״...

שפּעטער האָט זיך באַוויזן אויף די גאַסן קוויטלעך פון גובערנאַטאָר אַליין, אַז היות דאָס האַנטווערקער געזעץ זאָגט אַזוי

און אזוי „פּריקאַזעוועט'' דעריבער דער גובערנאַטאָר פון מינסקער גובערניע...

און אזוי ווייטער.

איז אַוועק מינסק אויף רעדלעך: דער גובערנאַטאָר איז מיט די שלאָסער. דער פּולקאַווניק וואַסיליעוו איז מיט די שטרייקער.

יידן סוחרים און באַלעבאַטים האָבן געזאָגט:

— כאָפּט נאָך נישט, וואַרט אַ ווײַלינקעשקע...

מאַניע ווילבושעוויטש האָט געשריבן אַ בריוו צו זובאַטאָוון:

— וואונדערלעך איז די פּסיכאָלאָגיע פון המון. איין קליינער קוויטל פון גובערנאַטאָר האָט אויפגעטון מער, ווי צענדליקער טויזנטער רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס...

זובאַטאָוו האָט גלייך געענטפערט מאַניען:

— אין אייך טליעט אַ פייער פון אַ גרויסער פאָלקס־פירערן. רוסלאַנד דאַנקט אייך. איך וואָלט זיין צופרידן אייך צו דריקן פער־זענלעך די האַנט. ווען איך טראַכט וועגן אַפּאָסטאָל פון מיין אידייע, זע איך אייך, מיין בעסטן פריינט.

מאַניע האָט באַקומען דעם בריוו. פאַר אַ גרויסן פירער פון אַ גרויסער אידייע קאָן מען דאָס לעבן אַוועקגעבן. עס איז מער ווי ליבע. —

— זאָלן זיך נאָר נישט צעשפּילן די קראַנקע נערוון...

די שלאָסער זענען געווינען. איצט דאַרף מען געווונען די סטאָלאַרעס און פּריקאַשטשיקעס. —

די לעצטע האָבן געהאַלטן ערב אַ שטרייק. ווי לאַנג קאָן מען אַרבעטן פופצן שעה אַ מעת־לעת ביי גראָשענדיקע לוינען? —

— און גאַנץ רוסלאַנד שטרייקט...

„הערט אויף צו זיין משרתים, ווערט מענטשן''! — האָט זיך געזאָגט אין דער פּראָקלאַמאַציע פון מינסקער קאָמיטעט פון „בונד''. רוסלאַנד וואַרט אויף אייך. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט וואַכט אויף פון זיין לאַנגן שלאָף, אין וועלכן גבירים און רבנים, מגידים און שתדלנים האָט אים פאַרוויגט, און ער שטעלט זיך אין דער ערשטער רייע, ווי לאַנג נאָך וועט איר שלאָפן, פּריקאַש־טשיקעס''!...

עס האָט גענומען. א שוועבעלע אין בענזין. טאַקע אין דער אמתן — ווי לאנג איז דער שיעור? מען דאַרף ווערן אוים משרתים, נאָר מענטשן. דאַרף מען קעמפן.

— ארוים אין שטרייק, זאָלן די באַלעבאַטים צעפּלאצט ווערן!...

דאָ האָט מאַניע געאַרבעט מיט וואסיליעווען. די מאַסע פּרי־קאַשטשיקעס איז זייער גרוים, זיי זענען פול אין דער גאנצער שטאָט. לויט איר עצה האָט וואסיליעוו געשיקט רופן אייניקע פון די פּריקאַשטשיקעס:

— מיר וועלן עס דורכפירן אויף א פרידלעכן אופן — האָט ער געזאָגט — אזוי ווי מיר האָבן עס געמאַכט מיט די שלאָסער.

אין דעם זעלבן טאָג האָט א „פרידלעכע גרופּע" צעשיקט איינלאַדונגען צו אלע פּריקאַשטשיקעס אויף א פאַרזאַמלונג. און די איינלאַדונג איז אזוי געווען געשריבן:

„געערטער הער! מען לאַדט אייך איין צו קומען שבת דעם 11־טן יוני האַלב צוויי אַ זייגער בייטאָג אין זאַל „פּאַריז" צו באַהאַנדלען אייניקע פראַגן, וואָס זענען נוגע די אָנגעשטעל־טע פון דער שטאָט מינסק. ביים אַריינגאַנג דורכאויס ווייזן אָט די קאַרטע".

מינסק האָט ווידער געזשומעט:

— ווייזט אים דעם זשאנדאַר אייער פאַראַכטונג. ענטפערט דעם פּאָלקאָווניק, וואָס שלעפּט צענדליקער רעוואָלוציאָנערן אין טורמע און פאַרשיקט אין סיביר, מיט — א פּאַשאָל וואָן!...

— וועט מען זיין אומלעגאַל, וועט מען גאַרנישט קאָנען אויפטון...

— דער אַרבעטער־קלאַס פון גאנץ רוסלאַנד האָט אַלע זיינע אָרגאַניזאַציעס אומלעגאַל!... קוקט אין פּעטערבורג, אין ווילנע, אין אָדעס!...

— אַז דער זשאַנדאַמסקער פּאָלקאָווניק רופט, דאַרף מען קומען און הערן, וואָס ער וויל...

— זאָלן אים הערן זיינע אַגענטן...

שבת בייטאָג האָט מען זיך געזאַמלט אין זאַל „פּאַריז". די

אָרגאַניזירטע פּריקאַשטשיקעס זענען נישט געקומען. געקומען זענען נאָר די נישט־אָרגאַניזירטע. לכתּחילה איז געווען אין זאַל אַ גרויסער טומל. עס זענען געווען אַ מאַן פּירהונדערט. מען האָט נישט געוווסט וועך און וועגן וואָס עס שרייט. די לופט איז געווען עלעקטריזירט. עס האָט זיך געראַנגלט אין חלל פון זאַל טרפות מיט כּשרות, מען האָט זיך געוואָגרן מיט ביינער. דער זשאַנ־דאַרמסקער פּולקאָווניק וואַסיליעוו איז שוין געשטאַנען אויף דער טריבונע און אין זאַל האָט זיך אַלץ נישט געוואָלט איינשטילן דער טומל. צווישן עולם האָט עמעץ געשריען כּלומרשט אין דער וועלט אריין:

— יידן, עס איז שעטנז, שעטנז איז דאָס!...

איינער פון די פרידלעכע האָט זיך שטאַרק פאַרשעמט פאַרן פּולקאָווניק, הלמאי דער עולם טומלט אַזוי, האָט ער אַריינגעשריען אין זאַל:

— גאָספּאָדאַ!.. מאַלטשאַט!... זאָל זיין שטיל!... דער פּול־קאָווניק וויל רעדן!...

דער עולם איז אויף אַ ווײַלע שטיל געוואָרן. דער פּולקאָווניק האָט אָנגעהויבן זיין רעדע:

— גאָספּאָדאַ, איך וועל אייך דערקלערן די שעדלעכקייט פון פּאָליטישן קאַמף און די נוצן פון לעגאַלן וועג אויף צו באַפרידיקן די אַרבעטער־אינטערעסן...

ווען מען גיין מיטן לעגאַלן וועג, וועט ער העלפן מען זאָל זיך אויסבעסערן די לאַגע, ער וועט העלפן ביי יעדער גערעכטער פאָדערונג. אומלעגאַלע טעטיקייט וועט ער אָבער אויסוואָרצלען מיט די שטרענגסטע מיטלען.

— יעדן איינעם פון אונז — האָט ער געזאָגט מיט אַ גע־רירטער שטימע — טוט וויי, ווען ער זעט, ווי די בעסטע מענטשן, די פעאיקסטע, טיכטיקסטע און מסירת־נפשדיקסטע קומען אום אומזיסט און אומנישט אין די טורמעס. די מלוכה האָט דאָך נישט קיין אַנדערע וועגן, ווי אַזוי זיך צו באַפרייען פון זייער שעדלעכער טעטיקייט. עס זענען אָבער אומזיסטע קרבנות. עס ציטערט דאָס האַרץ ביים בילד, ווי זיי צאַנקען אין די סיבירער סטעפּעס!...

ווער דאַרף עס אַט די קרבנות!... די רעגירונג זאָגט צו די אַרבעטער: איר האָט רעכט אויף אַ קורצן אַרבעטסטאָג, אויף מענטשלעכע לוינען. אייערע באַלעבאַטים וועלן אייך נישט נאָכ־געבן, ווענדעט זיך צו מיר, איך וועל אייך באַהאַנדלען, ווי עס באַהאַנדלט אַ פאָטער זיינע קינדער. רוסלאַנד איז דאָך אונזער אַלעמענס מאַמע, דער קייסער — אונזער אַלעמענס טאַטע. פריד־לעך ברידער! נאָר פרידלעך, און איך זאָג אייך צו אין אַלץ צו העלפן, צו זיין מיט אייך!...

עלטערע פריקאַשטשיקעס זענען געלאָפן צו דער טריבונע און געוואָלט נישט אַנדערש, ווי נאָר טראָגן דעם זשאַנדאַרמסקע פּולקאָווניק אויף די הענט.

— אזא מענטש!...

— אזא גאָלד אַ האַרץ!...

נאָכן זשאַנדאַר האָט זיך באַוויזן אויף דער טריבונע מאַניע מיטן קורץ געשוירענעם קאָפּ, מיט דעם באַגייסטערטן פּנים, מיט דעם ווייט־פאַרוואָרפענעם בליק, מיט די נישט שיינע געזיכט־צוגן, זי האָט אָנגעקוקט אייניקע רגעס דעם צערודערטן עולם, וועלכער האָט זיך איינגעשטילט, שטילער, אינגאַנצן שטיל געוואָרן. צו איר האָבן געקוקט מיטליאַריקע מענטשן, עפּעס דערוואַרט, יינגערע — מיט נייגער, פּלוצים האָט זי אַזוי ווי פון ערגעץ טיף געטון אַ ריס אַרויס איר שטימע און זיך אַריינגעוואָרפן אין זאַל:

— טאָווארישטשי!... טאָווארישטשי!... זאָל מען שוין אויס־קלויבן אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל אויסאַרבעטן די פאָדערונגען און דער פּולקאָווניק וואַסיליעוו וועט זיין דער בורר — זייט איר איינשטימיק?

— בראַוואָ!...

— מסכּים...

— סאָגלאַסני... אוודאי...

דער עולם איז נאָך דער פאַרזאַמלונג אַרויס אויף דער גאַס. אין זאַל זענען געווען צופיל „שאַטנס'' און די אומצופרידענע האָבן געשוויגן. אויף דער גאַס האָט זיך פונאַנדערגעבונדן די צונג. מען איז נישט געגאַנגען אַהיים. לאַנג איז מען געשטאַנען אין גע־

זעמלעך, מען האָט געשריען, זיך געאַמפּערט, הויך זיך געקריגט.

— דאָס איז אַ וואָלף אין אַ מאַסקע פון אַ שעפּס...

— יאָ, מיר קענען שוין די פּיקסלעך...

— וואַסיעלעוו האָט אַזוי גערעדט, ווייל אין די הויכע פענס־טער האָט מען אַזוי געהייסן...

— מיט איין האַנט וואַרפט ער נדבות און מיט דער צווייטער פאַרוואַרפט ער פּעטליעס...

— מען קאָן זיך נישט באַפרייען פון עקאָנאָמישן יאָך, אויב מען באַפרייט זיך נישט פון פּאָליטישן...

עס איז שוין אַראָפּ אויף מינסק דער אָוונט, דאָ אַרום זאַל „פּאַריז" זענען נאָך לאַנג געשטאַנען קרייזלעך אַרבעטער, צו די פּריקאַשטשיקעס זענען צוגעקומען שלאָסער, צו זיי — שניידער, שוסטער, סתם מענטשן, מען האָט זיך געאַמפּערט, געהיצט, גע־מאַכט מיט די הענט — קיינער האָט נישט געפּילט און נישט גע־ווּסט, אַז דאָס הויבט אָן צו שטאַמלען אַזוי אַ נייע צייט זי זוכט ווערטער....

אין דעם זעלבן אָוונט האָט מאַניע געשריבן קיין מאָסקווע צו זובאַטאָוון:

— באַגריסט מיך מיטן זיג, מיטן גרויסן זיג. וואַסיליעוו איז אַ מענטש — אַ נשמה!...

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זובאַטאָוו געשריבן אַ באַריכט פאַרן פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אין פּעטערבורג:

„מען דאַרף אָנערקענען, אַז די אַלע ביז איצטיקע אומ־אָרדענונגען און בונטן קומען פאַר אויסשליסלעך דורך דער ווירקונג פון אויסערלעכע פאַקטאָרן און אויפן באָדן פון דער פינסטערקייט פון די מאַסן. די אויסערלעכע פאַקטאָרן העלפט מיט דאָס פעלן פון אַ גענוגנדער אויפמערקזאַמקייט צו די נויטן פון אַרבעטער־פאָלק און פון אַ ריכטיקער אָנפירונג מיט זיינע אינטערעסן".

ער האָט אונטערגעשטראָכן דעם לעצטן זאַץ.

נאָכן פּאַרטיק ווערן מיטן באַריכט האָט זובאַטאָוו פאַראָרדנט אייניקע נייע אַרעסטן אין מינסק, ווילנע און גראָדנע. די אָנווייזונ־

גען פון מאניען זענען געוועזן זייער ווערטפולע. ער האט צו איר געשריבן:

— טייערער מענטש, מלאך! מיין הארציקסטן דאנק. נישט אפלאזן. ארבעטן און מיר וועלן זיגן.

צו „ניעמעצן" אין ווילנע האט ער דעפעשירט:

— זאל דער מייסטער יאעל געבן אינפארמאציע וועגן נחן...

אכצנטעס קאפיטל

## ב י נ י ש

די ידיעות, וואס זובאטאוו האט באקומען, דערציילן, אז דער ענין איז גארנשט אזוי איינפאך:

די באשליסנדע ראל געהערט דער גרויסער, גראער מאסע. זי איז א ספינקס. נעבן איר — דעם ספינקס — שטייט א גרופע מענטשן, וועלכע אוזורפירט איר ווילן לטובת דער רעוואלוציע. די אומגעזעענע מכשפטע. אין איין שורה מיט איר שטעלט זיך א פולקאוויניק. א זשאנדאר. די גרופע רעוואלוציאנערן רופט ארויס די מאסע אויף סקאנדאלן, שטופט זי ארויס אויף אנטי־מלוכהשע מעשים, געוואלדטאטן. דער פולקאוויניק, דער זשאנדאר מוזן רעאגירן. מוזן זיי ארונטערגעריסן ווערן. —

איז דא נאר איין מיטל:

— עס מוזן קומען מענטשן פון זיי גופא. מענטשן פון אט דער מאסע. זיי וועלן עס אויפטון. —

אזעלכע ווי מאניע. אויך טשעמערינסקי. זי שרייבט באגייסטערט וועגן אים. ווו נעמט מען אבער נאך? —

— ביי זיי דארט ווייזן זיך אלץ נייע מענטשן. וויפל דו פליקסט פון זיי נישט ארויס, העלפט עס נישט, קומען באלד ארויס נייע...

— ווער איז דער נחן? —

ער איז פארשטעקט. מען זעט אים נישט ארויס.

— ישראל־מיכל שרייבט, אז ער איז יאָ אויף זיינע שפּורן, אז ער איז געווים אין ווארשע.

מען באשווינדלט אים. ער וועט זיך אָבער נישט לאָזן. ער פאר־שטייט זיך אויף דעם.

אויף זיין גענויער באריכט פארן פּאָליציי־דעפּארטימענט האָט ער באקומען א קורצע תּשובה פון דירעקטאָר זוואָלינסקי

— דאָס זענען אינטערעסאנטע פּרווון. אָבער מען קאָן זיי געוויינלעך דערלאָזן נאָר דאָרט, ווו עס זענען פאראן פארשטענדיקע מענטשן און זיי זאָלן וויסן וועגן וואָס און ווי אזוי צו רעדן.

קאַלטע שורות. —

ווארימער שרייבט מאניע:

„פיר הויפּט־פּאָכן — סטאָלארעס, שלאָסערס, איינבינדער און בערשטער טרעטן איינגאנצן ארויס פון דער רעוואָלוציאָנערער אָר־גאניזאציע. טשעמערינסקי איז איינגאנצן אריבער אין אונזער גלויבן. איך ווייס נישט צי ער האָט זיך פארליבט אין מיר, צו ער האָט זיך ווירקלעך איבערצייגט, אבי ער איז געוואָרן דער פלאמיקסטער פּריידיקער פון געדאנק, וועלכן איך פארטיידיק. זייענדיק א מיט־גליד פון מינסקער קאָמיטעט פון „בונד", האָט ער דעם גאנצן קאָמיטעט דערפירט צו אזא שטופּע, אז זיינע מיטגלידער האָבן איינגאנצן אויפגעהערט צו ארבעטן און זענען ארומגעלאָפן איינער צום צווייטן אזוי ווי צעטראָגענע מיט דער פראגע, ווי אזוי זיך ארויסצוראטעווען פון אָט דעם מצב. עס איז דערגאנגען צו דעם, אז זיי האָבן זיך אלע פארזאמלט אויף א גאנצע נאכט, כּדי צו קומען צו הסכּם. איך בין אויך געווען. מיר איז אויסגעקומען צו רעדן א שעה צוועלף. עס האָט זיך געענדיקט מיט א זיג! באגריסט מיך! מען האָט באשלאָסן, אז עס איז נויטיק צו האָבן לעגאלע אינסטיטוציעס, מען דארף לעגאליזירן די באוועגונג, א לעגאלי־זאציע א בהדרגה'דיקע. די דאָזיקע ארבעט האָט מען ארויפגע־לייגט אויף מיר און אויף טשעמערינסקין. עס איז אויך באשלאָסן געוואָרן שיקן א מענטשן אין צענטראל־קאָמיטעט, אים מודיע זיין וועגן אלץ, וואָס עס איז געשעןאון אויסהערן זיין מיינונג... איך בעט איין בייַ גאָט, מען זאָל קיינעם נישט ארעסטירן, אין מינסק טאָר

מען עס איצט נישט טון. דאָס וואָלט געווען אַ שרעקלעכער פּאָלי־טישער פעלער. וואַרט מיט דעם צו אַ ביסל. די אַרבעט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן, אָבער מען קאָן שוין פּאָרויסזען אַ סך. בענטשט מיך און העלפט נאָר דעמאָלט, ווען איך וועל אייך בעטן וועגן דעם".

מאָניעס ברייוו איז געלעגן אויף זובאַטאָווס טיש מיט פּאַפּירן, פון אַן אויפגעעפנטע וואַליזע מיט פונאַנדערגעוואָרפענע חפצים— קוקט אַרויס אַ שטיקל צירונג, אַ גאָלדן זייגערל:

— אַ מענטשן שיקן צום צעקאַ...

צום טייוול ווו איז דער צעקאַ? ווער איז ער? ער זוכט ערגעץ צווישן מינסק — ווילנע — קאָווגע — ביאַליסטאָק — וואַרשע. אָבער ווו איז ער!...

קאַפּלינסקי מוז עס וויסן. אפשר איז ער דאָס אַליין? —

ער מיט נחן?... —

— וואָס זאָגסטו, גערארדי?...

זובאַטאָוו האָט דעפּעשירט צו מאָניען:

— „פּאָר דו צום צעקאַ".

זי האָט געענטפערט:

— „דאָס לאָזט זיך נישט".

אין דערזעלבער צייט האָט נח געהאַט אַ קורצן שמועס מיט ביינישן — מיט דעם בריסקער בחור, פון די דאָרטיקע „צער־בעלי־חיימניקעס", דער זון פון שלאָסער, דער געוועזענער בית־מדרשניק מיט דער פּענסנע אויפן קורצן און ברייטן נאָז, דער, וואָס האָט שוין באַוויזן פאַר דריי־פיר יאָר אַזוי טיף אַריינפאָרן אין דער רע־וואָלוציע, אַז אַרויספאָרן פון איר קאָן ער נאָר ווען זי וועט זיין זיגרייך פאַרענדיגט, מיט דעם ביינישׁ, וואָס האָט נישט לאַנג גע־פירט דעם וועבער־קאַמף אין ביאַליסטאָק, צענויפגעשטעלט דעם בערשטער־אָרגאַן דעם „וועקער" — מיט אים האָט נח גערעדט:

— ביינישׁ, מען דאַרף פאָרן אויף אַ צייט קיין מינסק, און מאַכן אַ סוף מיט די שפּיצלעס

— מיט וועלכע שפּיצלעס.

— מיט זובאַטאָווס פּראָוואָקאַטאָרן.

דאָס איז געווען די תשובה פון צעקא אויף דער וועגדונג פון מינסקער קאָמיטעט, נאָכדעם ווי דאָרט איז פאַרשפּרייט געוואָרן די זובאטאָווסקע בלעטל,וועגן וועלכן זיי האָבן געשריבן, אז דער מאַי־טאָג האָט זיך אין רוסלאַנד גאָר פאַרוואַנדלט אין א טאָג פון קאַמף מיט דער זעלבסטהערשאַפט, אז די סאָציאַל־דעמאָקראַטן זענען די שולדיקע אין די אַרבעטער־הריגות, דער „בונד" איז באַזונדער שולדיק אין דער שלעכטע באַציונג פון דער רעגירונג צו די יידן.

ביניש איז אַוועק קיין מינסק.

פון איין זייט האָבן זיך פיל אַרבעטער געפילט ווי צעמישט. מען האָט פּלוצלונג דערשפּירט, אז דער באָדן אונטער די פיס איז געוואָרן ליימיק. דער קאָפּ און דאָס האַרץ זענען אָפּגעטראָגן געוואָרן אין א זייט און מען קאָן זיך עפּעס נישט ריר׳ן מיטן אַלטן גוף. פון דער צווייטער זייט זענען געווען אַרבעטער, וועלכע זענען געשטאַנען ביי זייערע ווערקשטעלן, ווי אַנגעגליטע, ווי עס ברענען גרויסע לייט־אייזנס אין בלעכערישע פייערקעס. זיי האָבן געוואָלט עפּעס א מעשה אָפּטון:

דעם וואַסיליעוון דאַרף מען אַוועקלייגן...

געווען א שניידער־מיידל אין מינסק — מאַריא. מאַריא זשע־לודסקאַ. זי איז געווען דער עקשנות'דיקסטער שונא פון זובאַטאָוון און וואַסיליעוון. די שנאה האָט אויסגעפילט יעדע צאָל פון איר לייב. פון איר גאַנצן גוף האָט מען מערסטנס אַרויסגעזען דאָס ברענענדע געזיכט, — ווי א לעמפּל אין א גרויסער לאַמטערנע ביי דער נאַכט.

שטומערהייט איז אַזוי ווי פאָרגעקומען א פאַרמעסטונג צווישן מאַריע, דער גראָדנער עקזאַלטירטער אינטעליגענטין, און מעריין, די שניידערין מיטן שוואַרצן קאָפּ.

כדי צו זען דעם שונא פּנים אל פּנים איז ביניש אַוועק אויף א פייערונג פון לעגאַלן טאַבאַק־פאַריין. זובאַטאָוו א וואָקזאַל. דאָ האָט זיך פאַרהאַלטן דער צוג פון דער רעוואָלוציע.

דער זאַל איז געווען א גרויסער. דאָרט זענען געווען פיל אַר־בעטער מיט זייערע פרויען — שבתדיק געקליידט. א גרויסער

עולם און א קאלטער, ווי א נישט-געהייצטע חרובע אין ווינטער. קיין פּאָליציי־לייט אין אוניפאָרמען זענען אין זאל נישט געווען, אָבער מען האָט געוווסט, אַז דאָ זענען פאראן שפּיקעס. בייניש האָט זיך דאָ געפילט, ווי אין א פּאָליציסקן אוטשאסטאָק.

ער איז געזעסן צווישן עולם. די פּנימער ארום אים זענען גע־ווען אומרואיקע. עטלעכע מאָל האָט ער געקוקט אויף דעם מענטשן, וואָס איז געזעסן הארט נעבן אים, וועמענס איינציקע אויג האָט זיך כּסדר געוואָרפן אהער און אהין, ווי א פּעמפּעדיקל:

— אן אייגענער?... א פרעמדער?... א שפּיצל?...

אויף דער טריבונע זענען ארויף רעדנער. דער הויפּט־רעדנער איז געווען טשעמערינסקי. ער איז נישט לאנג געווען אן אייגענער, היינט איז ער — א פּאָליצייאישער, א זובאטאָווישער. ער רעדט היים וועגן דעם, אַז עס איז געקומען די צייט, ווען די ארבעטער מעגן זיך שוין לעגאל צונויפקומען און פייערן זייער יום־טוב. א שווינדל. אָפּגעגילדטער מעש. ער וויל אים פארקויפן פאר גאָלד. מען דארף אים א פּאַק טון ביי דער האנט.

— אָט קוקט אויף די סאָציאליסטן — האָט ער געזאָגט — זיי שמייען אין א טייך, וואסער איז דאָ גענוג, און זיי זוכן א טרונק. זיי קאָנען אויסנוצן אַלע פרייהייטן און קריכן דווקא אין קעלער און שלעפּן זיך און אַנדערע אין טורמע אריין!..

בייניש מוז שווייגן. ער מוז זיין דערווייל איינער פון אלע. א צוהערער. ער קאָן אָבער זיך נישט איינהאלטן, ליכט אין א פויסט. ער טוט א זאָג שטיל צו דעם, וואָס זיצט נעבן אים:

— גלייכער אין קעלער, איידער אין זשאנדארמסקע אָרימס...

ער האָט בעמערקט אויף זיך בליקן, גוטע בליקן, וואָס הענ־גען זיך אָן אויף אים מיט צוטרוי.

— מיר זאָגן נישט, ווי זיי — רעדט ווייטער טשעמערינ־סקי — „פּראָלעטאריער פון אַלע לענדער, פאראייניקט אייך", נאָר „מינסקער סטאָלארעס, פאראייניקט אייך", „מינסקער טאבאטש־ניקעס פאראייניקט אייך", „מינסקער שוסטערס, פאראייניקט אייך".

— „שפּיצלעס און אָכראַניקעס — פאראייניקט אייך!..."

יענער שעפּטשעט אים אין אויער:

— יינגערמאַן, זייט פֿאַרזיכטיק, מען קוקט שוין אויף אייך...

די רעדעס האָבן זיך געענדיקט. מען זאָגט דעם עולם, אַז מען קאָן שוין גיין אַהיים. מענטשן שפּילען צו די שבתדיקע רעקלעך. אַרום ביינישן איז אַ געזעמל. ער האָט קיינעם פֿון זיי נישט גע־קענט, זיי אים אויך נישט, נאָר זיי האָבן אין אים עפּעס דערשפּירט, און געוואָלט אים אַרויסציִען פֿון די שטעכיקע בליקן. זיי שטופּן אים, מישן אים אויס אין עולם, שפּאַרן זיך אַרויס צוזאַמען מיט אים דורך דער טיר. עמיץ שלעפּט אים ביי דער פּאָלע:

— קומט מיט מיר, טראָגט אייך אָפּ...

ביניש איז צופֿרידן געווען פֿון זיין ערשטער אויסשפּירונג ביים שונא. דער פֿיינט איז נישט געפֿערלעך. ער הענגט אויף אַ שטריקל אין דער לופֿטן. מען דאַרף נאָר אונטערשניידן דאָס שטריקל. די זשאַנדאַרמסקע געוויקסן וועלן דאָ נישט וואַקסן. מען וועט זיי צעטרעטן.

מיט זיין מונטערער שטימונג האָט ער אָנגעשטעקט אויך אַנ־דערע. מען האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַן אַטאַקע. עס איז גע־ווען גוט פֿון דעם, אַזוי ווי עס איז גוט אַ בלאָנדזשענדן, ווען ער פֿאַלט אויף וועג־שפּורן. די מאַסע האָט דערשפּירט, אַז מען נעמט זי ביי דער האַנט. קאָן מען גיין, קאָן מען זיך לאָזן ווייטער אין וועג. ביניש האָט געשריבן אַהין, וווּ מען דאַרף, שיפֿרירט:

— מירן זיך אַן עצה געבן...

עס איז געבליבן, אַז מען דאַרף רופֿן די מאַסע. לאָמיר זען, ווי זי וועט זיך אָפּרופֿן. אין דער געדענק־נאַכט פֿון דער דער־מאָרדונג פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן האָט מען געמאַכט אַ גע־היימע פֿאַרזאַמלונג אין אַ פֿערמע הינטער מינסק. עס איז געווען מערץ. עס האָט שוין געבלאָזן מיט פֿרילינג. צו דער פֿאַרזאַמלונג זענען געקומען פֿינף הונדערט אַרבעטער. עס איז געווען בלומרשט אַ תנאים. ביניש האָט גערעדט וועגן די פּאָליטישע פֿאָרמען פֿון קאַמף. ער האָט טאַקע אַזוי אָנגעהויבן:

חברים און חברטעס! צי קאָן מען אָפּטיילן די קנויט פֿון נאַפֿט? — עס וועט נישט ברענען! צי קאָן מען אָפּטיילן דאָס פֿייער פֿון קנויט? — עס וועט נישט ברענען! — צי קאָן מען אָפּ־

טײלן די בורזשואזיע פון דער פאליציי? — ניין, זיי מוזן ברענען בײדע צוזאמען!

אין מיטן דער רעדע, עס איז שוין געווען טיף אין דער נאכט, האט פאליציי באלאגערט דאס הויז. א גרופע פאליציאנטן האט מיט בלאנקע שווערדן זיך אריינגעריסן אינעווייניק. דער עולם איז געבליבן אויפן ארט. א המון ארבעטער האט א כאפ געטון די ביר־פלעשער, וואס זענען געשטאנען אויף די תנאים־טישן און זיך א לאז געטון אויף די פאליציאנטן, אנדערע ארבעטער האבן ארויסגעריסן די פלעקער פון די פאנאנדערגענומענע בענק, זיי א הויב געטון אין דער הויך. די אויפגעהויבענע פלעקער אין אויפגערודערטן, טונקעלן חלל פון דער גרויסער שטוב, זענען גע־ווען ווי לעבעדיקע שטיקער צארן, ווי דאס לעבן פון די מענטשן וואלט דא ארויסגעוואָרפן געווארן אין דער הויך אויף קדוש־השם.

בײניש איז געשטאנען אויפ'ן טיש צווישן די שטעקנס און די אויפגעהויבענע פלעשער און געשריגן צום פריסטאוו:

— גאספאדין פריסטאוו, איר וועט זיין פאראנטווארטלעך פאר די לעבנס!..

אזוי איז ער אריינגעפאלן אין די הענט פון זשאנדארמסקי פולקאווניק וואסיליעוו

מינסק האט געברענט. אויפן פייער זענען געגאנגען זובא־טאָווס בלעטלעך, דעם גובערנאטארס מעלדונגען, מאניעס בריוו, טשעמערינסקים רעדעס...

אומעטום האט מען גערעדט וועגן נקמה.

ניינצנטעס קאפיטל

## ווען עס שטייט אויף א מענטש אלײן...

מערי וויל גיין דערשיסן וואסיליעוון. דאס איז דערגאנגען צום קאמיטעט. דער צעקא איז קעגן טעראר. אנשטאט וואסיליעוו וועט קומען אנדרייעוו. מען קעמפט נישט קעגן פערזאנען, נאר

קעגן אַ סיסטעם. מעראַר דעמאָראַליזירט די אָרגאַניזאַציע. — נח האָט אָבער געשוויגן.

ווייל ווען עס שטייט אויף אַ מענטש פון דער מאַסע, וואָס קאָן נישט מער שווייגן, גייט און טוט אויף זיין אחריות, ווייסט נישט דער צעקאַ פון דעם. ער האָט גאָרנישט געהערט.

וויכטיקער איז דער גרויסער שטרייק אין שרעשעווסקיס טאַבאַק - פאַבריק און די פּראָקלאַמאַציע פון גראָדנער קאָמיטעט, וועלכע דאַרף געמאַכט ווערן דורך דער ווילנער דרוקעריי, אויך ישראל־מיכלס פאַרבעסערונגען אין דער דרוקעריי זענען זייער פיינע. די וואַליקעס אַרבעטן אַזוי שטיל, אַז מען הערט זיי גאָר־נישט.

מען האָט שוין אויסגעשטעלט זיינע צוויי דרוקערייען פאַר דער עס־דע. זיי, די עס־דע, קאָנען נישט האַלטן קאָנספּיראַציע. זאָלן זיי נאָר דאָס מאָל אויך נישט „פּראָוואָליען״.

די גראָדנער פּראָקלאַמאַציע קעגן זובאַטאָווטשינע האָט גע־בראַכט אין ווילנער דרוק אויף אַלעקסאַנדראָווסקי בולוואַר אַדרעסע די שניידערקע, די „פאַרמיטלערקע״ פון צעקאַ:

— מען זאָל עס באַלד מאַכן.

נתן דער קווידאַנאָווער, דער שוואַרצער, האָט אַ צייט שוין גע־אַרבעט אין דרוק. ער פלעגט יעדן מאַנוסקריפּט פריער זייער ערנסט דורכלייענען. ווען מען נעמט זיך דורך מיט דעם, זעצט זיך בע־סער. עס אַרבעט זיך געשמאַקער, גרייזן זענען זעלטן. עס איז דאַ־מאָלסט אַן אַרבעט אַ גלייכע, אַ ציל־אָנגעלאָדענע און פעסטע — ווי פעסט עס הויבט זיך אַליין העכער דער בוים אין וואַלד.

— ווייסט, זי איז זייער גוט... — האָט ער געזאָגט — אָט די פּראָקלאַמאַציע.

— אַזאַ פּראָקלאַמאַציע פאַרמאַכט מאַר זובאַטאָוון דעם וועג קיין גראָדנע...

— איינגאַנג שטרענג פאַרבאָטן, גאָטספּאָדין זובאַטאָוו!...

נתן האָט נישט ליב געהאַט צו ריידן ביי דער אַרבעט. יעדע מינוט אין דער דרוקעריי איז — אַן אַרויסגעריסענע פון הונדערט

טויזנט זשאנדארן און שפיקעס. די מינוטן געהערן צו דער רעוואָ־לוציע. אין אַ דריי שעה איז דער זאַץ פּאַרטיק געוואָרן:

„אַ פינסטערער ווינקל אין אונזער פינסטעןער וועלט איז ביי אונז אין גראָדנע שערעשעווסקיס פאַבריק. איין פאַ־בריטשנער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז שערעשעווסקיס פאַ־בריק איז אַ בית־עלמין אין מיטן שטאָט. און דאָס איז ריכ־טיק. אויב איר וועט זען אין די אָרימע קוואַרטאַלן פון אונ־זער שטאָט בלייכע, פאַרפינסטערטע, אויסגעדאַרטע מענטשן, געזיכטן אָן בלוט, פאַרזעסענע מיידלעך, פרויען, וואָס האָבן נישט קיין מעגלעכקייט צו זיין מוטערס פון קינדער, ווייבער פאַר זייערע מענער; אויב איר וועט זען פאַרוואָרפענע אָפּ־געריסענע קינדער, מענטשן, וואָס ליידן פון לונגען־פעלערס און אַלערליי קראַנקהייטן, אויב איר וועט זען ביי אונז אַל־מנות און יתומים, טרערן, פאַרצווייפלונג, הונגער, קעלט, נויט, פאַרדאָרבענע כאַראַקטערן, זאָלט איר וויסן, אַז דאָס זענען אַלץ קרבנות פון שערעשעווסקיס רייכטום, גליק, פאַר־גניגן און כבוד.

„פון 1500 אַרבעטער, וועלכע זענען פאַרשריבן אויף דער פאַבריק, האָבן דורכן יאָר געקרענקט 1300 מענטשן. און דאָס זענען די, וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט דער פאַ־בריטשנער באָלניצע, היינט וויפל האָבן זיך געהיילט אין דערהיים — אָן אמתיער בית־עלמין! די שטראָפן אין פאַ־בריק זענען גרויס. די מייסטערס שלעפּן אָרום די אַרבעטער־קעס איבער דער פאָדלאָגע פאַר די האָר. קלעפּ הערשן עד־היום.

„אַזוי האָבן געלעבט די אַרבעטער ביז פאַראַיאָרן. זיי פלעגן פאַר שערעשעווסקין באַשאַפן גאָלדענע בערג און פאַר זיך פלעגן זיי באַקומען קראַנקהייטן, הונגער, קעלט, צרות אויפן פוד. זיי האָבן גערעכנט, אַז אַנדערש קאָן גאָרנישט זיין. נאָר דער בונט שטראַלן, וואָס האָט אַריינגעשיינט אין אונזער פינסטערער וועלט, האָט אויך אַריינגעשיינט אין אָט דעם פינסטערן ווינקל. די פּאַפּיראָסן־מאַכערקעס האָבן אָנ־

געהויבן שטרייקן... ווער געדענקט נישט אָט דעם וווּנדער־
לעכן שטרייק? — פון איין זייט אַ רויבער אָנגעשפּאַרט
אויף זיינע גאָלדענע בערג, פּאָליציי, סאָלדאַטן, און פון
דער אַנדערער זייט — שלאַפע, אָרימע פרויען באַגייס־
טערט מיט אחדות און אייניקייט.
און זיי האָבן געזיגט! זיי האָבן פאַרגרעסערט זייער שכירות
און אָנשטאָט ברויט מיט הערינג, גע־
נומען אָפּטמאָל עסן אַ שטיקל פליי ש. זיי האָבן
זיך גענומען לערנען, בילדן, לעזן ביכער, אין פאַבריק האָבן
זיך געלאָזט הערן פריילעכע לידער, פריי־
הייט־לידער. די הערצער זענען געוואָרן פול מיט
האָפנונג אויף אַ בעסערער צוקונפט. עס איז געוואָרן העל־
לער, העלער... און שערעשעווסקי קלאָגט זיך, אַז זיינע
קעלבער, דאָס הייסט — אַרבעטערקעס, — זענען
אַראָב פון וועג. ס'טייטש, שרייט ער, זיי זענען אפיקורסטעס,
זיי גלויבן נישט אין גאָט. יאָ, הי שערעשעווסקי, אייערע אַר־
בעטערקעס קאָנען נישט גלויבן אין דעמזעלבן גאָט, אין
נאָמען פון וועלכן איר זויגט אויס פון זיי דאָס בלוט און
מאַרך פון די ביינער, אין נאָמען פון וועלכן איר שמאָצקעט
אַרויס זייער יוגנט, לייגט אָן הונדערטער טויזנטער רובל,
ווען אייער גליק איז געבויט אויף זייער אומגליק, וואָס פאַר
אייך איז ליכטיק, איז פאַר זיי פינסטער. יאָ,
אייערע אַרבעטער האָבן אַ גאָט, — ער איז אחדות, אייני־
קייט, אַזאַ גאָט, וועלכער דערקוויקט זייערע הערצער, גיט
זיי האָפענונג אויף אַ בעסערער צוקונפט. אייך פאַרדריסט,
וואָס זייער קאָמיטעט האָט אייך אָנגערופן „צווייפיסיקע
חיהיי. יאָ, הי שערעשעווסקי, דער קאָמיטעט האָט געהאַט אַ
טעות. אַ חיה פרעסט אויף־גלייך איר קרבן, און איר נעמט
אַריין קינדער פון זיבן יאָר און זופּט און צאַפּט דאָס בלוט
פון זיי דאָס גאַנצע לעבן, יעדער טראָפּן בלוט באַשאַפט אייך
רייכטום, געלט!... ניין, איר זענט אַ בלוט־צאַפּער, אַ וואַמ־
פּיר, אַ מענטשן־פרעסער. ווען איר נעמט צו ביי אייערע קאַר־

בנות אַלץ — זייער כוח, בלוט און פלייש, וואַרפט איר זיי
אויף דער עלטער אַרויס, אַקוראַט, ווי אַ זאַך, וואָס איר
דאַרפט שוין נישט, און זיי שטאַרבן ביסלעכווייז אויס פון
הונגער. דאָך שרייט איר אומעטום, אַז איר זייט אַ י י ד ן־
פ ר יי נ ט, אַ ן א ר ץ ־ י ש ר א ל ־ יי ד, אַ פּ אַ ט־
ר י אָ ט!... איר קלאָגט זיך, אַז אייערע אַרבעטער שעלטן
דעם קייסער, איר, טרייער דינער פון ניקאָלאַיען! אייערע
אַרבעטער האָבן רעכט צו זאָגן: „אַ קלאָג צום קייסער, דעם
הער פון די גבירים!‟

* * *

דער שוואַרצער דוד האָט באַזאָרגט דעם טראַנספּאָרט פון ווילנע קיין גראָדנע. עס איז דורך בשלום. אַ פּאָר שטיק האָט ער אָפּגע־שיקט קיין ביאַליסטאָק, צו נחן. עס איז אויך דורך בשלום. ישראל־מיכל האָט אָפּגעשיקט צוויי עקזעמפּלאַרן צו זובאַטאָוון און גע־שריבן:

— „עס מאַכט אַן איינדרוק, אַז מען זאָל זי האָבן געדרוקט אין אַ לעגאַלער דרוקעריי‟.

* * *

מערי וויל גיין דערשיסן וואַסיליעוון.

דערווייל איז זי געפאָרן פון מינסק קיין לאָנדאָן. זי איז גע־פאָרן אַהין זיך אויסלערנען... שיסן. נישטאָ אין מינסק קיין פּלאַץ אויף דעם, וועט זי דאָס טון אין לאָנדאָן און קומען צוריק אַז אויסגעלערנטע. אין ווילנע האָט ישראל־מיכל זי באַזאָרגט מיט אַ „כתיבה‟. ער האָט, פאַרשטייט זיך, געוווסט, נאָך וואָס מערי זשע־לודסקאַ פאָרט אַהין.

— מען דאַרף נעמען העכער... — האָט ער געזאָגט מערין.

— וואָס הייסט עס?

— איך מיין, העכער פון וואַסעליעוון.

— זאָל אַן אַנדערער גיין העכער. — האָט זי געענטפערט און געקוקט שאַרף אויף אים, ווי עס קוקן היפּנאָטיזירער.

דאָס, וואָס זי גייט טון, איז איר אייגענע זאַך, איר אייגענע

שליהות. זי איז פון מינסק און זי ווייסט וועגן וואסיליעוון. זי וועט אויסגלייכן מיט אים דעם חשבון. זאָל אַן אנדערער מאכן אַן אַנדער חשבון.

— ישראל ־ מיכל — האָט זי געזאָגט — אין יעדער סביבה דארף זיך געפינען איינער, וואָס טוט זיין זאך. אויסער קאָפּ מוז אויך זיין געפיל, מען מוז זיך אָננעמען פארן כבוד פון אונזער זאך. ווער עס מאכט דעם חשבון פון גרויסע ציפער, ווער — פון קלענערע. ווער — מיט א פּולקאָוניק, און ווער — מיט עמיצן אנדערש.

— איך זייט גערעכט... — האָט ער שטיל געענטפערט.

שפּעטער האָט ער געטראכט אזוי: א היץ־קאָפּ. מען וועט מיט א קויל נישט לייגן דעם צאריזם. זובאטאָוו פאָדערט קרבנות. אפשר — זי?... — א? — אפשר, ישראל־מיכל?..

געבן מוז מען דאָך. אלץ איז דאָך ער, ישראל־מיכל, מער ווערט פאר דער רעוואָלוציע, ווי זי — מאריע. אפשר צווויסן טון?...

האָט דער דאָזיקער טונקעלער געדאנק געריטן אויף ישראל־מיכלען, ווי עס רייט אין א רעגנדיקער נאכט א פערד־גנב אויף א געגנבעטער קליאטשע.

פּאַרטאָג האָט מען געפונען אויף אלע הויפן פון גראָדנע, אין די פיר־הייזער, אויף די ווענט פון די שולן, אויף די פלאקאטן־ברעטער די פּראָקלאמאציעס וועגן שערעשעווסקין. געשרייען פון פּאַרבלוטיקטע מיילער אין מיטן טאָג. טויזנט פינפהונדערט פּאַפּיראָסן־מאכערקעס און פּאַפּיראָסן־מאכער האָבן היינט אריינגעוויקלט אין די גילזן, אריינגעשטאָפּט אין דעם טאבאק אזא ממשות־דיקן געלעכטער, אז עס איז נאָר א חידוש, וואָס די פּאַפּיראָסן האָבן פון אים נישט געפּלאצט.

— עס נעמט אים די נכפה, דעם שערעשעווסקין!...

צוואַנציקסטעס קאַפּיטל

# אין לאָנדאָנער קעלער

לאָנדאָן, 17, מאָנט־ראָזוד פּאַרסט היל. אַלעקסאַנדער און וולאַדימיר — דאָ איז דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד“. ער האָט זיך אַריבערגעקליבן פון זשענעוו קיין לאָנדאָן. אונטן, אין דער האַלב־קעלער־דירה, איז געווען די דרוקעריי. אין די צוויי קליינע אויבערשטע שטאָקן האָט מען געאַרבעט. דאָ האָט מען אויך געוווינט. מען האָט דאָ פּראָדוצירט „געווער פאַר דער רעוואָלוציע“ — ליטעראַטור.

אַלעקסאַנדער, וועלכער איז אָפט געשטאַנען ביים זאַץ־קאַסטן און געזעצט שורות, שורות אָן אַ צאָל, האָט שוין אין זיין קליינעם, שוואַרצן נאָטיץ־ביכל פאַרשריבן: צוויי און צוואַנציק בראָשורן, זעקסאונזעכציק טויזנט עקזעמפּלאַרן, צוויי הונדערט טויזנט דרוק־בויגן. „קאָמוניסטישער מאַניפעסט“, „אַרבעטסלוין“, „אַרבעטס־טאָג“, „פון וואָס איינער לעבט“, „וואָס יעדער דאַרף וויסן און געדענקען“, „דער שטרייק פון שקר“, „די מערץ־רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד“, „ווי אַזוי די בעלגישע אַרבעטער האָבן געקעמפט פאַר פרייהייט“.

די „סחורה“ האָט מען געשיקט קיין רוסלאַנד דורך צוויי וועגן: איין וועג איז געווען איבער אָסטענדע, איבער בעלגיע, דורך דייטשלאַנד אין תּחום אריין. דער צווייטער וועג — דורך רוסישע מאַטראָסן, וואָס גייען מיט שיפן פון האָל קיין פינלאַנד, און פון דאָרט קומען זיי קיין פּעטערבורג.

אין די לאָנדאָנער הייזער איז ווינטער־צייט קאַלט. נישטאָ אין זיי יענע גוטע רוסישע אויוונס. עס ברענען די קאַמינען און מען דאַרף בסדר צווואַרפן שטיינקוילן. ביינאַכט, אַפילו אין מיטן נאַכט, מוז מען זיך אויפכאַפּן פון געלעגער און צווואַרפן קוילן. אויב נישט, קאָן מען נישט שלאָפן. וולאַדימיר האָט עס פיינט.

— דאָס האָבן די ענגלישע קוילן־מאַגנאַטן אויסגעטראַכט אַזעלכע קאַמינען, עס לוינט זיי...

— עס זאָל קיינמאָל נישט וואַרים ווערן און מען זאָל אויס־ברענען וואָס מער קוילן.

די גרוסן, וואָס קומען פון רוסלאַנד, זענען גוטע. דער „בונדישער ראַיאָן" זעט אויס, ווי ערב פסח. שלעכט נאָר, וואָס קיין סיביר טרייבט מען כסדר אַ קאַראַוואַן. ער שטעלט זיך גאָר־נישט אָפּ.

אין נחם בריוו שטייט, אַז מען האָט שוין דאָרט אַרויסגעגעבן:

— פיר און זיבעציק פּראָקלאַמאַציעס...

— פאַרשפּרייט אין הונדערטער טויזנטער...

— די פּראָקלאַמאַציע צום ערשטן מאַי אין זיבעציק טויזנט...

וולאַדימיר איז איצט פאַרנומען מיטן אויפקלערן דעם „זעלבסטשטענדיקן איינס פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין דער אַל־וועלטלעכער פּראָלעטאַרישער משפּחה". מען דאַרף עס אַזוי אַרויס־ברענגען, אַז עס זאָל פאַרשטיין יעדער שניידער.

— דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט באַזונדערע שוועריקייטן, שטערונגען, דאַרף ער זיי באַקעמפן. ער ליידט פון זיי, דאַרף ער זיי באַזייטיקן.

איז אַלעקסאַנדערס געדאַנק:

— די הויפּט־אויפגאַבע פון אונזער באַוועגונג איז אויפנע־מען און אויסבילדן דעם רעוואָלוציאָנערן כוח פון יידישן פּראָלע־טאַריאַט.

— בכלל גענומען, איז ער טאַקע אַ טייל פון אַלגעמיינעם, אָבער ד ע ר אַרבעטער־קלאַס, וואָס איז צופרידן מיטן גורל פון אַ דערנידעריקסטן פאָלק, קאָן אויך נישט אַרויסטרעטן קעגן גורל פון אַ נידעריקערן קלאַס... — מאַכט עס קלאָרער וולאַדימיר.

— פאַרשטייט זיך...

— דאָרט אין תחום באַשולדיקט מען אונז, אַז מיר זענען אַסימילאַטאָרן, האָבן נישט קיין יידישע הערצער, האָבן נישט קיין זין פאַר די יידישע ליידן, רייסן אָפּ די אַרבעטער פון פאָלק...

— פאָלק? — וואָס איז אַזוינס פאָלק? — איז „פאָלק" שע־רעשעווסקי פון גראָדנע? איז „פאָלק" בונימאָוויטש פון ווילנע?

איז „פאָלק״ יאַנאָווסקי פון ביאַליסטאָק, איז „פאָלק״ דער מינ־סקער רב, וואָס האָט געמסרט די שלאָסער?..

פאָלק!... — זענען „פאָלק״ די, וואָס עסן צו דער זאַט, זע־נען באַקליידט און באַשיכט, וווינען אין סאַליעס? אָדער זענען „פאָלק״ די ווילנער זאַקנמאַכערקעס, די קוימענקערער, די ביאַלי־סטאָקער וועבער, די סמאָרגאָנער גאַרבער?...

— זעסט אָט די גאַס, דעם מאָנט־ראָוד, קוק זיך איין, אָט גייען מענטשן, גייען ענגלענדער, גייען יידן, גייען מענטשן אין טראַנטעס, גייען מענטשן אין עלעגאַנטע אַנצוגן... — ווער פון זיי איז פאָלק?

וואָס קוקסטו דאָרט, וואָס זוכסטו, אַלעקסאַנדער?

— זאָג, וולאַדימיר, ווי לאַנג, מיינסטו, וועט עס דויערן? — ביזט דאָך אַ בעל־חשבון און אַ סטראַטעג.

— וואָס וועט דויערן?

— ביזן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע.

— דאָס וועט זיין באַבסקע טרעפעניש. דער פּראָצעס טרייבט אומפאַרמיידלעך צו דער פונאַנדערבינדונג. און דאָס איז גענוג.

— אומפאַרמיידלעך? — יאָ, אָבער פּראָצעסן קאָנען זיך פאַרהאַלטן אין וועג, אמת, אויף אַ ווײַלע. עס איז אָבער אַ היסטאָ־רישע ווײַלע.

— אַזוינס איז מעגלעך. געוויס איז די ליניע נישט קיין גלייַ־כע. אָבער די ריכטונג פון איר לויף איז אַ געגעבענע. פּעריציק פּראָ־צענט פון אַלע אונטערנעמונגען פון גאַנץ רוסלאַנד זענען אויפגע־קומען אין די לעצטע צען יאָר. פאַר די יאָרן 1887 ביז 1897 האָט זיך די צאָל אַרבעטער פאַרגרעסערט פון איין מיליאָן דריי הונדערט אַכצן טויזנט ביז צוויי מיליאָן אַכט און נײַנציק טויזנט — 64 פּראָ־צענט!...

— דאָס איז ריכטיק. פון 1878 ביז 1892 איז די צאָל דאַמף־קעסלען אויסגעוואַקסן פון 8510 ביז 14248...

— און די צאָל דאַמף־מאַשינען פון 6353 ביז 13080...

— אין פּוילן גייט אַ ראַשער וווקס פון דער אינדוסטרי. עס זענען דאָרט שוין דאָ 12 טויזנט יידישע פאַבריק־אַרבעטער.

— די יידישע באַלמעלאָכעס זענען שוין דאָרט דאָ מער, ווי הונדערט טויזנט...

— מען רעכנט 15 טויזנט אַרבעטנדיקע יידישע פרויען...

— אין ווייסרוסלאַנד זענען דאָ ביז 45 טויזנט יידישע אַר־בעטער...

– אין ביאַליסטאָק אַרבעטן דריי טויזנט יידישע וועבער...

— דאָס אַלץ איז אַ טייל פון דעם מעכטיקן וווּקס פון דער אינדוסטרי פון גאַנצן לאַנד. עס שטייגט דער אינדוסטריעלער קאַ־פּיטאַליזם, ער באַזיגט די קליינע פּראָדוקציע, ליקווידירט די אָפּגע־שטאַנענע געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטנישן...

— דאָס הויבט אויף דאָס געוויכט פון אַרבעטער־קלאַס פוי זיין רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

— דאָס גיט די מעגלעכקייט צונויפגיסן אידעאישע פּאַרטיי־פונג פון דער באַוועגונג מיט לעבעדיקייט און רייכקייט פון האַנד־לונג.

— און דרייען צוריק די ראָד פון דער געשיכטע וועט קיינער נישט קאָנען.

— דער בליק מוז זיין געווענדעט צום אַלגעמיינעם, צו דער הויפּט - ליניע. דאָס איז איצט דער עיקר. זאָלן די בוימער נישט פאַרשטעלן דעם וואַלד.

— מען מוז זיך רעכענען מיט דעם פאַקט פון דער באַזונדערער אונטערדריקונג פון דער יידישער מאַסע. אַן אונטערדריקטע פון אונטערדריקטע.

— און מען דאַרף אָנווייזן, אַז עס טויג נישט קיין מתנות פון רעכט, נאָר עס מוז זיין אַ כּוח, וואָס פאָדערט, וואָס קעמפט אוים, דעמאָלט האָט דאָס רעכט אַ ממשות... — שרייבט דאָס אַרויז וולאַדימיר אין דער בראָשור.

— זיי באַשולדיקן אונז אין סעפּאַראַטיזם, שיער נישט אין נאַציאָנאַליזם...

— פּויגלשע קעפּ. יידישע אַרבעטער זענען דאָ אין ליטע, אין פּוילן, אין רוסלאַנד, אין לעטלאַנד, אין קורלאַנד, אין עסטלאַנד, און ווען דער יידישער אַרבעטער האָט נישט זיין אָרגאַניזאַציע,

שלעפט ער זיך נאָך אין עק פון אַלע אָרגאַניזאַציעס פון די דאָזיקע געגנטן.

— יעדע ארבעטער־אָרגאַניזאַציע פון א באַשטימט פאָלק האָט אירע אייגנארטן, איר ספּעציפישע גייסטיקע פיזיאָנאָמיע. באַזונדער נאָך אַן אָרגאַניזאַציע פון יידישע ארבעטער

— עס איז געגנוג דער פאַקט — זאָגט וולאַדימיר — פון עקזיסטענץ. די עקזיסטענץ האָט שוין אַליין באַוויזן איר נויטיקייט: עס איז דאָך אויפגעהויבן געוואָרן אויף א גאָר הויכער שטופע דער רעוואָלוציאָנערער באַוווסטזיין פון יידישן פּראָלעטאַריאַט...

שטייט אַלעקסאַנדער ביים זאַץ־קאַסטן, וולאַדימיר צייכנט די קאָרעקטע. מען וואַרפט צו נאָך קוילן אין קאַמין. ביים פייער איז גוט צו פירן דעם שמועס. עס ווערן וואַרימער די ווערטער, וועלכע ווערן ווי ארויסגעשלעפּט מיט די הענט פון זאַץ־קאַסטן. פאַר זיך אַליין ווערט קלאָרער די זאַך. מען זאָל עס נאָר געבן גוט צו פאַרשטיין אין דער בראָשור.

דעמאָלסט איז פון מינסק אָראָפּגעקומען מערי. זי איז געקומען זיך צוגרייטן צו איר פּלאַן — שיסן וואַסיליעוון. זי האָט עס גענומען אויף זיך און וועט עס אויספירן. זאָל מען גאָר מיט איר נישט ריידן וועגן דעם. זי וועט עס סיי־ווי טון. זי וויל נאָר וויסן, צי מען וועט איר העלפן זיך אויסלערנען שיסן.

מערי האָט געבראַכט מיט זיך דעם גרוס פון מינסק: זובאַטאָוו פּאַגראָמירט די אָרגאַניזאַציע. וואַסיליעוו איז זובאַטאָווס הונט. אָט, זעסטו, ווי זיי האָבן געעפנט טיר און פענסטער און טראָגן אַלץ ארויס, וואַרפן ארויס, רויבן צו — קאָן מען שווייגן?

— אדרבה!...

— מען מוז אים אַוועקלייגן... דעם באַנדיט מיטן שמייכל פון א פּוקס.

— מערי, מיר וועלן גלייכער אַוועקלייגן זיין זאַך. ער אַליין שפּילט נישט קיין ראָל.

— איך ווייס עס, איך גלויב אין דעם — האָט מערי געזאָגט — אָבער די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג טאָר נישט פאַרהאַ־

מעוועט ווערן אפילו אויף א האלבע שעה. מען מוז אָפּרוימען. איך אליין, פּריוואט, מעג עס טון. איך וועל עס טון!...

— אָבער אַזעלכע אַרויסטריטן קאָנען פּאַרקירעווען די באַוועגונג אין א פאלשער ריכטונג. א שאָס פון א רעוואָלווער איז א מאָמענטאַלער עפעקט. עס איז א פייערווערק, וואָס פאַרבלענדט.

— איך קאָן נישט אזויפיל ארייַנטראַכטן — האָט מערי געזאָגט — מעגלעך איז אלץ, וואָס איר זאָגט. איר וועט אָבער מיך נישט אָפּהאַלטן. איך אליין וועל שוין מיך נישט אָפּהאלטן. נישט שטענדיק דאַרף מען אזוי קלאָר טראַכטן. דערוואַקסענע מענטשן האָבן אויך גערן צו גיין אַמאָל מיט פאַרמאַכטע אויגן.

מערי האָט דאָס געזאָגט, ווי נישט מיט איר שטימע. דאָס איז דורכגעלאָפן איבער איר, איבער איר דאַרער און טונקעלער פיגור, ווי עס לויפט דורך א וועוויאָרקע אויף א טונקעלער וועגעלע אין וואַלד.

— איך וועל דאָס טון... איך וועל... איך וועל...

— וועל... וועל... וועל... — לויפט דער געדאַנק, ווי די פלינקע וועוויאָרקע.

אין א פּאָר טעג אַרום האָט זיך מערי געלערנט שיסן אין איינער פון די לאָנדאָנער קעלער־דירות אויף ווייטשעפּל. די לערע איז פון מאָל צו מאָל געגאַנגען מיט א בעסערע פּעולה. די שאָסן פלעגן אַריינהילכן אין די דיקע ווענט פון ווייטשעפּלער קעלער און צוזאַמען מיט דעם האָט געקלאַפּט איר האַרץ פון דערוואַרטונג, פון אומרו.

אפילו איז פּיל־מיליאָניקן לאָנדאָן וואָלט מען עס געדאַרפט הערן.

וולאַדימיר פלעגט אָפּט זי באַגלייטן צו איר רעוואָלווער־לעקציע. ער האָט צו איר געזאָגט:

— איר שיסט שוין באַלד, ווי א ריכטיקער פעלדפעבל...

איינאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

# מען מעג מאַכן איטשען א ליאַמע

איטשע גאַרבאַטי מיטן באַוואָקסענעם פּנים איז געקומען בשלום פון באָברויסק קיין סלוצק. ער האָט הינטער זיך געלאָזט פּעריציק זעלנער, וואָס זענען פון דיסציפּלינאַר־באַטאַליאָן פאַרשיקט געוואָרן אויף קאַטאָרגע. ראַקושעוון, דעם נאַוואָגראָדער טשעסלער האָט מען געדאַרפט שיסן, מען האָט אָבער אין לעצטן מאָמענט פאַר־ביטן דעם טויט־אורטייל איבער אים אויף אייביקע קאַטאָרגע. איטשע גאַרבאַטי האָט דאָס אַלץ געבראַכט אין זיך פון באָברויסק.

די זיצונג פון סלוצקער קאָמיטעט, אויף וועלכער איטשע האָט דערציילט די גאַנצע געשיכטע, האָט געדויערט אַ האַרבסטיקע נאַכט:

צווישן גאַרניזאָן האָט זיך געפירט אַן אַרבעט שוין אַ לענגערע צייט, די שוואַרצע ריוועקע שנייערסאָן האָט אָנגעהויבן. עס האָבן געאַרבעט סיי עסדעקעס און סיי בונדיסטן. מען האָט געהאַט פאַר־בינדונגען מיטן קליאַזמער פּולק, מיט דער אַרטילעריע, מיטן לאַ־זאַרעט און מיט דער קאַנאָוואָי־קאָמענדע. עס זענען געווען אויך אייניקע אָפיצירן. די זיכערסטע סאָלדאַטן זענען געווען מאַנדל, מייזל, פּאַוועל כינטשיק, סערגיי מוכין און קרישטאַנאָוויטש. די אַגיטאַציע האָט צומערסטן געווירקט אין דיסציפּלינאַר־באַטאַליאָן. דאָס איז געווען אַ באַטאַליאָן פאַר פאַרזינדיקטע זעלנער. דאָ האָט אַ זעלנער מער נישט געהייסן קיין „נידעריקער טשין“, נאָר — „אַ באַטאַליאָנער“.

דאָ האָט מען „דערציוּגן“ דורך שמיץ. אַ ראָטנער קאָמאַנדיר האָט געמעגט געבן „נאָר“ דרייסיק שמיץ, אַ העכערער אָפיציר האָט געמעגט געבן ביז הונדערט שמיץ.

די שמייסער זענען געווען אונטער־אָפיצירן. אָנופרי סטעפּאַנ־טשיק האָט זייער הנאה געהאַט פון דער שמיץ־מלאכה. אַלע זעלנער מוזן זיין דערביי, ווען ער שמייסט. סטעפּאַנטשיק שמייסט לאַנגזאַם, ער האָט נישט צו וואָס זיך צו אײַלן, ער ציילט הויך יעדן שמיץ.

אויב עס זעט אים אויס, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט, ציילט ער אַריין נאָכאַמאָל.

— פון אַן איבעריקן שמיץ שטאַרבט מען נישט, און טייער קאָסט עס נישט...

ער האָט ליב זיך אָפּצורוען אין מיטן שמייסן. ער ווישט דעם שוויס פון שטערן (ער האָט אַ טבע צו שוויצן). ער קוקט חוזקדיק אויף די באַטאַליאָנער:

— איך האָב דאָך שוין אייך כמעט אַלע אַריינגעפּיצקעט...

ווען ער ענדיקט דאָס שמייסן, טוט ער אַ וואָרף אַראָפּ פון ברעט דעם געשמיסענעם מיט זיין נאַקעטער און צעבלוטיקטער מחילה און זאָגט צו אים:

— האָט מען דיר אַריינגעטשאַכטשעט, האָסטו עס, און — זאָג אַ דאַנק...

דער דיסציפּלינאַר־באַטאַליאָן איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט שנאה און רציחה. דאָ איז די אַגיטאַציע געפאַלן אויף אַן אָנגע־גליטן באָדן.

איינמאָל האָט שוין געהאַלטן ביי אַן אויפרייס: זאָל זיין, וואָס עס וועט שוין זיין!... — אַנטאָן פּאַלישוק איז אָפּגעווען דריי יאָר אין דיסציפּלינאַר באַטאַליאָן און פון דאָרט צוריק אַוועק אין קאַזאַרמע. אין אַ בייזער שעה האָט ער דערלאַנגט דעם אונטער־אָפיציר אין דער מאָרדע:

— קורוואַשער זון דו איינער!...

האָט מען אים אָפּגעשיקט אויף נאָך דריי יאָר אין דיסציפּלי־נאַר־באַטאַליאָן. עס איז געקומען דער לעצטער טאָג פון צווייטן דרייאָרניק. אַנטאָן פּאַלישוק האָט שוין אויסגעזען, ווי אַ פּויער פון אַ יאָר דרייסיק. אַ שוויינגנדיקער, כמורער פּויער. אין זעלנערישע, שלעכט־העננגנדיקע בגדים. דאָס מאָל איז ער אָבער געווען אויפגע־ליינט, ווייל מאָרגן האָט ער געדאַרפט גיין אַ היים. ער איז דאָס לעצ־טע מאָל געשטאַנען אויף דער וואַך. ער האָט זיך געשפּילט מיטן פייפל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט, אַ דריי געטון מיטן שנירל, אַן וועלכן דאָס פייפל איז געווען אָנגעבונדן, דאָס שנירל האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער שווערער, פּויעריש־סאָלדאַטישער

האַנט און צוזאַמען מיטן שנירל אַרויפגעפלויגן אויפן דאַך פון דער איינשטאָקיקער שטאַל.

עס איז געווען אַ מיליטעריש פּיפל. אַנטאָן פּאַלישוק האָט זיך זייער דערשראָקן. קיינער איז אויפן קאַזאַרמע־הויף נישט געווען. ער האָט אָנגעשפּאַרט אָן שטאַל אַ ברעט און שנעל אַרויף אויפן דאַך, כּדי אַראָפּצונעמען דאָס פּיפל.

צום אומגליק איז אָנגעגאַנגען דער באַטאַליאָן־נאַטשאַלניק. ער איז געווען זיכער, אַז אַנטאָן וויל אַנטלויפן.

— אַראָפּקריכן, הינטישער זון, אהער קום!...

— זייט מוחל... דאָס פּיפל...

— שווייגן!... צומאַכן דעם פּיסק!... אַנטלויפן האָט זיך דיר געוואָלט, בלייענער פויגל דו איינער!...

— ווי קאָן זיין אַנטלויפן, אַז מאָרגן גיי איך שוין סיי ווי סיי אַ היים...

— אויב אַזוי... אויב אַזוי... — האָט זיך געפּלאָנטערט אַ רגע דער אָפיציר — אויב אַזוי, באַקומסטו הונדערט שמיץ אויף לעצט געלט...

באַלד האָט מען גערופן אַלע באַטאַליאָנער צו דער עקזעקוציע. עס האָט געקאָכט אַ קעסל מיט שוואַרצע שנאה. אָט באַלד זעצט אַר'ים די פּאַרע

— לאָזט אַנטאָנען גיין אַהיים, שטיל זאָל זיין, עס וועט נאָך קומען די צייט... — האָט דער געלאַסענער, פלעגמאַטישער אָבער קלוגער סערגיי מוכין גערעדט צו די באַטאַליאָנער.

האָבן אַלע געקוקט, ווי מען האָט אַנטאָנען אַריינגעציילט הונדערט שמיץ און אים אָפּגעשיקט אין דאָרף אַריין מיט אַ געשוואָלענעם הינטן.

אויף מאָרגן איז ער געשטאַנען אין קאַזאַרמע מיט אַ קליין פּעקעלע. אים איז שווער געווען צו מאַכן אַ טריט. ער האָט זיך געזעגנט און גערעדט נאָר געציילטע ווערטער:

— הינטישע זין, אין דער מאַמע זייערער... הינטישע זין...

אין דיסציפּלינאַר־באַטאַליאָן איז אין אַ פּאָר טעג אַרום אָנגעקומען אַ גרופּע מאַטראָזן. שוין אויפן צווייטן טאָג האָט דער

אַפּיציר געהייסן אַריינצייִלן דעם הויכן וואַסקאַ לאַמאַנטיעוו דרייסיק שמיץ
— מיט נאַסע ריטער...
האָט אויף דעם וואַסקאַ געענטפערט:
— די נקבה דיינע, די הינטישע קורווע, וועסטו שמייסן, אָבער נישט וואַסקען...
— וואָרום וואָסי דען, אַזאַ גבור ביזטו?... האָט זיך געררייצט דער שמייסער, דער אונטער אָפּיציר אַנופרי סטעפּאַנטשוק.
— וועסט שוין אָנקוקן, מיר האָבן שוין צורעכט געמאַכט זויערערע עפּל, ווי דו ביזט, צעקוועטשטע וואַנצן!...
איך וועל דיר צווייטעלן נאָך דרייסיק שמיץ...
— אַ מויטן — וועסטו מיך מעגן שמייסן, וויפל דו וועסט וועלן!...
דער אונטער אָפּיציר האָט געטרומייטערט אויף פּאַראַד. זאָלן קומען אַלע באַטאַליאָנער זען, ווי מען שמייסט דעם מאַטראָז וואַסקאַ לאַמאַנטיעוו.
ווען די באַטאַליאָנער האָבן דערהערט דעם טרומפּייט, האָבן זיי געוווסט צו וואָס מען רופט זיי. באַלד זענען אַלע געווען אויפן עקזעקוציע פּלאַץ — אַ מאַן אַכט הונדערט. פאַראויס איז געשטאַנען דער הויכער וואַסקאַ, אַ שוואַרצער און אַ ריז.
— ברידערלעך האָט ער געזאָגט — זעמליאַקי, נאָר נישט זיך אַריינגעמישט, לאָזט מיר איינעם אויף איינעם!...
מען האָט געזען, אַז עס איז אַ פאַרפאַלענע זאַך. וואַסקאַ האָט היינט פאַשפּילט זיין לעבן. דער עקזעקוציע־פּלאַץ האָט געשמאַליעט. וואַסקאַ לאַמענטיעוו איז געווען דער ברענענדיקער סלופּ.
דער אונטער אָפּיצער אָנופרי סטעפּאַנטשוק איז אָנגעקומען מיט דעם דיזשורני־אָפּיצער. דער דיזשורני האָט הויך און הייזעריק אַ געשריי געטון מיט אַ זייער ברייט מויל צום מאַטראָז:
— מ׳עט דיר שוין ווייזן!... אהערצו גיי!...
וואַסקאַ איז געשטאַנען און זיך נישט גערירט פון אָרט:
— נעמט אים!... האָט דער דיזשורני אַ געשריי געטון נאָך העכער צו די אַכט הונדערט באַטאַליאָנער.

קיינער האָט זיך נישט גערירט.

— איך הייס אים נעמען!...

קיינער האָט זיך אַלע נישט גערירט. עס איז געוואָרן זייער שטיל. כאָטש צעפּלאַצט ווערן אין דער שטילקייט

— אַנופרי, נעם אים!...

דער אונטער־אָפיציר האָט זיך דערנענטערט מיט מורא. וואַסקאַ האָט צו אים אָנגעשטעלט די פויסט און געזאָגט הויך:

— גלייך אין חזירישן פּיסק אַריין!...

דער דיזשורני האָט ארויסגענומען דעם רעוואָלווער.

— דאָס קאָן דער אָפיצער טון — שיסן!... אָבער שמייסן נישט!... — האָט וואַסקאַ רואיק געענטפערט — שיסן יאָ!...

אין מיטן האָט מאַנדל אַ געשריי געטון פון צווישן די זעלנע־רישע רייען:

— זאָל מען רופן נאָכן פּולקאָווניק שאַנסקי!...

און גלייך האָבן אַלע געשריען דאָס זעלביקע.

— דעם פּולקאָווניק זאָל מען רופן!...

זיי האָבן אויסגעפירט: דעם פּולקאָווניק אַ פּולן, אַ סאַפּענדיקן, מיט באַקן בערד האָט מען אַראָפּגעבראַכט. פריער האָט ער געשריען, די זעלנער האָבן געשוויגן. ער האָט ווידער געשריען, האָבן די זעל־נער אַלע געשוויגן.

— טאָ, וואָס זשע ווילט איר, וואָס?... —

דעמאָלסט האָט מאַנדל דערשפּירט, אַז אַלע אָכט הונדערט באַ־טאַליאָנער שיקן אים אַרויס צו זיין זייער שליח. ער האָט הויך גע־זאָגט צום פּולקאָווניק, אַזוי ווי מען ענטפערט אויף דער „פּערע־קליטשקע”:

— אָפּשאַפן לייב־שטראָף, באַפרייען די, וואָס זענען שוין איין מאָל אָפּגעקומען די שטראָף, גוטע באַהאַנדלונג...

— נו און וואָס נאָך... וואָס... וואָס...

— פאַרקלענערן די שטראָף...

— שוין אַלץ?... נו, וואָס נאָך...

— פאַרבעסערן די שפּייז...

— שוין?... אַלץ?...

— יאָ, אַלץ.

— שווייגן, ,,כאַמעס, בונטאָווטשיקעס, איך וועל אייך שוין ווייזן, וועל איך אייך שוין לערנען... שווייגן!... און הגם קיינער פון די זעלנער האָט איצט מער נישט גערעדט, האָט ער דאָך געשריען — שווייגן, צו אַלדי שווארץ יאָר!... חזירים!... שטיל זאָל זיין... איך וועל אייך אַלע צעשיסן, ווי די הינט, ווי די פארסמטע הינט!...

און ער האָט פאַרוואָס־עפּעס אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער.

אויף די באַטאַליאָנער האָט עס געמאַכט אַ קאָמישן איינדרוק.

— זאָל דער פּולקאָווניק גלייכער אַריינלייגן זיין רעוואָלווער אין שיידל — האָט וואַסקאַ לאַמענטיעוו געזאָגט הויך — און גיין אָפּגיסן שרעק־וואַסער...

די זעלנער האָבן זיך צעלאַכט.

דער פּולקאָווניק, דער אָפיציר און דער אונטער־אָפיציר זענען אַוועק, פון פּלאַץ. דער פּולקאָווניק האָט באַלד אָפּגעשיקט אַ טע־לעגראַמע צום אַרמיי קאָמאַנדיר:

— אויסגעבראָכן אַ בונט אין דיסציפּלינאַר־באַטאַליאָן...

עס איז טאַקע סטיכיש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בונט. פון די אַכט הונדערט באַטאַליאָנער האָט זיך אַרויסגערוקט מאַנדל, אַלס דער פירער פון בונט. מיט אים איז געווען דער וואָלגער מאַטראָז וואַסקאַ. די באַטאַליאָנער האָבן אַרויסגעטריבן פון הויף אַלע אָפי־צירן. דאָס האָט זיך באַלד אַריבערגעטראָגן אין אַנדערע קאַזאַרמעס, פון דאָרט אין שטאָט אַריין.

עס האָבן זיך באַוויזן פּראָקלאַמאַציעס צו די סאָלדאַטן. אויפן הויף פון באַטאַליאָן האָט מען געמאַכט מיטינגען. אַ חברה מאַטראָזן האָט צעשטערט דאָס צעכהויז. מען האָט פון דאָרט צעשלעפּט דאָס געווער אין די קאַזאַרמעס. די סאָלדאַטן פון די איבעריקע פּולקן האָבן נישט געוואָלט גיין ,,איינשטילן" די באַטאַליאָנער.

דריי טעג האָט דאָס געדויערט, ביז דער קאָמאַנדיר האָט אַראָפּ־געשיקט מיליטער פון מינסק מיטן באַפעל:

— נישט שוינען!... מאַכן אָרדענונג!...

צוויי פּולקן סאָלדאַטן האָבן אַרומגערינגלט די קאַזאַרמעס פון די באַטאַליאָנער. די האַרמאַטן האָט מען אָנגעשטעלט אויף די

קאזארמעס. מע האט געגעבן א מעת־לעת צייט די באטאליאנער, זיי זאלן ארויסגעבן דאס געווער און די פירער פון בונט. פון די קאזארמעס איז נישט געקומען קיין תשובה.

— דעמאלסט האט מען אין די דריי טויערן אריינגעשטעלט דריי ראטעס זעלנער...

אין די קאזארמעס איז געווען שטיל. קיינער איז פון דארט נישט ארויס. אזוי ווי אלץ וואלט דארט אויסגעשטארבן. די שטיל־קייט האט געשראקן די זעלנער, וואס זענען געשטאנען מיט די ביקסן אין די טויערן.

— אנגרייפן!... — האט דער אפיציר געגעבן א באפעל די ראטעס פון די טויערן.

און ס'האט זיך אנגעהויבן דער אנגריף. די צוויי פולקן זענען געווען מער און שטארקער. זיי האבן ארויסגעטראגן פון די קאזאר־מעס פון די באטאליאנער דאס געווער.

— איצט באקומט איר א שעה אויף ארויסגעבן די ארגאניזא־טארן, אויב נישט, שיסט מען אלעמען...

די שעה האט זיך זייער לאנג געצויגן. די שעה האט זיך געענ־דיקט מיט גארנישט — קיינעם נישט ארויסגעגעבן. דעמאלסט האט מען ארויסגעפירט אלע באטאליאנער אויפן פלאץ. דריי ראטעס מיט ביקסן אין די הענט, האבן זיי ארומגערינגלט.

— די לעצטע דריי מינוט!...

עס איז געווען א שוידערלעכער מאמענט. באלד וועלן אלע דריי ראטעס אנהויבן שיסן.

— קיינעם נישט ארויסגעבן!... האט געשריען אן עלטערער זעלנער אן א היטל אויף זיין קאפ. — ווי עס וואלט שרייען דאס געוויסן אליין. — זעמלאקעס, קיינעם נישט!...

— שיסן!... — האט דער אפיציר פאראָרדנט.

די זעלנער פון די דריי ראטעס האבן א ציטער געטון, דאך האבן זיי זיך א נעם געטון צו די ביקסן. עס האבן א רודער געטון די ביקסן־שלעסער. אויפן פלאץ האט א רויש געטון דער גורל. אט די צוגרייטונג־קלאפעריי מיט די אייזנדלעך פון די ביקסן איז געווען ווי א אנקלאפן אין די פענסטער פון רוסלאנד.

— וואַרטס, הינטישע זין — האָט וואסקא אַ געשריי געטון — איך בין דאָס!.. איך!.. איך אַליין!

— און איך... — האָט נאָך איינער געשריען.

— און איך... און איך... און איך.

איינע נאָך די אַנדערע זענען אַליין אַרויס מאַנדל, פּעטראָוו, פּאַוולאָוו, ריאַבּיטשעוו, ציבולסקי, פּילקון... פּערציק מאַן. אַלע אין איין געזעמל. די זעלנער פון ביידע זייטן האָבּן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. די פּנימער זענען געווען אומעטיקער, ווי דער פאַרנאַכט, וואָס האָט זיך אַזוי שנעל אַראָפּגעלאָזט.

— נו, לײַדאַקעס, וואָס שיסט איר נישט אײַערע בּרידער, שיסט, חמורים!.. נו, האַקט אַריין די קוילן!.. — האָט וואסקא געשריען שוין נישט מיט זיין קול. געשריען פון איין רוסלאַנד צו דער אַנדער — נו, שיסט, האַקט אַריין!..

געשאָסן האָט מען דאָס מאָל קיינעם נישט, מען האָט זיי אַלע אָפּגעפירט אין הויפּט־וואַך.

צו די איבעריקע באַטאַליאָנער האָט דער אָפיציר געליאַרעמט מיט אַ באַנומענעם קול:

— און איר וועט באַקומען קאַשע און גיין שלאָפן!..

דער משפט פון די ערשטע דרייצן באַטאַליאָנער האָט זיך נישט פאַרצויגן. צען האָט מען פאַרמשפּט צום טויט און דריי — צו קאַטאָרגע...

און איצט קומט דער עיקר צוליב וואָס איטשע גאַרבּאַטי איז אַוועק פון באַבּרויסק און געקומען קיין סלוצק און זיצט איצט אין מיטן דער נאַכט מיט דעם סלוצקער קאָמיטעט.

---

מען האָט באַשלאָסן צו ראַטעווען די צום טויט פאַרמשפּטע. אַלגע איז געווען די פירערין פון דער זאַך.

מען האָט דורך אַ זעלנער אַריינגעשיקט צו די פאַרמשפּטע אַ פּראָשיק, וואָס רופט אַרויס אַ קראַנקן צושטאַנד ביי די, וואָס שלינגען אים אַראָפּ. ס'האָט געהאָלפן. ניין קראַנק־געוואָרענע האָט מען אָפּגעפירט אין שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפינען אויפן דריטן שטאָק.

דער מיליטער־שפּיטאָל מיט די צום טויט־פאַרמשפּטע האָט

מען געהיט. אינעווייניק איז געווען אַ וואָך פון צוויי אונטעראָפּיצירן דרויסן האָט מען נישט געהיט — קראַנקע וועלן נישט לויפן פון שפּיטאָל.

סאַלאַוויטש, דער לאַזאַרעט־פעלשער, פּאַוועל דער קוכער, זיי ביידע זענען געווען אייגענע מענטשן. זיי האָבן געהאַלטן די פאַר־בינדונג.

מען האָט זיך געמוזט צואײַלן. אַ ליאַדע טאָג האָט געקאָנט אָנקומען פון פּעטערבורג די באַשטעטיקונג פון טויט־אורטייל און עס וואָלט געוואָרן צו שפּעט. שבת האָט זיך עס געדאַרפט אָנהויבן. צווישן איינס און צוויי אַזייגער אין דער נאַכט האָבן זיי געדאַרפט אַנטלויפן. אין לאַזאַרעט וועט אַלץ שלאָפן. די צוויי וועכטער וועלן באַקומען פון קוכער גוט צו עסן און צו טרינקען לכבוד דעם מאָרגנדיקן זונטאָג. די קראַטעס זענען שוין דורכגע־פרעסן פון דער זשאַוועד־פּליסיקייט, וואָס מען גיסט אויף זיי עטלע־כע טעג. מען וועט אַ שטויס טון די קראַטעס און — גיין דורכן פענסטער. פון אויבן וועט מען זיך אַראָפּלאָזן אויף אַ שטריק, וואָס איז געמאַכט פון האַנטיכער.

טאַקע צוליב דער זשאַוועד־פּליסיקייט איז מיט שלום דעם בלאָנדן בלעכער געשען אַן אומגליק — ער איז אומגעפאַלן און צעבראָכן אַ פלעשל מיט פּליסיקייט, וואָס ער האָט געהאַט אין דער הויזן־קעשענע. די פּליסיקייט האָט אָפּגעברענט זיינע ביידע פיס.

פינטשוק האָט געקאָכט קאַשע, זיסע קאַשע מיט בראָנפן, פאַר די וואַך־זעלנער. ער האָט אויך געהאַט פּאַפּיראָסן, וואָס דער טאַבאַק פון זיי איז געווען מיט אַ שלאָף־פּראָשעק.

איטשע גאַרבאַטי האָט באַזאָרגט פערד. צוויי וועגלעך מיט פערד. זיי זענען מיט די אייגענע פורמאַנעס געבליבן שטיין פון דער־ווייטנס, ווייט פון לאַזאַרעט, צו זיי וועלן די אַנטלאָפענע צולויפן צו פוס און — אָפּפאָרן, הײַדאַ!..

צען חברים זענען געווען אין יענער נאַכט אין געגנט פון לאַ־זאַרעט. די אַנטלאָפענע האָבן געדאַרפט באַקומען, לויט פּאַראָלן, אָנווייזונגען, וווהין צו לויפן. מען האָט געהאַט מיט זיך אַ קעסטל קליידער זיי איבערצוטון.

די צייט גייט זייער פּאַמעלעך. עס איז אריבער א האלבע שעה. אין לאזארעט איז שטיל. נאָך א האלבע שעה — עפּעס באַוועגט זיך א שאָטן אויפן דריטן שטאָק. באלד קומט די באַשטימטע שעה— איינס אזייגער. עס איז פינף מינוט נאָך איינס, צען מינוט. עס איז נאָך נישטאָ קיין שום סיגנאל. ביים טויער ליגט דאָס פּעקל מיט זאכן. לייבע דער פורמאַן זיצט אויף דער קעלניע. ארום לאזארעט איז שטיל.

עס דערהערט זיך א פייף. דער ערשטער סיגנאל. דאָס פייפט מען פון אונטן. עמיץ האָט זיך באַוויזן אין פענסטער מיט א היטל אין האנט. הייסט עס — ס׳גייט...

דער, וואָס איז געווען ביי דער וואנט, האָט געהערט די ערשטע שטילע גערוישן. מען זעגט א קראַטע. דאָס זעגן פון אייזן אין דער נאכט איז גאַן געווען אויסטערלישע — מוזיק, שרעק, פרייד, דער־ווארטונג, סכנה, נצחון...—

— סיג... סיג... — עס זעגט זיך א לעבן. עס צעזעגט זיך דער טויט. עס שפּילט זיך אויס א נצחון.

צען מינוט. א שטיקל אייזן איז אראָפּגעפאלן אויף דער ערד. אומפאָרזיכטיקייט. דער קלאַפּ אין דער נאַכט איז געווען — א רוף און א צאַפּל. גוט, דער שונא האָט נישט געהערט.

א טעות. עמיץ האָט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון צווייטן שטאָק. מסתמא האָט יענער עפּעס געהערט. באלד וועט מען דורכ־פאלן. עס קוקט דער וועכטער פון צווייטן שטאָק. ער זוכט דאָ־דאָרט, עס איז אין מיטן נאכט, מסתמא האָט זיך דאָס אים געחלומט. עס איז גלייכער זיך צוריק צושפּאַרן.

— שלאָף, חמור...

אין דער רגע איז ארויסגעפאלן פון פענסטער פון דריטן שטאָק די ווייסע שטריק. און גלייך אויפן שטריק א מענטש. דער ערשטער!.. עס גייט גוט. ער האָט זיך שנעל אראָפּגעלאָזט אויף דער ערד.

נאָר ער מאַכט א טעות. ער לאָזט זיך לינקס און נישט רעכטס.

— איטשע האָט א פייף געטון...

יענער האָט זיך פון פייף דערשראָקן. ער איז ארויפגעלאָפן אויף א בערגל און געבליבן שטיין צומישט. עס איז געווען פינסטער.

איטשע האָט אַ פּאַך געטון מיט אַ ווייס טיכל. די פיגור, וואָס אויפן בערגל, האָט זיך געלאָזט צום ווייסן טיכל. צוויי מענטשן האָבן זיך באַגעגנט אין דער פינסטער.

— רעשיטעלני... — האָט געזאָגט איטשע, דעם פּאַראָל, אויף וועלכן דער אַנטלאָפענער האָט געדאַרפט ענטפערן: „באָי", ער האָט זיך אָבער צעטומלט. ער האָט נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן. אַ רגע איז פאָרגעקומען אַ צומישונג. „אפשר איז דאָס דער וועכטער?.." — אַזוי האָט אַ טראַכט געטון איטשע. „אפשר איז דאָס אַ כאַפּער?" — אַזוי האָט אַ טראַכט געטון דער מענטש אויפן בערגל. באַלד האָט ער מיט אַ צוגעגרייטן מעסער אַ גלאַנץ געטון פאַר די אויגן.

עס וואָלט עפּעס בלוטיקעס געשען. אין דער רגע האָבן זיי זיך דערקענט:

— טו זיך איבער...

אין דער צייט האָבן זיך געלאָזט דורכן שטריק די איבעריקע. איינער נאָכן צווייטן, אַלע — ביזן לעצטן.

אין דער פינסטערער נאַכט האָבן זיי זיך איבערגעטון. דאָס איבערטון איז צוגעגאַנגען צו שווער און צו לאַנגזאַם. אין אַ פופצן מינוט אַרום דאַרף זיך טוישן די וואַך.

מען איז פּאַרטיק. פורמאַנעס האָבן אַ שמיים געטון די פערד און אַוועק. אייניקע זענען אַוועק צו פוס. די שטאָט איז געשלאָפן.

איטשע איז געגאַנגען אַליין פּאַמעלעך אַהיים. פון וואַנען זאָל איטשע גאַרבאַטי וויסן, וואָס עס קומט דאָרט פאָר אין די לאַזאַרעטן!..

אויף מאָרגן איז די שטאָט געשטעלט געוואָרן מיטן קאָפּ אַראָפּ. פון די צוועלף אַנטלאָפענע איז קיינער אין שטאָט שוין נישט געווען — ווער אין אַ דאָרף, ווער אויף דער באַן, ווער אויפן וועג קיין אויסלאַנד...

די נקמה האָט זיך אויסגעגאָסן אויף די אָרטיקע. מען האָט אָנגעהויבן מאַכן רעוויזיעס אין די הייזער.

— האָט די אָרגאַניזאַציע באַשלאָסן, מיר זאָלן אַוועק פון שטאָט...

---

די זיצונג פון סלוצקער קאָמיטעט, אויף וועלכער איטשע גאַרבאַטי האָט געבראַכט דעם גרוס פון באָברויסק האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. מען האָט אָבער גאָרנישט געפּילט, ווי זי איז אַוועק.

— מען מעג מאַכן מיט איטשען אַ ליאַמע... — האָט געזאָגט תנחום אין די שטיוול און געריבן די הענט פון צערודערונג, פון פרייד און פון כעס: — וואָרום מען האָט דאָך פּעריציק אָפּגעשיקט אויף קאַטאָרגע...

— עס ברויזט אָבער אין די קאַזאַרמעס — האָט איטשע גאַרבאַטי געזאָגט — אַט זענען זעלנער באַפאַלן אַן אונטער־אָפיציר, אים אַנגעטון אַ זאַק אויפן קאָפּ און אונטערגעהאַקט די זייטן...

— האָט מען קיינעם נישט געכאַפּט?

— ניין. מען האָט אויך געפונען אַ צווייטן אַ דערשטיקטן מיט אַ קישן...

נאָכקע דער לערער האָט זיך אָפּגערופן:

— עס ברויזט אַ צאָרן און זוכט אַן אויסגאַנג. ער וועט סוף־כל־סוף אים געפינען...

— מען דאַרף אַרבעטן...

— נו, געוויס.

צוויי און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# צווישן צוויי פייער

זובאַטאָוו האָט זיך געפּילט, ווי אויף אַ דאַך פון אַ פלאַקערנדיקן הויז. אין די טורמעס זענען שוין פאַרשפּאַרט דריי טויזנט סאָלדאַטן. עס העלפט אָבער נישט: — צענדליקער טויזנטער עקזעמפּלאַרן פון פּראָקלאַמאַציעס און בראָשורן. זובאַטאָוו זיצט אַזוי ווי אין רויך און פייער. גיי לעש איין די שרפה!... רוסלאַנד סמאַליעט. שטרייקן הערן נישט אויף, דעמאָנסטראַציעס אין די טעאַטערן בעת די פאָרשטעלונגען, רעוואָלוציאָנערע לוויות נאָך די

געשטאַרבענע סאָציאַליסטן — פּירט מען איינעם צום עשאַפאָט — גייט מיט אים די גאַנצע מדינה.

עס ברענט ווילנע, עס רודערט דווינסק, עס רויכערט באַרקאָוו, אין פּעטערבורג איז סכּנהדיק.

ווי גיט מען זיך אַן עצה? — גיי זיי רוסלאַנדס פייערלעשער! און דאָרט אין פּאלאַץ, אין ווינטער־פּאַלאַץ, אין גאַטשינאַ, אין צאַרסקאָע סעלאָ — דאָרט ווייסן זיי גאָרנישט, אַז ס'ברענט.

פון דאָרט, פון צפון־מערב־געביט, פון דער טשערטאַ שלאָגט די „זאַראַזאַ". מען דאַרף אַרבעטן ראַשער!

ער האָט זיך גענויטיקט אין ישראל־מיכלען. ער האָט געוואָלט אויסהערן פון אים אַ עצה, צי קאָן מען שוין אָנגרייפן ווילנע, אַזוי ווי ער האָט עס געטון אין מינסק. ער האָט אים אַרויסגערופן צו זיך אין מאָסקווע.

— איך האָב אייך גערופן — האָט ער געזאָגט — וועגן אייער „דיעלאָ", וועגן באָברויסקער אַרעסט.

ישראל האָט אָנגעשפּיצט די אויערן. ער האָט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס דער פוקס הויבט אָן פון דאַנען. דאָס איז די שטריק, אויף וועלכער ער האַלט אים.

— די מעשה איז אַזאַ — האָט זובאַטאָוו געזאָגט — עס וואָלט זיך זייער וועלן צונישט מאַכן אייער ענין, אָבער עס לאָזט זיך נישט. ער מוז גיין מיט זיין געוויינלעכן גאַנג... איר וועט אפשר טרינקען אַ גלאָז טיי?..

— איך דאַנק...

— דאַנקט נישט, איר וועט טרינקען...

ער האָט געקלונגען נאָכן לאַקיי.

— עס וואָלט זיך מיר זייער נישט וועלן זיך שיידן מיט אייך, הגם די נוצן זענען זייער צווייפלהאַפטע...

זובאַטאָווס באַקן־בערד האָבן זיך אַזוי ווי אויפגעשטעלט.

ישראל־מיכל האָט גאָרנישט געענטפערט. ער האָט געדולדיק געוואַרט זובאַטאָוו זאָל ווייטער רעדן.

— איך וועל אייך ראַטן — האָט זובאַטאָוו געזאָגט — אָנשרייבן אַ ביטע צו דעפּאַרטאַמענט, ער זאָל אייך נישט פאַרשיקן

קיין סיביר, ווייל אייער געזונט־צושטאנד איז א שלעכטער, דערביי זאלט איר צולייגן א צייגניש פון א דאקטאר, אז דער קלימאט פון סיביר איז נישט פאסיק פאר אייך...

—דאס קאן מען... — האט געזאגט ישראל־מיכל, וועמען עס האט זיך טאקע נישט געוואלט פארשיקט ווערן אין סיביר.

— וועט איר אונטערשרייבן אט די צוויי בויגן פאפיר, די ביטע וועלן מיר שוין אליין צונויפשטעלן... — האט אים זובאטאוו אונטערגערוקט די פאפירן — פארוואס טרינקט איר גאר־נישט?..

ישראל־מיכל האט זיך געישובט, צי זאל ער אונטערשרייבן די בלאנקע בויגנס פאפיר. ווער ווייסט, וואס מען קאן דא אויבן אנ־שרייבן? — האט אבער נישט געפאסט ארויסצוווייזן אומצוטרוי. עס קאן אלץ קאליע ווערן. הינטער די ווייסע בלאנקע בויגנס ליגט סיביר. אגב, האט ער דאך שוין נישט קיין צוריק. ס'איז שוין אלץ איינס.

האט ער אונטערגעשריבן.

– איר זעט א טשעקאווע פראקלאמאציע... — האט זובא־טאוו געזאגט, אריינלייגנדיק די צוויי בויגנס פאפיר אין שופלאד און ארויסציענדיק פון דארט א פרישע פראקלאמאציע — איר זייט דאך עפעס א ספעציאליסט אויף דרוקערייען. וואס זאגט איר וועגן אט דער פראקלאמאציע? — א זעלטענע ארבעט, נישט אמת?..

ישראל־מיכל האט באהאלטן די אומרואיקייט, ווי מען פאר־שפארט א טיגער אין צירק־שטייג. דאס איז דאך די לעצטע פראַ־קלאמאציע פון דער נייער ווילנער דרוקעריי. אפשר ווייסט שוין זובאטאוו זיין, ישראל־מיכלס, שייכות?..

— די ארבעט איז צו גוט... — האט ישראל־מיכל געזאגט מעשה־מבין — ביי אומלעגאלע באדינגונגען איז אזא ארבעט שווער צו מאכן, אויב נישט — אינגאנצן אוממעגלעך. עס איז א גוטע, אבער א געאיילטע ארבעט. דאס זעט מען. מען האט די פראקלאמאציע ווארשיינלעך געדרוקט אין א לעגאלער דרוקעריי, געצוווּנגען דעם דרוקער, ווי עס טרעפט...

— וועל איך אייך בעטן טאקע אָנשרייבן אייער עקספּערטיזע. זי איז מיר זייער וויכטיק...

זובאַטאָוו האָט שאַרף־פאַרשנדיק געקוקט אויף ישראל־מיכ־לען ער האָט אים געקוקט אין האַרץ אַריין. זיי האָבן בײדע גע־שוויגן. ישראל־מיכל האָט געפילט, אַז ער מוז איצט עפּעס צו־וואַרפן זובאַטאָוון. עס איז קיין ברירה נישטאָ.

— האָט איר עפּעס געטון אויסצוגעפינען קאַצן?.. — האָט זיך זובאַטאָוו דערמאָנט — איז ער דאָך דער טעטיקסטער מיטגליד פון צעקאַ.

— איר האָט דאָך נישט אָנגעגעבן דעם פאַמיליע־נאָמען אונ־טער וועלכן ער לעבט. איר ווייסט דאָך שטענדיק נאָר אַ העלפט...

— נישט ווייניקער, וויפל איך קאָן וויסן...

זובאַטאָוו וועט נישט דערציילן, וואָס עס האָבן אים שוין געשריבן זיינע „קאַצאַפּעס". ער וועט פּרוּוון נאָך עפּעס געוואָר ווערן ביי ישראל־מיכלען:

—איך מיין, אַז עס גרייט זיך אַ נייער צוזאַמענפאָר. איך וואַרט, אַז איר זאָלט מיר צוּוויסן טון.

— איך הער עס פון אייך.

— אבי איך האָב אייך וועגן דעם אַרויסגערופן. ווייסט איר גאָרנישט?

— ניין. איך מיין, אַז איך וואָלט וויסן, ווען...

— דאָס זיכער. איך וואַרט טאַקע פון אייך אַ גענויע ידיעה.

— אויב איך וועל נאָר האָבן...

אין קאַבינעט איז אַריין מעדניקאָוו און זיך הויך דערפרייט מיט ישראל־מיכלען: וואָס מאַכט איר אין געזונט? — גוט, וואָס איר האָט זיך אָראָפּגעכאַפּט אַהער, איך דאַרף שוין ווידער האָבן שלעסער, איך וועל אייך אויסשרייבן די באַשטעלונג... קומט אַריין צו מיר.

— צום ווידערזען...

— ווידערזען...

---

עס איז אַ מאַי־נאַכט פון 1900. אין ווילנע.

דעלעגאטן פון נאָנטע שטעט זענען שוין געווען צו צוויי טעג אין ווילנע. מען האָט געדארפט פון דאנען פאָרן, אָבער קיינער פון זיי האָט נישט געוווסט נענוי וווהין.

א זייגער צוועלף אין דער נאכט איז מען ארויס פון די ווילנער קווארטירן. מען איז בלומרשט געגאנגען שפאצירן אין וואלד. עס איז דאָך א שיינע פרילינג־נאכט!... — וואָלט אָנגעלאָפן זובאַטאָווס א הונט, וואָלט ישראל־מיכל אים געוויס דערשמעקט. מען איז געגאנגען צופוס ביז דער ערשטער באן־סטאציע.

מיט צוויי טעג צוריק האָט ישראל־מיכל איבערגעגעבן ניעמעצן א בריוו פאר זובאַטאָוון. ער האָט דערציילט אין בריוו וועגן א דרוק אין קישעניעוו. עס איז געווען א גרויסע שטיק פלייש אין זובאַטאָווס פיסק. וועגן צוזאמענפאָר האָט ער געשריבן, אז ער וועט אַלץ צוווייסן טון, ווען עס וועט נאָנט ווערן. זאָל ער זיין זיכער. זובאַטאָוו טרויט אים לעצטנס מער. זאָל נאָר זובאַטאָוו נישט האָבן א „קאצאפ" פאר אים אליין — פאר ישראל־מיכלען.

— דעמאָלסט איז שלעכט...

עס איז שוין געווען פרימאָרגן, ווען מען האָט זיך ארייגעזעצט אין די פארשידענע וואַגאָנען פון צוג, וועלכער איז געלאָפן פון פעטערבורג איבער ווילנע קיין ביאַליסטאָק. איינער האָט דעם צווייטן נישט געקענט. מאַלע וואָס יידן פאָרן קייז ביאַליסטאָק...

אַלץ איז געווען גוט קאָנספּיראטיוו. נח קאָן דאָס מאכן. ער האָט אַלץ צוגעגרייט אויף ביאַליסטאָקער באנייקעס. פּיראונצוואנציק דעלגאטן זענען געווען. אבראם פון די גארבער, זלמן פון די בערשטער, וויינשטיין — פון ווילנער קאָמיטעט, אנא פון ביאַליסטאָק, ליבער — פון לאָדזש, זאקאן — פון ווארשע, פאוול דער שוסטער פון קאָוונע, אנמאן, נח, בענציע...

און ישראל־מיכל.

אין דעם גרעסערן צימער פון הילצערנעם אויבער־שטוב האָט דער צוזאמענפאָר געארבעט. מען האָט זיך צום ערשטן מאָל גרינטלעך פארנומען מיט דער נאציאָנאַלער פראגע. ליבער, מיטן פּנים פון א טעלזער בן־תורה, האָט געקעמפט פאר נאציאָנאַל־

קולטורעלע אויטאָנאָמיע. אַנמאַן דער דאָקטאָר, בענציע דער וועבער און אַנא האָבן געהאַלטן, אַז דער „נאַציאָנאַלער שטראָם" שטאַמט פון אויסלאַנד, ער איז פרעמד דער מאַסע, קאָן נאָר ברענגען שאָדן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דעם צענטער האָבן געבילדעט וויינשטיין, זאַקאָן און נח: אין „נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין" דאַרף מען נישט אריינלעגן אַ בורזשואַזן זין (און אַזאַ סכנה איז פאַראַן!). אַרבעטנדיק פאַרן זיג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, פּראָטעסטירנדיק קעגן נאַציאָנאַלע אונטערדריקונגען, פאָדערנדיק דאָס רעכט פון פרייער קולטור אין דער מוטער-שפּראַך אַרבעט מען שוין אויך פאַר דער אַנטוויקלונג פון נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוווסטזיין. מער דאַרף מען נישט, אויב מען וויל נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין נאַציאָנאַליסטן.

צוויי טעג האָט מען היים דעבאַטירט ביז מען האָט געמאַכט די סיכומים פון די גרויסע מאַסשטאַבן. מען האָט אָנגענומען באַשלוסן וועגן עקאָנאָמישן טעראָר, וועגן שטרייקן, וועגן קאַמף מיט דער זשאַנדאַרמען - מאַכט, מיט פּאָליציי - רעפּרעסיעס, וועגן דעמאָנסטראַציעס, וועגן די אופנים פון פּאָליטישן קאַמף, וועגן דער באַציאונג צו דער רוסלענדער עסדע:

— „דער „בונד" טרעט אין איר אריין, אַלס פאָרשטייער פון יידישן אַרבעטער-קלאַס, אַלס אַ פעדעראַטיווער טייל..."

דאָס איז געווען דער פּלאַמיקער אָטעם פון דער עפּאָכע. אַזוי האָט אַ שלאָג געטון דער שטראָם פון דער געשיכטע, דאָ איז אויך פאָרמולירט געוואָרן די איינשטעלונג לגבי דעם ציוניזם: דער ענד-ציל פון ציוניזם איז שאַפן אַ טעריטאָריע פאַרן יידישן פאָלק. אויף וויפל זי וועט קאָנען אויפנעמען נאָר אַ קליינעם טייל פון יידישן פאָלק, איז דאָס אַן ענין, וואָס האָט נישט קיין גרויסע באַדייטונג און קאָן נישט פאַרענטפערן די „יידן-פראַגע", און אויף וויפל מען פּרעטענדירט צו קאָנצענטרירן אויף איר דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, אָדער, לכל-הפּחות, דעם גרעסטן טייל — איז עס אַן אוטאָפּיע. די אַגיטאַציע פון די ציוניסטן בלאָזט פונאַנדער דעם נאַציאָנאַלן געפיל און איז אַ שטער פאַר דער אַנטוויקלונג פון קלאַסן-באַוווסטזיין...

—עס וועט צוזאַמענגעבראָכן ווערן די ריזיקע געביידע פון אַזיאַטישן דעספּאָטיזם, די טייוולשע מאַשין—האָט נח געזאָגט, און שלום פון צוזאַמענפאָר.

מען איז זיך פונאַנדערגעפאָרן. און — צו דער אַרבעט.

ווי עס לאָזט זיך פונאַנדער אַ גרויסער זאַוואָד מיט אַלע זיינע מאַשינעס, ווען אַלע רעדער זענען גוט געשמירט, די טראַנס־מיסיעס זענען אָנגעצויגן. דער צוג פון דער געשיכטע איז געלאָפן איבער בלאָנקענדיקע רעלסן.

נח איז געווען דער מאַשיניסט פון לאָקאָמאָטיוו.

ער האָט זיך באַוויזן קאָנספּיראַטיוו אין ווילנע און אין מינסק, אין וויטעבסק און אין וואַרשע. ער האָט געהיט די דרו־קערייען, ווי דעם שוואַרצאַפּל, געהאַלטן די פאַרבינדונג מיטן אויסלענדישן קאָמיטעט. געהאַט אין האַנט דעם ליטעראַטור־טראַנספּאָרט, געהאַט די „יאַווקע" פון די קאָמיטעטן...

צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים האָט זעלטן־ווער געהאַט צו אים אַ צוטריט. ער האָט מיט זיין דראָבנעם כּתב געשריבן יורך היעראָגליפן שטאַפּעטן און ראַפּאָרטן קיין זשענעוו און קיין לאָנ־דאָן, קיין פּעטערבורג, קיין מאָסקווע:

— צו דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע..

זיצט נח, אַ באָרדיקער, מעשה־קופּיעץ, אין ערשטן קלאַס פון ווילנער וואָקזאַל און וואַרט אויפן דווינסקער צוג. נישט ווייט פון ווילנע ליגט פּאָדבראָדז, נחם היים־שטעטל. דאָרט איז זיין טאַטע שוין געזעסן שבעה נאָך אים, ווייל דעמאָלסט, בעת ער איז גע־קומען פון סיביר אין רוסלאַנד אריין און „געשטאָרבן" אין קליינעם וואָלינער שטעטל האָט ער געקלאַפּט אַ טעלעגראַמע אהיים צום טאַטן זיינעם:

— אייער זון יקותיאל איז דאָ געשטאָרבן און טאַקע דאָ באַערדיקט געוואָרן. מיר טרייסטן אייך אין אייער צער...

ווייל דער טאַטע זאָל טאַקע ענטפערן די זשאַנדאַרמען, ווען זיי וועלן קומען זיך פרעגן אויף אים:

— געשטאָרבן מיין זון, אָט זעט איר די טעלעגראַמע..

אַזוי איז געווען זיבער נחם שוועסטער, זיין ברודער. און דאָ

אין מיטן דערינען זעט ער זיין ברודער אויפן וואקזאל. יענער האט א קוק געטון, איבערראשט געווארן, דאס גאנצע געזיכט זיינס האט זיך אויסגעקרימט און א פראגע־און־וווּנדערונג־צייכן, און אט לויפט ער צו אים.

עס איז נישט גוט. עס וועט ווערן א טומל אויפן וואקזאל. די קאנספיראציע קאן געעפנט ווערן.

— דו... דו?.. יקותיאל?.. דו?..

קוקט אים אן נח מיט א רואיקן, קאלטן, איראנישן פנים און צעבייזערט זיך צום סוף אויף רוסיש:

— א משוגענער?.. צי א חסר דעה גאר?.. טראגט אייך אפ וואן פון דאנען...

איצט איז געקומען דער דווינסקער צוג און נח פארט אפ. אזא אומאנגענעמלעכקייט!.. — — — — —

* * *

ישראל־מיכל האט פארטיק געמאכט דרוק־ווארשטאטן, וועלכע מען האט אוועקגעשטעלט אין איניקע שטעט. אין דער זעלבער צייט האט ער צוויסן געטון זובאטאוון:

„מערע גינצבורג און לעאן גאלדמאן דארפן חתונה האבן, ווערן אומלעגאל און ארבעטן אין א יידישער דרוקעריי אין אדעס. די דרוק ווערט איינגעארדנט מיטן אנטייל פון ד. קאץ און ווערט איבערגעפירט אהין פון לאדזש!"

אין ווילנע אויף גרוים סטעפאן־גאס, אין א צווייצימערדיקער דירה, אויף א צווייטן שטאק, האבן געארבעט אין א געהיימער דרוקעריי שלום לעווין דער איינבינדער מיט זיין חברטע חנה. ביי דער דירה האבן זיך אבער באוויזן „שאטנס". האט ישראל־מיכל אריבערגעטראגן די דרוק צום איינבינדער אוורעמטשיק, וואס האט געוווינט אין „רוזעלע" אויף א זומער־וווינונג. מען האט אבער דארט נישט געקאנט לאנג פארבלייבן און מען איז אריבער אויף די לוקישקעס דארט האט אויך נישט געטויגט, איז מען אריבער אויף דער טאטערישער גאס. דא האט מען געדרוקט דעם „מינס־קער ארבעטער", דעם „ווילנער ארבעטער", דעם „ביאליסטאקער ארבעטער"... —

**פון דער דרוק האבן געוווסט בלויז שלום, כאנע און איטשקע,**

זיי האָבן דאָ געאַרבעט. אויך סאַראַקע דער סטאָלער, וואָס האָט געמאַכט דעם קונציקן טיש און קאָמאָדע פאַר דער דרוקעריי. צו זיי נאָך — מאַקס מאַזאָווער און סערגיי נעמאַנסקי פון ווילנער קאָמיטעט.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך ישראל־מיכל. ער איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיטן יידישלעכן איינאָרדענען דעם ברית פון שלומס און כאַנעס ייִנגעלע, וואָס איז געבוירן געוואָרן טאַקע דאָ אין דרוקעריי.

— אָן אַמתער ברית וועט מער לעגאַליזירן דעם איינבינדער שלום לעווין און זיין ווייב חנה, די קימפּעטאָרין... — האָט גע־זאָגט ישראל־מיכל דער שלאָסער, דער געוועזענער אונטער־שמש, זובאַטאָווס אַגענט.

מען האָט צוגעגרייט אַרבעס, בראָנפן, לעקאַך און הערינג. מען דאַרף האָבן אַ מנין יידן, טאָ לאָמיר ציילן: — שלום, איטש־קע, ישראל־מיכל, מאַקס, סערגיי — זענען פינף, דער מוהל — זעקס, דער שמש — זיבן, דאַרף מען נעמען דריי יידן פון שילכל.

אַ טלית איז דאָ. דער שמש וועט זיין סנדקאָ.

ישראל־מיכל האָט קידוש געמאַכט:

— לחיים, יידן!..

— איר זאָלט זוכה זיין אים צו האָדעווען לתורה, לחופה ולמעשים טובים!..

— הלואי... אמן...

ווער האָט געקאָנט גלויבן, אַז דאָ ווו עס איז דער כסא של אליהו, ווו דער מוהל ציקלט זיך מיט דער ברכה, איז די געהיימע דרוקעריי פון „בונד“?..

איז נאָכאַמאָל: לחיים יידן!.. — דער געשלאָסענער, לאַנגזא־מער ישראל־מיכל איז געווען גאָר בגילופנדיק. דער מוהל און דער שמש זענען שוין אַוועק, אָבער די דריי פרעמדע שול־יידן זענען נאָך געבליבן, געגעסן אַרבעס און געטרונקען ביר. ישראל־מיכל איז געווען דער סאַרווער. ער האָט געווינטשעוועט און געבענטשט. ער האָט אויסגעפּונען איין נגון און אַ צווייטן. ער איז געווען מאָדנע אויפגערודערט. —

עס איז דאָך אזוי שווער צו זיין צווישן צוויי פייערן. נח פאָדערט קאָנספּיראַציע. די רעוואָלוציע פאָדערט דעם גאַנצן מענטשן. נח האַלט, אז די בראָשורן דאַרף מען אויפהערן דרוקן אין אויסלאַנד, מען דאַרף זיי אָנהויבן דרוקן אין רוסלאַנד.

און אָט האָט ער זיך נישט לאַנג באַגעגנט מיט ניעמעצן. יענער ווייסט שוין וועגן פערטן צוזאַמענפאָר. זובאַטאָוו ווייסט שוין אויך. א ליאַדע שעה וועט ער, ישראל־מיכל, באַקומען א קאַרטל פון מיעדניקאָוון, אויף וועלכן עס וועט שטייען געשריבן:

— 13/2...

דאָס וועט הייסן, אז דעם 13־טן, 2 א זייגער בייטאָג מוז מען זיך באַגעגענען. ער וועט מוזן צאָלן, צאָלן גראָב. מיט קלייניקייטן וועט ער נישט אָפּקומען. —

סערגיי, איר זייט דאָך א למדן, זאָגט מיר, ווען קומט שוין משיח?..

— אחכה בכל יום... ער קאָן קומען א ליאַדע טאָג... — האָט געזאָגט אַן אַביסל פאַרשנאַשקעטער שול־ייד.

— טאָ, נעמט־זשע, יידן, א קאַפּיטשקע, לחיים!..

* * *

אביסל שפּעטער האָט ישראל־מיכל געשריבן צו זובאַטאָוון:

— שמ. ק—ץ איז דער אָרגאַניזאַטאָר פון בערשטער־בונד. ער געפינט זיך אין דווינסק. אַלסקי פאַרנעמט זיך מיטן אומלעגאַלן טראַנספּאָרט. א. ב—ק. האָט געוווינט אין ווילנע, איז אַרויסגעפאָרן קיין אָדעס, אַרבעט אין דרוק. דער וויכטיקסטער ק. פ. געפינט זיך איצט אין וואַרשע. ב. ק., ג—ג — אין ווילנע: ה—אָוו אין זשענעוו. ל—ן און ק—ר אין פּאַריז. ג—ק פירט אונטערהאַנדלונגען וועגן צושטעלן ליטעראַטור אין האָמעל...

* * *

אין דער ווילנער דרוקעריי האָט מען געאַרבעט מיט ישראל־מיכלס נייעם וואַליז. מען האָט געזעצט א פּראָקלאַמאַציע פון גראָדנער קאָמיטעט:

— דו וועסט זעצן פון „פינסטערן ווינקל'' ביז „וואָס פאַר אים איז ליכטיק, איז פאַר זיי פינסטער'' — האָט געזאָגט שלום

צו איטשקען — און איך וועל זעצן פון „ווען אייערע אינטערעסן" ביז „עס לעבע די אחדות"...

מען האָט געאַרבעט פלייסיק. דאָס קליין ייִנגעלע דער בן־זכר, האָט געדרימלט אין וויגעלע. מיטן אָפּגערעדטן צייכן האָט ישׂראל־מיכל אָנגעקלאַפּט אין טיר און באַקומען דעם ערשטן אָפּדרוק אונ־טער זיין נייעם וואַלץ...

* * *

אויף דער וואַנט פון מעזריטשער בית־המדרש האָט דער רב געלאָזט אויסקלעפּן אַזאַ „הודעה":

— מען איז מודיע לאנשי עירכם דפה, אזוי ווי כפייר הנשמע איז דאָ הרבה מקומות בפה, וואָס קומען זיך צוא זאַמען בחורים, איבער הויבט בשבת קודש בבוקר בשעת התפלה. אין יעדן אָרט איז דאָ אַ בחור וואָס האָט אונטער זיך כמה תלמידים, וואָס עהר לערינט זייא וויא אזוי אַראָפּגיין פון דרך התורה והיהדות, און גיין אַנטקעגן פּראַוויטעלסטוואָ, וואָס דער מיט זעניען זיי רודף דעם גאַנצען כלל־ישראל, און מחלל שם שמים בפרהסיא די ירחם, דרום איז מען מודיע, אז עס איז נתיסד געוואָרן אַ חברה הנקראים בשם „מחזיקי הדתיי אנשים אשר יראת די נגע בלבבם והרב אבדייק בראשם. ובידיעת המוראוואַייעס אַיאָדאָר און די חברה וועלן ארומ־גיין אַכטונג געבן אין אלע ערטער און אז מען וועט געפינען אַזעלכע אסיפות אָדער איין פאַרזאַמלונג פון בחורים און בתולות, וועט מען דאָס זאַיאָווען דעם זשאַנדאַרמיסקע. גם איז מוטל אויף יעדער מענטש, וואָס ווייסט וויא די אסיפות געפינען זיך זאָל מען קומען מעלדירן להרב דפה.

ולהשומע ינעם רב חיים זייק קייק מעזריטש

* * *

דער נייער מיטגליד פון צעקאַ רחמיאל האָט זיך געטראָפן מיט ישׂראל־מיכלען ביי אים אין שלאָסער־ווערקשטאַט.

רחמיאל האָט געוווּסט, אַז מיט ישׂראל־מיכלס אָפּגעוועגטן, דורכגעטראַכטן, געשלאָסענע וואָרט רעכענען זיך אַלע. ער האָט נעזען אויפן צוזאַמענפאָר, ווי אויפמערקזאַם מען האָט זיך צוגע־

הערט צו זיינע עצות. אין ווילנע איז זיין יעדער פארשלאג געווען כמעט א געזעץ. האט רחמיאל גערעדט מיט ישראל־מיכלען וועגן פארגעקומענעם צוזאמענפאר.

ווען מען האט אויסגעקליבן אין צעקא, האט קיינמאל קיינער נישט געוווסט, אויסער די אויסגעקליבענע. די וואל־צעטלען האט מען אפגעגבן נחן און ער האט שוין געדארפט צווישן טון די אויסגעקליבענע. דער צוזאמענשטעל פון צעקא הא געמוזט זיין שטרענג קאנספיראטיוו. אין שמועס מיט ישראל־מיכלען האט זיך רחמיאל דאך ארויסגעכאפט און אנגערופן זיך און נאך אייניקע אלס מיטגלידער פון צעקא.

ישראל־מיכל האט געטון א נייגעריקן בליק אויף אים. רחמיאל האט אין דער רגע דערשפירט אין טיפעניש פון זיין הארץ, אז ער איז באגאנגען א פעלער. געווים האט ער נישט געהאט קיין שום פארדאכט. אבער עפעס א שלעכט געפיל איז אין אים דורכגעגאנגען. אפשר האט אים ישראל־מיכל שטומערייט געמוסרט, פארוואס ער האלט נישט קאנספיראציע?..

א שארפער בליק פון ישראל־מיכלען. א פארדעכטיקע נייגערקייט א פארדרוס.

א קורצע צייט נאכדעם איז רחמיאל ארעסטירט געווארן. געווען איז עס אזוי:

נאפטאלי שאץ האט געבראכט א טראנספארט פרישע בלעטלעך קיין ווילנע. דאס איז געווען א בלעטל וועגן ארבעט אין דער ארמיי. דעם טראנספארט האט מען אפגעלייגט ביי אוורעמטשיקן.

רחמיאל האט זיך געטראפן אין אוונט מיט אוורעמטשיקן.

— נישט קלוג — האט רחמיאל געזאגט — וואס מען האט די סחורה אפגעלייגט ביי דיר...

— קיין סכנה...

— אויב מען וועט דאס ביי דיר געפינען, וועל איך זיך אויפהענגען... — האט רחמיאל געזאגט.

אין דער זעלבער נאכט זענען געמאכט געוואהן מאסן־ארעסטן. עטלעכע אונצוואנציק בעסטע חברים האט מען ארעסטירט. די לי־

טעראַטור האָט מען בײַ אוורעמטשיקן געפונען, מען האָט אַרעס־טירט אויך נאַפּטאָלי שאַצן, וועלכער האָט עס געבראַכט.

אויפֿן צווייטן טאָג האָבן זיך אַלע אַרעסטירטע באַגעגנט אין אַ וואַגאָן פֿון צווייטן קלאַס פֿון אַ צוג, וואָס איז געגאַנגען קיין מאָסקווע.

מען האָט זיך אַדורכגעקוקט, ווייניקער גערעדט איינער מיטן צווייטן. נאַפּטאָלי האָט שטילערייד געזאָגט מיט צופֿרידנקייט:

— גוט, וואָס ישׂראל־מיכל איז כאָטש געבליבן...

אין יענער נאַכט, ווען דער וואַגאָן איז געלאָפֿן קיין מאָסקווע, איז דאָס געווען נאַפּטאָלים פֿריידיקסטער געדאַנק. מער קיין פֿרייד האָט ער שוין נישט דערלעבט: אַביסל שפּעטער האָט די פּאָליציי אים געשאָסן אין סיביר.

דרײַאונצוואַנציקסטעס קאַפּיטל

# אַזוי ווי אויף וואַטע

— קלויבט אײַך אויס אַ שטאָט אויף פֿאַרשיקונג. אַ שטאָט אָן אַן אוניווערזיטעט. עס מעג זײַן, לאָמיר זאָגן, דווינסק... — האָט זובאַטאָוו צווישן געטון ישׂראל־מיכלען.

האָט ער געעפֿנט אַ שלאָסעריי אין דווינסק און אַליין געווען אונטער פּאָליצייאישער אויפֿזיכט. זײַן דירה איז געווען אַ צענ־טראַל־קוואַרטיר פֿאַרן צעקאַ.

ער האָט אויך „געפֿונען" אַ קוואַל פֿון „אײַזערנע פּעסער". קיינער האָט אים נישט געדאַרפֿט פֿרעגן וווּ און ווי אַזוי. ער וועט סײַ ווי סײַ נישט זאָגן. קאָנספּיראַציע. אוואַנסן אויף שלעסער פֿלעגט ער באַקומען יעדן חודש. וואָס איז זיך דאָ צו חידושן? — אַ מענטש אַרבעט און פֿאַרדינט, לעבט ער אַביסל בעסער, ווי אַנדערע. טאָ איז וואָס? אָבער יעדער אַרויספֿור קיין מאָסקווע איז געווען פֿאַר אים, ווי אַ רוף אין אַ פֿינסטערניש. דאָס גיין אַהין און צוריק איז געווען — אַ גאַנג אויף שטריק. אָט־אָט פֿאַלסטו

אראָפּ און ווייסט נישט אויף וועלכער זייט — אויף מאָסקווער, צי אויף ווילנער.

זובאטאָוו שטייט צו הארט און הארב:

— קאַפּלינסקי, לאָמיר אייך זאָגן אָפן, איר ווייסט מער, וויפל איר דערציילט.

— נאָר אזוי פיל, וויפל...— ענטפערט ישראל־מיכל גאַנץ לאַנג־זאַם.

— וועל איך אייך דערציילן וועגן ענינים, אין וועלכע איר אליין זייט פארמישט.

— אדרבה, איך בין נייגעריק עפּעס געוואָר ווערן וועגן זיך. איך הער, אז איר ווייסט מער פון מיר אליין.

— איך מיין, אז איר ווייסט אליין.

— איך וויים — האָט ישראל־מיכל געזאָגט — אז איך ווער אויך נאָכגעשפּירט.

—אַנדערש איז אוממעגלעך.

— וועל איך מיך ארייגשיסן אַ קויל אין קאָפּ.

— איר זייט אַ צו ניכטערער מענטש.

— וועלן עס מיר טון אַנדערע.

— יענע פאַלט נישט איין.

— איך וועל זיי אַלץ דערציילן. אַלץ.

זובאטאָוו האָט נישט געוואָלט פארלירן זיין איינציקן „באַ־לויכטער" פון „בונד" און ער האָט פארקירעוועט צוריק:

— פארוואָס מיינט איר, אז מען שפּירט אייך נאָך?

— עס איז געווען אין דווינסק ווייניק מיין קומען אלע טאָג אויף „פּראָוועריקע" און מען האָט נאָך געמאכט ביי מיר אין שטוב אַ רעוויזיע.

— איך וויים וועגן דעם...

— איך פארשטיי, אז איר ווייסט...

— דאָס איז געמאכט געוואָרן — האָט זובאטאָוו געזאָגט — לויט דער פאראָרדנונג פון נאטשאַלניק פון ווילנער זשאַנדאַר־מעריע טערענטיעוו.

— וואָס?

זיי האָבן דערשמעקט, אַז מיר קוקן אייך נאָך, איך מיין — „ניעמעץ", האָבן זיי געוואָלט אַרויסכאַפּן פון דער אַכראַנע דאָס פּעטע ביסן.

— נו?

— נו... האָט ער באַקומען פון דעפּאַרטאַמענט אַ באַפעל זיך נישט צו מישן.

זובאַטאָוו האָט גענומען אַ ווייכערן טאָן:

— איך פאַרשטייט, אַז עס פאַרדריסט, עס טוט וויי. אין ווילנע קומען פאַר אוממעגלעכע זאַכן. איך שטיי אַזוי ווי פאַר אַ רעטעניש. צי האָב איך אַ קייסער אין קאָפּ, צי נישט?.. — און איך ווייס גאָרנישט מיר מוזן זיך דאָך נעמען פאַר ווילנע.

— עס איז אַ האַרטער נוס.

— דאָס ווייס איך. מיר מוזן באַקומען פון מיניסטעריום מער הנחות פאַר ווילנע. מען מוז קומען אהין מיט „קאַפּיטאַל". אַנדערש וועט מען זיי, די ווילנער אַרבעטער, נישט געווינען פאַר דער „אידייע". צי מיינט איר, קאַפּלינסקי, אַז מען מעג זיך שוין איצט נעמען?

ישראל־מיכל האָט געלאָזט לאַנג וואַרטן אויף אַ תשובה.

— וואָס פאַר אַ „קאַפּיטאַל" האָט איר פאַר ווילנע? — האָט ער געפרעגט, אַנשטאָט צו ענטפערן.

— כּדי דאָס וויסן, מוזן מיר געווינען פאָן־פּלעווען. ער איז אַ ווייסטער, ברוטאַלער ביוראָקראַט. דער ערגסטער מיניסטער רוסלאַנדס...

— וואָס טראַכט איר צו טון?

— איך פּלאַנעווע אַ באַגעגעניש צווישן אים און מאַניע ווילבושעוויטש.

— גלויבט איר, אַז דאָס איז מעגלעך?

— ראַטאַי וועט עס דורכפירן. זי וועט אים געווינען.

— אויב אַזוי... — האָט ישראל־מיכל געזאָגט— דאַרף מען מיט ווילנע אָפּוואַרטן.

— אָבער דערווייל...

— דערווייל... דערווייל... — האָט ישראל־מיכל געצויגן פון

זיך — פארשרייבט: העניע רייכנסאָן איז געפאָרן קיין וואַרשע אויף קאָנספּיראַטיווע ארבעט. צ. ה—טש האָט געארבעט אין א גע־היימער דרוקעריי אין לאָדזש נאָכדעם געוווינט אין פּעטערבורג, האָט זיך איצט אָפּגעשטעלט אין ווילנע. א—כי, ווען מען איז דערטרונקען געוואָרן, איז א פּארמיטלערין צווישן א געהיימער דרו־קעריי אין דער אויסערלעכער וועלט. מען דארף זי זוכן אין ווילנע.

זובאַטאָוו איז געווען צופרידן. ער האָט א גלעט געטון איבער ישראל־מיכלס האַנט, וועלכע איז געלעגן א האַלב־ פארחלשטע אויפן גרויסן שרייב־טיש.

— דערלויבט מיר, קאַפּלינסקי, אביסל אָפנהאַרציקייט...

— למשל...

— זאָגט מיר, קאַפּלינסקי, פארוואָס טוט איר עס, פארוואָס דערציילט איר דאָס מיר? — פארוואָס גיט איר זיי אַרויס?

קאַפּלינסקי האָט אָנגעקוקט זובאַטאָוון:

— פארוואָס פרעגט איר עס מיר?

— איך, למשל, דין רוסלאַנד, דעם קייסער... אָבער וועמען דינט איר?..

— איר איזדעקעוועט זיך...

— חס ושלום. איך וויל מיר זאָלן זיך פארשטיין, עס זאָלן נישט זיין קיינע בלויזן. קאָנט איר מיר ענטפערן? —

— איך האַלט דאָס פאר איבעריק... — האָט ישראל־מיכל געענטפערט.

— אַנטשולדיקט מיר, הער קאַפּלינסקי, איך רעד צו אייך אַזוי, ווייל איך וואָלט וועלן מיר זאָלן זיין פריינט, עס זאָלן נישט בלייבן קיינע פארדאַכטן. מיר דוכט זיך רק, אז איר זייט זייער ווייט פון מיר, פון מיין אידייע, הגם מיר זענען אַזוי נאָענט, וועט איר נאָך עפּעס דערלויבן?..

— למשל?..

— עס דוכט מיר, אז מיר זענען ביידע אויף א מאַרק, און, האָט אויף מיר קיין פאראיבל נישט, איך האָב דעם געפיל, אז איר זייט דער ציגיינער...

— אָבער פֿערד האָט איר שטענדיק געקויפֿט... — האָט געזאָגט ישראל־מיכל — און זיי זענען געבליבן אין אייערע שטאַלן, און איך בין געבליבן ביי די נאַרישע שלעסער...

— לאָמיר לאָזן... לאָמיר... הער קאַפּלינסקי, איר וועט עפּעס טרינקען?.. אַלעקסיי!..

זובאַטאָוו האָט געקלונגען אין גלעקל. אין ברייטן קאָרידאָר, אויפֿן ווייכן טרעטער, איז געגאַנגען דער לאָקיי אַלעקסיי צום קאַבינעט פֿון נאַטשאַלניק פֿון מאָסקווער אָכראַנע. זיינע שטיוול האָבן געסקריפּעט, ווי זיי וואָלטן טרעטן אויף עפּעס לעבעדיקס, וואָס שרייט ביי יעדן טראָט.

* * *

אויף דער סטאַציע מאַרציקאַנצע האָט זיך מיט עטלעכע טעג שפּעטער ישראל־מיכל באַגעגנט מיט נחן. דאָס האָט נח אים אַהין אַרויסגערופֿן, באשר בכן ער וואָלט וועלן שמועסן וועגן אַ געהיליך־געשעפֿט...

— אין ווילנע אויף אַלעקסאַנדראָווסקע האָבן זיך באַוויזן נישט קיין רעיעלע סוחרים... — האָט נח געזאָגט.

— איך האָב אויך געהערט. — האָט ישראל־מיכל צוגעגעבן.

— מיין איך מען זאָל אַריבערטראָגן דעם עסק צו חיימען...— האָט נח געציילט די ווערטער, ווי ער וואָלט זיי אַריינגעציילט אין זיין העלער באָרד.

עס האָט געהייסן אַזוי: אַרום דער דרוקעריי, וואָס אין ווילנע, האָבן זיך באַוויזן „שפּאָנס". דאַרף מען זי אַריבערטראָגן קיין וואַרשע. דאַרף נח זיך דורכשמועסן וועגן דעם מיט ישראל־מיכלען.

— צי מיינט איר, נח, אַז עמעצער באַלויכט אונז?.. — האָט געפֿרעגט ישראל־מיכל.

— נישט אויסגעשלאָסן, הגם קיין פֿאַרדאַכט איז נישטאָ.

— און די לעצטע אַרעסטן?

— אָן שפּענער האַקט מען נישט קיין האָלץ.

— אָבער שוין צופֿיל שפּענער... — האָט געזאָגט ישראל־מיכל.

— לאָמיר נישט רעדן אומזיסט. מ'ווייסט נישט פֿון וואַנען די

קערנער וואקסן. וועלן מיר האָבן פּאקטן, וועלן מיר זיי ליקווידירן.

ווי די שפּינוועבס האַלט די שפּין, אַזוי האָט ישראל־מיכלען געהאַלטן אָט דער שמועס. ער האָט זיך אָבער מיט געוואַלט פון אים אָפּגעריסן.

— דאַרף מען זיך אריבערטראָגן אהין... — האָט ער אָפּגע־שניטן דעם שמועס וועגן „באַלויכטער", ווי מען שניידט אָפּ מיט אַ מעסער.

— וועט איר זיך נעמען צו דעם. — האָט נח געזאָגט.

— פאַרשטייט זיך.

איצט האָט ער פאַרטרויט נחן:

איך האָב געמאַכט אַ נייעס. עס וועט אַרבעטן שטיל, אָן אַ שאָרך.

— דאָס איז זייער וויכטיק.

— אַזוי ווי אויף וואַטע.

עס איז געווען שפּעט אין אָוונט, ווען דער צוג איז אָנגעקו־מען צו דער סטאַציע מאַרציקאַנצי. אַרום וואָקזאַל איז געווען פינסטערער וואַלד. דער גלאָקן־קלאַנג פון דער סטאַציע איז אַוועק אַהין אין חושך, זיך אָפּצולייגן הינטער אַ קוסט. דער וואָקזאַל־זשאַנדאַר האָט געזען, ווי איין פאַרשוין, אַ סוחר מיט אַ באָרד, האָט זיך אַריינגעזעצט אין צווייטן קלאַס, אַ צווייטער פאַרשוין, אַ הויכער און אַ לאַנגזאַמער, האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ דריט־קלאַסנע וואַגאָן. ס'איז נישט זיין באַבעס דאגה. ער וואָלט גרייליך איצט עפּעס גענומען אין מויל אַריין.

פינראונצוואַנציקסטעס קאַפּיטל

# זיי האָבן מער ווילנע נישט געזען

מאַניע איז געגאַנגען איבער שטעט איר גאַנג פון אַ לו־נאַטיקערין.

ווי עפּעס אַ נישט גוטער וואַלט אין איר אַריין:

זי האָט געשריבן צו זובאַטאָוון צוויי און אפילו דריי בריוו א טאָג. זי האָט אָנגעגעבן געניע אדרעסן, אָפּגעדרוקט פּסעוודאָ־נימען, געבעטן ארעסטירן נאָנטע מענטשן, כּדי ער זאָל זיי באַאיינפלוסן דורך זיינע געשפּרעכן. זי האָט געמסרט מיט התלהבות.

— מאַניטשקע איז געוואָרן אַן איבערצייגטע מאָנאַרכיס־טין... — האָט זובאַטאָוו געשריבן צום פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט.

אזוי האָט ער זי געבראַכט ביז פּלעוועס קאַבינעט. דאָרט ביים טיש זענען געווען דריי מענטשן: דער מיניסטער פּלעווע, דער שעף פון דער באַזונדער אָפּטיילונג פון פּאָליציי - דעפּאַרטאַמענט ראַטאַיעוו און מאַניע.

— עס איז נייגעריק... — האָט געזאָגט דער מיניסטער — עס קריכט אין קאָפּ אריין מיט די פיס.

— נאָך מינסק דאַרף קומען ווילנע... — האָט ראַטאַיעוו אָנגעוויזן.

— די ארבעטער וועלן דערפילן א שוץ, א פּאַטריארכאַלן בליק, וועלן זיי דאנקען גליקלעכע, זיי וועלן אויסשפּייען פון זיך די רעוואָלוציאָנערן, די אינטעליגענטן... — האָט מאַניע גערעדט אַן עקזאַלטירטע.

ווי עס רעדט א מאָנאַשקע פון אַן אמונה.

זי האָט דערציילט וועגן מינסק — וועגן די סטאָלער, וועגן די פּריקאַשטשיקעס, וועגן די שלאָסער. זי האָט דערציילט וועגן גראָדנע, דערמאָנט ווילנע, געוואָרפן מיט פאקטן, געצויגן פון דער ווירקלעכקייט, ווי מען ציט עמערס וואסער פון א ברונעם.

— דער פּאָליצייסקע, דער פּריסטאַוו, דער גובערנאַטאָר, דער מיניסטער, דער קייסער... — זיי זענען תּמיד דערשינען אין דער אָרעמער טשערטאַ, ווי שטראָפנדיקע געשטאַלטן, שטענדיק מיט א שווערד, מיט א ביקס, מיט א גזירה. זיי זענען תּמיד פאררעכנט געוואָרן צו די רייכע, צו די פּריצים, צו די פאַבריקאַנטן. איצט מוזן זיי דערשיינען אין די וווינונגען פון די אָרעמע מיט מיטלייד, מיט איינזען. עס איז געגנוג א שמייכל און מען זאָל מיט אים גע־וווּנען הונדערטער טויזנטער...

מאַניע האָט גערעדט צוויי שעה. דער בּרייטער פּנים פון מי־

ניסטער פּלעווע איז געהאָנגען איר אַנטקעגן. אומבאַוועגלעך, אַזוי ווי אויף אַ נישט־געזעענער שטריק. זיינע קליינע, מוטיקע אויגן אונטערן פּליכעוואַטן קאָפּ האָבן זיך איינגעגעסן אין די דיקע, פּליי־שיקע ליפּן פון דער עקזאַלטירטער מאַניען, פון וועלכער עס האָבן זיך געשאָטן קיילעכדיקע און וואַרעמע ווערטער:

— עס איז אַ נייער וועג, איך האָב אייך אים פאָרגעשטעלט, זובאַטאָוו האָט אים דער ערשטער אָנגעצייכנט, מאַכט אויף אים עטלעכע טריט...

פּלעווע האָט געווישט זיין שטערן, האָט צוגעקלאַפּט מיט זיינע קורצע, קלעצלדיקע, באַהאָרטע פינגער אויפן טיש, ווי ער וואָלט מיט זיי ארויסקלעצלען די ווערטער:

— קאָמאַנדירט עמעצן קיין ווילנע. לאָמיר זען...

זי האָט טעלעגראַפירט קיין מאָסקווע צו זובאַטאָוון.

— געזיגט. דער סעמאַפאָר איז אָפן.

* * *

אָנהויב מערץ האָט מען אין פּעטערבורג, אויפן קאַזאַנער פּלאַץ, געשלאָגן סטודענטן, וואָס האָבן דאָרט דעמאָנסטרירט. אין דער נאָענט פון איינאַונדרייסיקסטן מערץ האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרעסטן פון די דעלעגאַטן פון עסדע־צוזאַמענפאָר. דעם ערשטן האָט מען אַרעסטירט מיכאַל קאַגען, נאָכדעם האָט מען אין ראָס־טאָוו אַרעסטירט יערמאָווסקין. אין מאָסקווע האָט מען אַרעסטירט דאַנען. אין פּעטערבורג — זעלדאָוון. קראַסנוכאַ פון פּעטערבורג, שיכולינסקי, נח און אַלעקסאַנדער—מען האָט זיי נישט געכאַפּט— האָבן זיי זיך אַרויסגעמאַכט, אין אַפּריל האָט מען געשפּרייט אין די פּוטילאָווער פאַבריקן פון פּעטערבורג די מאַי־פּראָקלאַמאַציע פון דער עסדע.

אין מאַי איז אין ווילנע פאָרגעקומען די מעשה פאָן־וואַל און הירשקע לעקערט. —

נאָך פאָן־וואַלס שמייסן די מאַי־דעמאָנסטראַנטן איז געקומען הירשקע לעקערטס נקמה און נאָכדעם — זיין עקזעקוציע, די תליה.

נח האָט געשריבן די פּראָקלאַמאַציע פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד‟. זי האָט זיך נאָך געדרוקט אין ווילנער דרוקעריי:

„לעקערט האָט זיך נוקם געווען פאַרן פאַרשוועכן די מענטש־לעכע ווירדע בכלל. זיין אָנדענק, וועט אויף אייביק פאַרבלייבן נישט בלויז אין גרויסן האַרץ פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויך אין די הערצער פון אַלע ערלעכע מענטשן, וועלכע האָבן נאָך נישט אָנגעוווירן די פעאיקייט צו האַסן ווילקיר. אַ לויב צו דיר, דו באַהאַרצטער און אומדערשראָקענער קעמפער. כבוד און רום דיין העלדישקייט!‟

* * *

עס איז געווען אין מאַי, דער דרייסיקסטער. דער צווייטער טאָג שבועות.

אין ווילנע.

די גרופּע „זובאַטאָווצעס‟ האָט איינגעאָרדנט אַן אַרבעטער־יום־טוב אין אַ גרויסן זאַל. עס זענען געקומען פיל אַרבעטער. דער זאַל איז פול געווען. מען האָט געזאָגט:

— אפשר טויזנט מענטשן...

פון סצענע האָט מען געקלונגען. אין זאַל האָט מען פינצטער געמאַכט. דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן און ס'איז אַרויס־געקומען אַ באַלויכטענע סצענע מיט מענטשן, מיט זובאַטאָווצעס. מאַניע איז דאָרט אויך געווען. אין זאַל איז געווען שטיל און אַלע האָבן געקוקט צו דער סצענע: וואָס וועט דאָ זיין?..

פּלוצלינג האָט אָנגעהויבן עפּעס צו פאַלן פון די גאַלעריעס. עס האָט געפלויגן אין דער לופטן און געפאַלן אויף די קעפּ. עס האָבן זיך געשאָטן ווייסע פּאַפּירן.

ווער וואַרפט עס? ווו?..

וואָס?

פּראָקלאַמאַציעס וועגן לעקערטס שאָס, וועגן לעקערטס תליה. אין דער פינסטער כאַפּט מען די פּראָקלאַמאַציעס. אויף דער סצענע איז אַ צעמישונג.

— מאַכט ליכטיק!..

— די לאָמפּן!..

דערווייל איז נאָך פינסטער. אין דער פינסטער האָט עמעץ מיט אַ שוואַרצן קאָפּ האָר געשטעלט זיך אויף אַ שטול און גערעדט מיט אַ זייער הויכער שטימע:

— צוויי טעג נאָך לעקערטס תּליה מאַכט איר ימים־טובים, מיט זשאַנדאַרן, פּראָוואָקאַטאָרן און הענקער!... נידער מיט די זובאַטאָוועס!... נידער מיט די שפּיאָנען!...

אין זאַל האָט זיך געקערט די גאַנצע וועלט. מען האָט ליכטיק געמאַכט און באַלד איז — פּאַרוואָס עפּעס — צוריק פינסטער געוואָרן. דער עולם איז געלאָפן צו די טירן. מען איז געשפּרונגען דורך די פענסטער.

— פּראָוואָקאַטאָרן!...

— זובאַטאָווס הינט!...

אין דער פינסטער גייט אַ געשלעג. דער זאַל ווערט ליידיקער.

— הינטישע זין!...

— פאַררעטער!...

פּאָליציי איז שוין דאָ. פּאָליציאַנטן לויפן מיט בלאַנקע שווערדן.

— צינדט אָן ליכט!...

— צינדט אָן!...

עס איז פינסטער. דורך די אויפגעבראָכענע שויבן קומט אַ ווינט. דער זאַל ווערט ליידיק. עמיצער דרייט זיך נאָך אויף דער סצענע. איינער, אַ צווייטער — גייט נאָך אַראָפּ פון די טרעפּ.

— ווי קומט אהער נתן! — נתן קווידאַנאָווער?...

* * *

— „דאָ איז נישט יפה'דיק"... — האָט געשריבן פון ווילנע קיין מינסק טשעמערינסקי, וועלכער איז קאָמאַנדירט געוואָרן פון מינסק קיין ווילנע אויף דער אַרבעט פון דער זובאַטאָווטשינע.

ער האָט דאָך געפּרוווט מאַכן קלענערע פאַרזאַמלונגען. ער האָט אָנגעהויבן פון ציוניסטן. עס פלעגן אויך אהין קומען צופעליק בונדיסטן. זיי פלעגן אָבער שטענדיק שווייגן אויף די פאַרזאַמלונ־גען.

„— ווער ווייסט, מיט וועלכע כּוונות עס קומען צו די פאַר־

זאמלונגען אָט די אַלע באַקאַנטע אין שטאָט אַרבעטער" — האָט ער געשריבן אין זיין בריוו.

איינמאָל האָט ער דערשפּירט, אַז זיין גאַנץ לעבן הענגט אויף אַ האָר. נאָך אַ פאַרזאַמלונג האָט ער שפּאַצירט מיט איינעם פון די באַטייליקטע. ער האָט אים געוואָלט געווינען פאַר דער „אידייע".

— אונז גייט דאָך אין אויסבעסערן די לאַגע פון די אַרבע־טער — האָט ער אים געזאָגט — אויב מיר קאָנען עס טון שוין, אָט באַלד אויפן אָרט, פאַרוואָס זאָלן מיר עס אָפּלייגן אויף שפּעטער צוליב וועלכע פאַנטאַזיעס? — שוין היינט דאַרף מען טון, וואָס מען קאָן. דער אַרבעטער, ווי יעדער מענטש, לעבט דאָך נישט אייביק. איין טאָג בעסער לעבן פון אַן אַרבעטער איז מער ווערט, ווי צען טעג פּאָליטישע חלומות.

עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. דער אַרבעטער האָט אים געהאַט נאָך צו פרעגן אייניקע פראַגעס און ער האָט אים פאַר־געלייגט איבערנעכטיקן ביי אים.

ווי נאָר טשעמערינסקי איז אַריבער די שוועל, האָט אים אַרומ־גענומען אַ ציטער: ער איז אַריינגעפאַלן. עס איז אַ קאָנספּיראַטיווע דירה. דער אַרבעטער האָט גלייך נאָך זיך פאַרשלאָסן די טיר. איינער אויף איינעם. עס איז, הייסט עס, אַ פּאַסטקע.

יענער האָט אים אָנגעוויזן אַ שטול צו זעצן זיך און געזאָגט:

— איר זייט פּשוטע פּראָוואָקאַטאָרן...

— ווען מען רעדט צו מיר אַזוי, איז מיר שווער צו ענטפערן.

— איך פאַרשטיי, אַז אייך איז שווער. אייך איז לייכטער צו ריידן מיט נאַראָנים.

— פאַרוואָס באַליידיקט איר מיך? פאַרוואָס גלויבט איר מיר נישט, אַז איך אַגיטיר פאַר אַן אידייע, אין וועלכער איך גלויב איך בין איבערצייגט, אַז די ווילנער אַרבעטער דאַרפן נישט וואַרטן אויף אַ צען־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און אויף נאָך אַ רובל שכירות ביז עס וועט פאַלן די זעלבסטהערשאַפט.

— דאָס זענען פלוידערייען.

— פאַרוואָס?

— ווייל דאָס עקאָנאָמישע לעבן איז געבונדן מיטן פּאָליטישן.

די פּאָליציי־מייסטערס, גובערנאַטאָרן און מיניסטאָרן זענען די וועכטער פון די קאַפּיטאַליסטן. קעמפן מיר דען נישט שוין איצט פאַר אויסבעסערן די לאַגע? — ווער האָט דורכגעפירט אַלע שטרייקן? ווער האָט אַרויסגעריסן פון די עקספּלואַטאַטאָרן נאָך אַ שטיקל ברויט, נאָך אַ שעה רו. נישט מיר?... אָבער דאָס זענען קליינע, מאָמענטאַלע געווינסן, וועלכע מען קאָן אויך צוריק פאַר־לירן. די קאַפּיטאַליסטן ווערן געשיצט פון דער זעלבסט־הערשאַפט. מיר דאַרפן טרעפן אין קאָפּ און נישט אין קאַפּעלוש.

— איר זייט נישט גערעכט וועגן דער זעלבסטהערשאַפט...

— אַלץ איינס, צי איר טוט עס פאַר דער „אידייע", אָדער פאַר עפּעס אַנדערש. פאַר אונז איז דאָס אַלץ איינס. איר זייט פאַרבונדן מיט זובאַטאָוון? — מיטן גובערנאַטאָר? — מיט דער אָכראַנע?— יאָ, צי ניין? — רעדט ווערטער!.. זייט איר פּראָוואָקאַטאָרן!.. איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איר וועט דאָ גאָרנישט אויפטון, איר קאָנט זיך ריכטן אפילו אויף אַ הינטישע לויה.

— איך ריכט זיך אויף דעם...

משעמעריסקי האָט געקוקט אַ צערודערטער אויף די הענט און קעשענעס פון דעם אַרבעטער.

— מיט צען טעג צוריק — האָט דער אַרבעטער געזאָגט — איז דאָ געווען מאַניע, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מען האָט זי דערשאָסן...

— און דאָך שטעל איך איין מיין לעבן... — האָט משעמעריסקי געערערט שטיל — איך טו עס דערפאַר, ווייל איך גלויב, אַז דאָס איז דער ריכטיקער וועג פאַר די אַרבעטער. ביז די זעלבסטהערשאַפט וועט פאַלן קאָן דער אַרבעטער־קלאַס פאַרזינקען ווערן אין נויט און פינסטערניש. מיר האָבן נישט קיין רעכט אַזוי צו לאָזן, ווען מען קאָן אַנדערש.

משעמערינסקי האָט אַלץ שטילער, תחנונימדיקער און דינער, ווי ער וואָלט וועלן אַרויסציען אויף אַ זיידן שטריקל זיין באַדראָט לעבן:

— אָט טראַכט איך וועגן אייך... — האָט געזאָגט דער אַר־בעטער — ווען איך וואָלט זיין איבערצייגט, אַז איר זייט טאַקע אַ פּשוטער פּראָוואָקאַטאָר, לעג איך אייך אַוועק דאָ אין שטוב...

א פרייד איז דורכגעלאָפן איבער טשעמערינסקיס ביינער. עס איז שוין געווען באַגינען, ווען ער האָט דערשפּירט, אַז זיין לעבן איז געראַטעוועט.

דער אַרבעטער האָט אויפגעשלאָסן די טיר, זי געעפנט און געזאָגט:

— גייט אייך געזונטערהייט, אָבער ווייזט זיך מער נישט פאַר די אויגן...

טשעמערינסקי האָט געשריבן קיין מינסק:

„— אַרבעטן אין ווילנע איז כמעט אויסגעשלאָסן. אַ געפער־לעכער באָיקאָט. די מאַסע זע איך נישט אין די אויגן. מען היט מיין דירה און די מענטשן, וואָס קומען צו מיר. מען רייסט אונזערע פּראָקלאַמאַציעס איידער מען לייענט זיי. דאָ זענען די בונדיסטן אמתע אַנטיסעמיטן. איך ווער דורכגעדרונגען מיט אַ געפערלעכער שנאה, מיט אַ גוואַלטיקער דורשט נאָך נקמה. מען מוז מיר צושיקן עמיצן צו הילף״.

* * *

עס איז געקומען שמואל דער מיטויער. אַ יינגער סענטימע־טאַלער בחור און אַ שיינער רעדנער. זיי האָבן בײדע צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער זיי האָבן געוואָלט דערציילן, וואָס זיי האָבן שוין אויפגעטון אין מינסק.

עס זענען געקומען אַ דרייסיק מענטשן.

— אויך מיך האָבן געמאַטערט פאַרשידענע ספקות — האָט גערעדט שמואל דער מיטויער — איצט איז מיט דעם אַלעמען פאַר־ענדיקט. איך האָב דערזען דעם אמת און אַלץ איז ביי מיר געוואָרן קלאָר און פעסט.

— איך זע דאָס אויך קלאָר און פעסט — האָט געזאָגט אַ מיטלווקסיקער, באַוואַקסענער שלאָסער־אַרבעטער — אַז איר זייט דעם גאַראַדאָוואָיס ברודער!...

עס האָט געפּלאַצט די פאַרזאַמלונג, ווי עס פּלאַצט אַן אָנגע־בלאָזענער באַלאָן. טשעמערינסקי האָט געפּרוווט באַרויקן דעם עולם. עס איז געשטאַנען אַ ליאַרעם. עס זענען אויך געווען פאַר־אַגיטירטע פון טשעמערינסקין, וועלכע האָבן געשריגן:

— ווארפט זיי ארויס!.. ווארפט זיי!..

איינער, א נידעריק־געוואקסענער, א שווארצער, מיט א פּאַפּירן קאַלנער אויפן האַלז, א דארער מיט א לענגלעכן פּנים, האָט אָנגעהויבן מיט א קול, וועלכער איז געווען דריי מאָל אזוי שטארק ווי דער גאַנצער מענטש:

— די אַלע מעשיות אייערע זענען בלויז פּראָוואָקאַציע!...

טשעמערינסקי האָט נישט אויסגעהאַלטן און ער האָט געשריגן אַן אויפגערעגטער:

— חזרט איבער, וואָס איר זאָגט!... זאָגט עס נאָכאַמאָל!...

— איך וועל אייך באַווייזן — איז יענער ביי זיך נישט אראָפּגעפאַלן — אַז איר און מאַניע זייט פּראָוואָקאַטאָרן.

— באַווייזט!...

— איך וועל!..

— נעמט צוריק אייערע ווערטער!...

— דאָס איז א געמיינער ליגן!...

— איך וועל אייך באַווייזן מיט פאַקטן!...

— שטילער, פּראָוואָקאַטאָרן!...

די גאַנצע פאַרזאַמלונג איז שוין איין קנויל, איין צונויפגעדרייטער קלומפּן. מען שלאָגט זיך. ביי איינעם מיט א פונאַנדערגעשפּיגעלט, געקעסטלט גרוי־מארינאַרקע איז שוין א צעבלוטיקט פּנים, ער רייסט זיך, ווי נישט מיט זיינע כּוחות:

— לאָזט נאָך מיר!... לאָזט נאָר!... איך וועל אים!...

און ער דערלאַנגט עמיצן אין צורה אריין.

טשעמערינסקי איז אין סאַמע מיטן געשלעג. פון וואַנען האָט זיך צו אים גענומען א מעסער? — מיטן מעסער אין האַנט שרייט ער צו רעדנער מיט דעם פּאַפּירענעם קאַלנער וועמענס שניפּסל איז שוין פונאַנדערגעבונדן און עס זעט זיך ארויס א שפּיציקער גאַרגל:

— אויב דו וועסט נישט באַווייזן, אַז איך בין א פּראָוואָקאַטאָר, שטעך איך אריין דעם מעסער דיך אין האַרץ!...

א הויכער בחור איז שוין געשטאַנען אויפן טיש און אַזוי געשריגן, אַז אַלע האָבן האָבן אים געמוזט הערן:

— פּראָוואָקאַטאָרן האָבן נישט נאָר מעסערס, זיי האָבן אויך

טורמעס! איך וועל איך באווייזן, אז מאניע ווילבושעוויטש האט אונזערע חברים געשלעפט אין טורמע אריין, איך וועל אויך באַווייזן, אז איר טשעמערינסקי, שרייבט בריוו צום תליון זובאטאָוו... זאָגט, איז דאָס אמת, צי נישט!...זאָגט: יאָ, צי ניין? — ליגט גליי־בער אוועק אייער מעסער ווייל איר זעט, האָב איך אויך עפּעס!..

אין זיין האַנט האָט זיך באַוויזן אַ רעוואָלווער.

— איר וועט נישט אָפּשרעקן די רעוואָלוציע מיט אַ מעסערל!..

— פאַרמאַך ס'מויל!...

— אונזער הירשקען האָט נישט אָפּגעשראָקן אייער תליה!...

ס'האָט אויסגעבראָכן אַ צווייט געשלעג. מען האָט קוים פונאַנ־דערגעריסן.

אויף מאָרגן האָט „גאַנץ ווילנע" געוווּסט פון דער דאָזיקער „דיס־קוסיע".

דער וועג צו ווילנע איז פאַר זובאַטאָוון נאָך מער פאַרשפּאַרט געוואָרן.

* * *

מאַניע איז געווען באַאומרויקט פאַר דער אַרבעט אין ווילנע. דער שמועס מיט פאָן פּלעווען האָט זי געיאָגט פון מינסק קיין ווילנע עטלעכע מאָל. אין לעצטן בריוו פון ווילנע האָט מען זי אַהין גערופן..

— די אַרבעט איז זייער שווער, קומט העלפן. צו אונז ציט זיך דער עלטערער אַרבעטער, וועמען עס געפעלט נישט, וואָס דער „בונד" דערציט די אַרבעטער, זיי זאָלן קוקן אויפן באַלעבאָס ווי אויף אַ בלוט־זויגער, אַ חיה־רעה. מיר דאַרפן אַרבעטן פאַר אונזער באַוועגונג, וועלכע פּראָקלאַמירט נישט קיין פאַרביסענעם קריג אָן אַ סוף, נאָר זי זאָגט צו אַ סאָציאַלן שלום אויף בכבודיקע באַדינ־גונגען, מענטשלעכע באַציונגען פון ביידע צדדים...

מאַניע איז געקומען אין ווילנע. זי האָט געדונגען אַ צימער, זיך דאָרט באַזעצט און אָנגעקניפּט די אַלטע באַקאַנטשאַפטן. אַ חברטע, לאה'קע, די זאָקנמאַכערקע, וועלכע האָט ווייניק געוווּסט פון מאַניעס גלגול, האָט מאַניע אַריינגענומען צו זיך — זיי זאָלן זיין צוזאַמען. זיי האָבן זיך גוט געקענט פון דעם גרויסן שטרייק פון די

זאקן־מאכערקעס, אין וועלכן לאה׳קע די שווארצע האט זיך אזוי אקטיוו באטייליקט.

לאה׳קע איז דערווייל קראנק געווארן. זי האט זיך צוגעקילט און באקומען היץ. מאניע האט וועגן איר געזארגט, גערופן א דאק־טאר, געבראכט רפואות — זי געהיט.

צו מבקר־חולה זיין לאה׳קען זענען געקומען א פאר חברטעס. עס איז אויך געקומען א חבר. מאניע איז דעמאלט אין שטוב נישט געווען.

מאניע איז בכלל ווייניק געווען אין שטוב. זי פלעגט זיין מערסטנס אין שטאט. אין יענעם אוונט, ווען זי איז געקומען צו זיך אין צימער, ווו די קראנקע חברטע לאה׳קע איז געלעגן אין היץ, איז געשען עפעס אזוינס, וואס האט א שניט געטון איבער מאניעס גאנץ צעדרייט לעבן.

געשען איז אזוי:

ווי נאר מאניע איז אריין אין צימער, געבראכט מיט זיך א פאר פעקלעך פון גאס, א רפואה פאר לאה׳קען, געפרעגט ביי איר, וואס זי מאכט, — האט פלוצלינג לאה׳קע, וואס האט געהאט א הויכע טעמפעראטור, זיך געטון א הויב פון בעט און זיך גענומען שנעל אנטון.

— וואס איז מיט דיר, ביזט משוגע? — האט מאניע, אן איבערראשטע, זי פארהאלטן.

— איך גיי אוועק. ביי דיר אין שטוב טאר מען נישט בלייבן...

— פארוואס?

— דו ווערסט באיקאטירט. איך בין היינט געווואר געווארן דעם באשלוס פון קאמיטעט.

— וואס הייסט?...

— ווייל דו ביזט א שפיאן.

מאניע האט א פאל געטון אויף דער ערד, ווי עס פאלט אראפ א פארטרעט פון וואנט. לאה׳קע האט זיך צו איר גארנישט אפגע־רופן. זי האט מיט קראנקע צעהיצטע הענט געפלאנטערט אין אירע קליידער, וועלכע זי האט בשום אופן נישט געקאנט אנטון. זי האט זיך דאך אן עצה געגעבן. זי האט זיך אנגעטון, געזען, ווי מאניע

דרייט זיך, באַוועגט זיך אויף דער ערד. מאַניע זעט ווי זי גייט אַוועק, און זאָגט צו איר גאָרנישט. ווען לאה׳קע די שוואַרצע איז שוין געווען ביי דער טיר, האָט מאַניע צו איר היסטעריש אַ געשריי געטון:

— פּאַרוואָס שיסטו נישט קיין שפּיאָנין, נאַ, שיס מיך — נאַ דיר אַ רעוואָלווער, שיס!...

דער שטומער בלישטשענדער רעוואָלווער איז געווען, ווי אַ ריס־געשריי צווישן די צוויי — צווישן מאַניע ווילבושעוויטש און לאה׳קע די זאָקן־מאַכערקע.

— אָט דאָס איז ער... — האָט לאה׳קע געוויזן אויפן בלישטשענדיקן רעוואָלווערל — זובאַטאָוו...

לאה׳קע, אין פיבער, מיט דער האַנט אויף דער טיר, האָט ווייטער געזאָגט:

— געדענקסט, ווי מיר האָבן געלייענט וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע? — „ווייזט נישט אַרויס די לײדנשאַפט צו מישפּטן די שולדיקע — האָט דאַנטאָן געזאָגט — לאָזט אַביסל איבער פאַר דער גילאָטינע פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג״...

זי איז אַ פיבערדיקע אַרויס אויף דער גאַס.

27 יוני פון 1902 יאָר.

די זובאַטאָוועס האָבן געפּרוווט מאַכן אין ווילנע נאָך אַ פאַרזאַמלונג. עס איז געקומען פון מינסק יולי וואָלין. ער האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן „לעגאַליזאַציע״.

בונדיסטן זענען אויף דער פאַרזאַמלונג ווייניק געווען. מערסטנס זענען די צוהערער געווען ציוניסטן און אַביסל סתם אַרבעטער. ווען יולי האָט געענדיקט, איז אין זאַל שטיל געווען — נישט מען רעדט, נישט מען פרעגט. קאַלט.

מען האָט געדאַרפט אַוועקגיין. מען האָט זיך שוין געהויבן פון די ערטער. אַ פּאָר בונדיסטן האָבן זיך אויפגעהויבן און געזאָגט:

— אַ פּראָוואָקאַטאָר און — גאָר!...

פון דעם איז אין פאַרזאַמלונג־צימער געוואָרן אַ שטיקל גערודער. דער געקומענער רעדנער יולי וואָלין האָט זיך אַ רגע פאַרלוירן. דער עולם האָט זיך אַרומגעקוקט, עמעץ האָט געוואָלט עפּעס

זאָגן, אַ צווייטער — עפּעס טון. די צוויי בונדיסטן זענען געשטאַנען עזותדיק אויף זייערע ערטער, שווערע און כמורע, ווי באַלעגאָלעס צווישן חתונה־מחותּנים.

דערווייל האָט אָנגעהויבן רעדן איינער פון די פּאַרזאַמלטע. אַן אומבאַקאַנטער יינגערמאַן מיט אַ פּנים פון אַ פּריוואַט־לערער. זיין שטימע און זיינע ערשטע ווערטער זענען געווען אַזוי צוגעקליבן און אַזוי ציכטיק, אַז זיי האָבן שטיל געמאַכט אַלע פּאַרזאַמלטע. ער האָט גערעדט מיט אַן אויסטערלישן ציטער, אַזוי רעדן אָנזאָגער, בשורה־ברענגער, צער איז געווען אין זיין קול, הגם דאָס, וואָס ער האָט גערעדט, איז געווען זייער פריש און זייער קרעפטיק.

— איצט? — האָט ער געפרעגט — איצט, נאָך די שענדלעכע שמיץ פון פאָן וואָל, איצט — נאָך לעקערטס וווּנדערלעך־העלדישן טויט, איצט קאָנט איר ריידן וועגן געמיינזאַמקייט מיט אַט דער רע־גירונג, וואָס האָט לעקערטן געהאָנגען? — קאָנט איר געבן די הענט דעם תּליון, וואָס האָט פאַרצויגן די שטריק איבער אונזער הערש־קען, דעם שענסטן אַרבעטער פון אונזער דור? — איצט לייגט איר אונז פאָר צו זיין לאָקייען פאַר אַביסעלע לעגאַליזאַציע, וועלן מיר דעריבער קאָנען, זייט מיר מוחל, שטינקען אין די הייזער און נישט פוילן אין טורמע. די צייט פון קנעכטשאַפט איז שוין לאַנג אַריבער!...

וואָס צו פאַרלירן האָבן מיר שוין סיי ווי סיי גאָרנישט. איז דען שוין נישט גלייכער אומצוקומען מיט כּבוד, איידער אין שאַנד?

וואָס זייט איר, זובאַטאָווצעס? — איר טראָגט דעם נאָמען „זו־באַטאָוו'' אויף אייערע שטערנס, ווי קינס אַ צייכן. אָט זע איך אים, הער רעדנער, אויף אייער שטערן. — ער ווייזט מיטן פינגער — איך זע, ווי ער ברענט. פילט איר עס נישט? — סיידן ווען דער שטערן ווערט אַ קופּערנער, פילט ער שוין נישט.

די זובאַטאָווצעס זענען דער וואָרעם פון דער רעוואָלוציע, זיי זענען אַ קאָנטר־מינע קעגן אונז. זאָל אונזער שיף אונטער־גיין, וועט זובאַטאָוו זיינע מינעס, אָט מאַניען, טשעמערינסקין, וואָלינען, אָדער ווי זיי הייסן דאָרט, אַרויסוואַרפן, ווי די אויסגע־ברענטע שוועבעלעך.

איך זאָג נישט, אַז זיי זענען שפּיאָנען, פּראָוואָקאַטאָרן, איך האָב נישט דאָס רעכט זיי אַזוי צו רופן, ווייל איך קען זיי נישט פּערזענלעך. איך ווייס, אַז מיט דער צייט וועלן זיך געפינען צווישן זיי מענטשן, וואָס וועלן פאַרשטיין און דערפילן די גאַנצע מיאוס־קייט פון זייער אַרבעט. דעמאָלסט, קאָן זיין, וועט זיך צווישן זיי געפינען אַ הערש לעקערט, וואָס וועט מיט זיין בלוט אָפּוואַשן די שאַנד, וועלכע זיי האָבן אַזוי גערן, אַזוי פרייוויליק אַרויפגעלייגט אויף זייערע קעפּ. איך ווינטש, אַז די דאָזיקע צייט זאָל קומען וואָס גיכער, עס זאָל זיך, וואָס גיכער פאַרענדיקן מיט דער צעשפּלי־טערונג, וועלכע ווערט אַזוי שרעקלעך. מיר וועלן הויך האַלטן אונ־זער פאָן, וואָס איז געפאַרבט מיטן בלוט פון געהאָנגענעם מאַר־טירער!...

ווען ער האָט געענדיקט איז נאָך אַ צייט געווען אַזוי שטיל, ווי דעמאָלסט בעת ער האָט גערעדט. אַזוי ווי דער אומבאַקאַנטער פּריוואַטער לערער וואָלט אַלעמען איינגענומען.

צומאָרגנס האָט מאַניע געשריבן צו זובאַטאָוון:

— איך האָב מיך צוגעקוקט צו די פּנימער פון די צוהערער, זיך אַריינגעטראַכט אין די געשפּרעכן, וואָס האָבן זיך נאָכדעם אָנגעהויבן, און פאַר מיר האָט זיך נאָך קלאָרער אַוועקגעשטעלט דער אַלטער אמת, אַז די גאַנצע רעוואָלוציאָנערע שטימונג האַלט זיך דורכאויס אויף געפילן, וועלכע די רעפּרעסיעס גיבן צו וואָס ווייטער אַלץ מער היץ, אונטערוואַרפנדיק נייע און גוטע הייץ־מאַ־טעריאַלן. אַרבעטן איצט אין ווילנע איז אומגעהויער שווער.

* * *

זובאַטאָוו האָט געזען, אַז די שפּיל אין ווילנע איז פאַרן טייוול. זיין „אידעאישער פּלי־אַטריאַד" האָט פאַרלאָזט ווילנע מיט אַ פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער ער האָט געשריבן:

— דער „בונדיי האָט אָנגעשראָקן די ווילנער אַרבע־טער: „דאָס זענען פּראָוואָקאַטאָרן!", „דאָס זענען שפּיאָ־נען!" און דער דערשראָקענער אַרבעטער איז מיט שרעק געלאָפן אין ער האָט געשיקט פון גאַנצן האַרצן טויזנטער קללות, האַס און שנאה. דער קאָמיטעט פון די „אומאָפּהענ־

גיקעיי האָט באַשלאָסן דערווייל אָפּשטעלן זיין אַרבעט אין ווילנע און פאַרווענדן זיינע כוחות אין אַזאַ אָרט, ווו זיי וועלן קאָנען ברענגען דער מאַסע אַ ווירקלעכן און פּראַקטישן נוצן.. ווען די אַבערגלויבישע שרעק וועט פאַרשווינדן פון די ווילנער אַרבעטער, וועלן מיר צוריקקומען קיין ווילנע. דערווייל זאָגן מיר ווילנע: „צום ווידערזעןי".
זיי האָבן אָבער ווילנע מער שוין נישט געזען.

פינפאונצוואָנציקסטער קאַפּיטל

# אוים — אַ קלאַפּ מיט דער טיר

קאַגאַן, וואָלין, שאַיעוויטש — דער ערשטער אַ געוועזענער כאַציאַליסט, דער צווייטער — אַ נישט אַנערקענטער פּאָעט, דער דריטער — אַ געוועזענער ציוניסט, האָבן זאַלבעדריט געאַרבעט פאַר זובאַטאָווס „אידייע" אין אָדעס.

קיין סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע איז דאָרט נישט געווען. די אָדעסער אַרבעטער פלעגן זיך נאָר פון מאָל צו מאָל אַרייננוואַרפן אין דער שטרייק־סטיכיע. די זובאַטאָווצעס האָבן זיך פאַרנומען באַהערשן די אַרבעטער. זיי האָבן הויך געפּלאַנט: אַן אַרבעטער־ראַט, אַן אַרבעטער־צייטונג. זיי האָבן באַקומען הילף פון דער ליבעראַלער אינטעליגענץ.

שרייבט וואָלין צו מאַניען אין מינסק:

— די קלוגסטע לייט פון דער היגער יידישער אינטעליגענץ, אחד־העם,דובנאָוו — האָבן זעלטן גוט באַנומען אונזער זאַך און פילן איר שטאַרק מיט. ביי אחד־העם'ן בין איך כמעט יעדן אין דער פרי, מיר שמועסן בערך אַ שעה צייט און איך גיי פון אים אַוועק אַן אַנטציקטער. מיר וועלן האָבן געלט, אינטעליגענץ, מיר דאַרפן נאָר האָבן הילף פון אויבן. איך בין נעכטן געווען ביי דעם גענעראַל בעסאַנאָוו. ער האָט נאָך וועגן אונז נישט באַקומען קיין שום אינסטרוקציע. דער גראַדאָנאַטשאַלניק סטאַרקאָוו איז אַ קאַנצע־

לאַריע־ מענטש. ער וועט אַן אַ פּאַפּיר פון אויבן גאָרנישט טון.

מאַניע האָט באַלד איבערגעשיקט וואַלינס בריוו צו זובאַטאָוון און געבעטן וואָס שנעלער ארויסווייזן „די הילף פון אויבן״. זובאַטאָוו האָט איבערגעשיקט א ראַפּאָרט קיין פּעטערבורג צו ראַ־טעווען און געמאַכט באַמערקונגען צו מאַניעס און וואַלינס באַריכט:

— אחד־העם איז דער אָנפירער פון דער איצטיקער יידישער ליטעראַטור. אין דער יידישער ליטעראַטור פאַרנעמט ער כּמעט דאָס זעלבע אָרט, וואָס גראַף טאָלסטאָי אין דער רוסישער. דובנאָוו איז דער גרעסטער קענער פון דער יידישער געשיכטע, א טאַלאַנטפולער פּובליציסט, א נאַציאָנאַליסט, וואָס איז פּונקט אזוי ווייט פון די רעוואָלוציאָנערן, ווי פון די ציוניסטן. די „אומאָפּהענגיקע״ זענען זיכער, אז אָט די מענטשן, וועלכע שטייען העכער פון אַלע פּאַרטיי־רייסערייען, וועלן פאַרשטיין, וואָס פאַר א גרויסע נאַציאָנאַלע באַ־דייטונג קאָן האָבן זייער זאַך...

די אָנווייזונג „פון אויבן״ איז געקומען און די אַרבעט איז אָדעס איז אַוועק מיט א שנעלן טעמפּאָ. מאַניע און טשעמערינסקי זענען אויך דאָרט געקומען. עס האָבן זיך פאַרמערט די פאַרזאַמ־לונגען, מען האָט גערופן צו „עקאָנאָמישע ארויסטרעטונגען״. —

די אָדעסער זשאַנדאַרמעריע איז געוואָרן אומרויק. זי האָט אָבער דערהאַלטן א טעלעגראַמע פון דירעקטאָר פון פּאָליציי־דע־פּאַרטאַמענט לאָפּוכין:

„אָדעס. דעם זשאַנדאַרם־פּאָדפּאָלקאָווניק קרוטסקי. די טעטיקייט פון דער ווילבושעוויטש איז מיר און דעם גראַף שוואַלאָוו פּערזענלעך באַקאַנט. העלפט מיט דער ווילבושע־וויטש, ווען עס וועט נויטיק זיין, מיט אַלע מעגלעכקייטן. לאָפּוכין״

האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק געגלאָצט מיט די אויגן, זיך גע־ווישט זיין שטערן, געקלאַפּט מיטן לאַנגן און דיקן בלייפעדער, דערשפּירט א הויכן מלוכה־סוד, וועלכן ער פאַרשטייט נישט, אָבער זיי דאָרט, די הויכע לייט פון פּעטערבורג — זיי ווייסן, וואָס זיי טוען, און — האַלט ס׳מויל!

זובאַטאָוו באַקומט טעגלעך באַריכטן פון אָדעס. אָט דאָ גייט

עס גוט! טויזנטער אַרבעטער קומען צו אים. שאַיעוויטש אַרבעט זייער גוט. ער פאַרטרייבט די רעוואָלוציאָנערן אין כּף-הקל. ער גע־ווינט די אַרבעטער.

איז ער מודיע אין פּעטערבורג:

„שאַיעוויטשס טעטיקייט אין אָדעס איז אַן ענערגישע און קלוגע". —

גיי אָבער און פאַרהאַלט מיט אַ פּאַרקאַן דעם שוואַרצן ים. גיי און פאַרשטעל מיט שאַיעוויטשן און מאַניטשקען רוסלאַנדס רעוואָלוציע. די זובאַטאָווסקע שטרייקן אין אָדעס זענען געווען שוועבעלעך אין פּולווער־קעסל. דער פּולווער האָט אויפגעריסן דעם קליינטשיקן שאַיעוויטש, דעם געווענעם פּאָטאָגראַפטשיק, טשעמע־רינסקי און מאַניטשקען מיט די דיקע ליפּן און גרויסע אויגן.

דורך דער אַגיטאַציע פון די „אומאָפּהענגיקע" איז אַרויסגע־רופן געוואָרן אַ שטרייק פון די פאָרט־אַרבעטער. צו זיי זענען באַלד צוגעשטאַנען די קאָנדוקטאָרן און אָנטרייבער פון פערד־טראַמוויי, נאָך זיי—די אייזנבאַנער, די אַרבעטער פון דאַמף־טראַמ־וויי, פון די שטיינער־האַקערייען, די תבואה־אַנלאָדער, די אַרבע־טער פון אַ ריי פאַבריקן.

פאַרפּענטעטע כּוחות האָבן זיך אַ ריס געטון, ווי עס רייסן זיך די קריעס אין די גרויסע טייכן ערב־פרילינג. אין מיטן יולי האָט שוין גאַנץ אָדעס געשטרייקט: אַלע פאַבריקן, זאַוואָדן, צייַ־טונג־דרוקערייען, די עלעקטראָווניע, די רעסטאָראַציעס, די אייזנ־באַן אויף דער קיעווער ליניע האָט זיך אָפּגעשטעלט, דער טעלע־גראַף האָט זיך געדאַרפט שטעלן...

עס האָט זיך אַ ריס געטון דער פּראָלעטאַריאַט פון אָדעס מיט דעם אָדעסער פּאָרט פאָרויס, אַזוי ווי זיי וואָלטן גיין אויף גאַנץ רוסלאַנד.

שאַיעוויטש — שטעל־אָפּ, מאַניטשקע — האַלט־איין! ווער־ווו־וואָס? — ווער זעט שאַיעוויטשן, ווער ווייסט וווּ מאַניטשקע איז — זיי זענען פאַרזונקען אין אָדעס. די באַוועגונג טראָגט זיך שוין אַליין, עס איז דאָ נאָר אַ מאַסע, פאַרזאַמלונגען פון פינף, פון זעקס און פון אַכט טויזנט מענטשן, עס טרעטן אַרויס אומבאַקאַנ־

טע רעדנער. ווער זענען זיי? ווער האט געשיקט נאך זיי? ווער האט פונאַדערגעעפנט זייערע מיילער?...

וואס רעדט מען דארט אויף די פאַרזאַמלונגען? — פּאָליטישע רעדעס? פּאָליטישע פאָדערונגען? — עס דאַרף דאָך זיין גאָר עקאָנאָמיש, מיט דער דערלויבעניש פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. — אָבער ווו דערלויבעניש, ווו דעפּאַרטאַמענט — גיי פרעג ביי דער סטיכיע א פּאַספּאָרט!...

— אריינמישן זיך, טאָרמאָזירן, אראפּרייסן די פּאָליטישע רעדעס!... — דאָס איז געווען די פאַראָרדענונג „פון אויבן".

אויף די פאַרזאַמלונגען איז אָבער דערגאַנגען צו סקאַנדאַלן, צו געשלעגן.

די פּעטערבורגער צייטונגען האָבן דערציילט שווידערלעכע זאַכן. פּעטערבורג איז געוואָרן אומרואיק. פּלעווע האָט טעלעגראַפירט צום אָדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק:

„אָננעמען די ענערגישסטע מיטלען קעגן די פּערזאָנען, וואָס העצן צו אַ שטרייק. דאָס זעלבע אויך וועגן די אומאָפּהענגיקע. איינשטעלן אָרדענונג אויף די גאַסן, אפילו ווען עס וועט אויסקומען באַנוצן זיך מיט געווער".

און גלייך נאָך דער ערשטער האָט פּלעווע געשיקט א צווייטע טעלעגראַמע צו גראַדאָנאַטשאַלניק:

„אייערע אונטערהאַנדלונגען מיט די טראַמוויי־שטרייקער האַלט איך פאַר אַ פעלער. בשעת עס קומען פאָר אומרוען, דאַרף מען זאָרגן נישט וועגן די אַרבעטער, נאָר וועגן איינשטעלן די אָרדענונג. איך באַווייליק פאָרויס יעדן ענערגישן מיטל".

פּלעווע איז געווען צערודערט. אים האָט שוין פאַרדראָסן די גאַנצע שפּיל מיט די אומאָפּהענגיקע.

— מיט פייער שפּילט מען זיך נישט...

און —

— ווער ווייסט איר, די זשידוווקע...

ער האָט דורך דעם דירעקטאָר פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט פאַראָרדנט: אויב עס וועט זיך ארויסווייזן, אז דער שטרייק איז

אַ רעזולטאַט פון דער אַגיטאַציע פון די אומאָפּהענגיקע — זיי ליקווידירן, אַרעסטירן און אַרויסשיקן פון אָדעס.

זובאַטאָוו האָט געזוכט זיך צו ראַטעווען. ער האָט טעלעגראַפיש געדעדט צו אָדעס:

— אויב די איניציאַטאָרן פון שטרייק זענען די אומאָפּהענגיקע, לייגט זיי פאַר, מען זאָל זיך שוין שטעלן צו דער אַרבעט, ווייל דעם גראַדאָנאַטשאַלניק ווערט פאָרגעלייגט זיי צו אַרעסטירן. טעלעגראַפירט, וואָס פאַר אַ שייכות האָבן די אומאָפּהענגיקע צו דעם שטרייק.

וואַסיליעוו האָט פון אָדעס טעלעגראַפיש געענטפערט:

— אַרעסטירן די אומאָפּהענגיקע טאָר מען איצט נישט. זיי האַלטן־איין די שטרייקער. עס זענען אָנגעקומען מיליטער־מאַט־ראָסן. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן ווילן אַ צוזאַמענשטויס. די אומ־אָפּהענגיקע האָב איך גענומען אין די הענט און פיר מיט זיי אָן רואיק. אין שטאָט ברויזט. עס הויבן אָן שטרייקן די פאַבריקן. ראָטמיסטער וואַסיליעוו.

וואַסיליעוו האָט אויך טעלעגראַפירט לאָפּוכינען:

„צוליב דער אומרואיקער שטימונג צווישן די אַרבעטער־מאַסן, אויף וועלכע די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס ווילן איצט אויסשפּרייטן זייער השפעה, איז די טעטיקייט פון די אומאָפּהענ־גיקע געווונטשן. ווען מען זאָל זיי אַרעסטירן און אַרויסשיקן, קאָן דאָס פאַרמינערן די שאַנסן די מאַכט זאָל קאָנען איינהאַלטן די אָרדענונג און רואיקייט פון דער שטאָט".

פּלעווע האָט געענטפערט קאַפּידריך:

„איר קאָנט אַרעסטירן שאַיעוויטש און שטעלן פאַר דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט די פראַגע וועגן אַרויסשיקן אים. איצט זאָלט איר אים אַרויסשיקן אין רשות פון וואָלאָגדער גובערנאַ־טאָר".

* * *

— צעבראָכן דער ליטער...

דאָס האָט אין יענער נאַכט געפילט זובאַטאָוו. ער איז שוין

געווען אויפן סאַמע שפּיץ, און איצט איז ער געפאַלן אויף דר׳ערד צוזאַמען מיטן לייטער.

די „אידייע" איז אַרויסגעפלויגן, ווי עס פליט אַרויס אַ פויגל פון צימער, אַנטלויפט אין דרויסן און מען זעט זי נישט מער. אין זיין קאַבינעט איז ליידיק געוואָרן.

אויפן גרויסן שרייב־טיש איז געלעגן די טעלעגראַמע פון די צוויי באַפעלנדיקע ווערטער מיט דער אכזריותדיקער אונטערשריפט:

— „באַלד קומען. פאָן פּלעווע".

פיר ווערטער, ווי פיר קוילן. ליגט אַ טויטער פוקס אין פעלד. עס בלאָזט אַ קאַלטער ווינט.

נעם, זובאַטאָוו, און פאַרענדיק מיט זיך. אויף דעם האָט ער נישט קיין כּוח.

ער האָט אָנגעטון זיין ציווילן מאַנטל, זיין קאַפּעלוש, צע־רעכט געמאַכט די טונקעלע ברילן.

ער איז געקומען קיין פּעטערבורג.

— איר זייט פאַר אַלץ פאַראַנטוואָרטלעך — האָט דער מי־ניסטער נישט גערעדט, נאָר געשריגן, — דאָס האָט איר געמאַכט דעם גאַנצן באַלאַגאַן...

— באַלאַגאַן?...

— נאָך ערגער. דאָס האָט איר געשריבן צו שאַיעוויטשן, אַז ער זאָל ליידן אַ באַשטימטע צייט, ביז איך וועל זיך באַרואיקן. נישט מיך וועט איר באַרואיקן, נאָך איך וועל אייך שוין רואיק מאַכן.

— אָבער...

— וואָס אָבער, ווען אָבער, כאַפּט עס דער טייוול!... מיט עפּעס אַ זשידל און אַ זשידאָווקע האָט איר זיך פאַרבונדן, מיט זיי זיך דורכגעשריבן... — אַזוי האַנדלט אַ ליידאַק, אַ סמאַרקאַטש!...

הייסט עס, אַז אַלץ איז פאַרלאָרן געגאַנגען, פאַרשפּילט. זו־באַטאָוו האָט געוואָגט:

— טום, ווי איר פאַרשטייט, שיקט מיך אויך קיין סיביר...

ער האָט אַ קלאַפּ געטון מיט דער טיר פון מיניסטערס קאַ־בינעט.

זעקסאונצוואנציקסטעס קאפיטל

# פלעווע האט געענטפערט

פלעווע האט געענטפערט מיט — קישענעווער פאגראם.

פסח. זעקסטער און זיבעטער אפריל. צוויי טעג איז געווען קישענעוו פארשמירט מיט יידיש בלוט און אין דער לופטן זענען געפלויגן פעדערן.

אויך — קינדער־בלוט. בלוט פון דער געשיכטע.

— זאלן די זשידעס ווייטער וויסן...

— זאלן זיי אליין איינשטילן זייערע בונטאווטשיקעס..

רבנים און מגידים האבן געמאכט הספדים אין די שולן און גערופן דעם עולם צו יראת־שמים און — דינא דמלכותא דינא. בית־דין־צדקס און חברות האבן געקלעפט צעטלעך אויף די ווענט פון די בתי־מדרשים, מען זאל עוקר מן השורש זיין די בונטאוו־טשיקעס. מען זאל זיי איבערגעבן צו מלכות און עס וועט פאר־רעכנט ווערן פאר א מצווה. פאליצמייסטערס האבן געלאזט רופן די שיינע באלעבאטים, די יידישע גלאסנע פון די אופראוועס, די גבאים פון קאראבאטשני סבאר, אויף זיי געשריגן און געהייסן ברענגען די באנדיטן...

העברעאישע לערער, באלעבאטישע איידימס, משכילים און באלעבאטים פון אפטייטשנע מאגאזינען האבן גערעדט, אז יידן זענען אין גלות הפקר, די גויים ווילן זיי אומברענגען, אזוי ווי די נביאים האבן טאקע געזאגט, און —

— עוד לא אבדה תקוותינו...

ווער אבער האט זיך גאר געקאנט ריכטן, אז דווקא דער קי־שענעווער פאגראם זאל ווערן אזא וויכטיקער אויסגאנג־פונקט פאר א פאליטיש־רעוואלוציאנערע כוואליע איבער דעם יידישן תחום?

דער צעקא האט ארויסגעלאזט א פלאמיקע פראקלאמאציע וועגן קישענעווער פאגראם. באזונדערע פראקלאמאציעס האבן ארויס־געלאזט האמעל, קאוונע, ווילנע, בערדיטשעוו, זשיטאמיר, אדעס...

אין די שטעט און שטעטלעך האט מען פערכאפט די שולן,

געשטעלט וואכן קעגן פּאָליציי און גבאים, אומבּאַקאַנטע רעדנער האָבּן פון די בּימות גערופן צום קאַמף מיטן צאַר. האָר און נעגל שטעלט זיך קאַפּויער!... גבּאים האָבּן געפּאַטשט אין די שטענ־דערס: נו, נו, אסור!... זאָל מען דאַוונען!... — עמך אין אָרימע טליתים האָבּן צוריקגעפּאַטשט אויף די חומשים: שאַ, שטיל זאָל זיין, לאָזט הערן אַ וואָרט!..

אין וועלדער זענען פאָרגעקומען הונדערטער פאַרזאַמלונגען, צו וועלכע מען איז געגאַנגען דורך פאַראָלן און פּיקעטן, אין טויזנ־טער ווערקשטאַטן און פאַבּריקן האָבּן אומבּאַקאַנטע — ווער זע־נען זיי, פון וואַנען קומען זיי? — פאַרשפּרייט רעוואָלוציאָנערן פייער. אין וואַרשע, לאָדזש, בּערדיטשעוו זענען פאָרגעקומען דע־מאָנסטראַציעס אויף די גאַסן. —

בּלוט פון צעשפּאָלטענע קעפּ און פעדערן פון צעפּליקטע קישנס!... — אַזוי ווי מיט קריגעלעך פון דעם בּלוט וואָלטן ארומ־געגאַנגען אָנזאָגער און געבּישופּט די הערצער. אַזוי ווי די פעדערן פון די צעפּליקטע קישנס וואָלט מען אוועקגעטראָגן אין סודותדיקע טאָרבּעס און אונטערגעלייגט זיי אין די נעכט צוקאָפּנס, כּדי עס זאָלן זיך חלומען פייערדיקע האָומות.

נאָך אַפּריל קומט מאַי. עס איז געווען אַ זעלטענער ערשטער מאַי. טויזנטער אַרבּעטער זענען אַרויס אין די גאַסן, מפקיר זייענ־דיק דאָס אייגענע לעבּן. פון די טעאַטער־בּאַלקאָנען האָט מען גע־שאָטן צענטליקער טויזנטער ווייסע צעטעלעך:

— ענטפערט אויף קישענעווער פּאָגראָם מיט: „נידער מיט דער זעלבּסטהערשאַפט!"

— ענטפערט די פּלעווע און קרושעוואַנס מיט רעוואָלוציע!..

ווי קישענעווער קדושים וואָלטן זיין צווישן די, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען אונטער די פענסטער פון די ווערקשטאַטן, אויף די טעאַטער־בּאַלקאָנען, ווען מען האָט אויף זיי אויסגעלאָשן די לאָמפּן.

ווו אין יולין און וואסיליעוו? ווו איז דער בּלאָנדער בּחור שמואל

ווו איז גולין און וואסיליעוו? ווו איז דער בּלאָנדער בּחור שמואל מיטויער?

ווו זענען זיי, די לעגאליזאטארן, די פאליצייאישע סאציא־ליסטן? —

ווו איז ער, דער געלער זובאטאוו אליין?

צוויי חדשים נאכן קישענעווער פאגראם, אין אנהויב פון חודש יוני, האט דער „קאמיטעט פון דער אומאפהענגיקער פאר־טיי" מודיע געווען אין א פראקלאמאציע:

— „אויף דעם פאן פון אלגעמיינער אונטערדריקונג פון יעדן לעבעדיקן אטעם אין יידנטום, וואלטן די לעגאלע פארמען געקאנט זיין נישט מער, ווי א שארפער, אומזיניקער און חוצפהדיקער די־סאנאנס".

מאניע ווילבושעוויטש איז אוועק צום ציוניזם. טשעמעריג־סקי, א צעבראכענער און אפגעריסענער, איז געגאנגען תשובה טון פאר זיינע זובאטאווסקע חטאים. שאיעוויטש האט געשריבן פון סיביר צו פלעווען תחנונים־בריוו: „אויף מיין געוויסן איז נישט געווען דער מינדסטער פלעק, אדער זינד, לגבי דעם טרעגער פון דער גרויסער אידייע פון זעלבסטהערשונג, וועמען און וועמענס דינסט איך האב געפרווט אפגעבן אלע מיינע כוחות. אט די דינסט האט מיך, להכעיס דעם שכל הישר, געבראכט קיין סיביר".

* * *

נח האט געשריבן שיפרירט דעם באריכט פון צעקא פאר דער צייט פון 1901 ביז 1903 צום פינפטן צוזאמענפאר פון „בונד".

— די בונדסטע פאקטן פון דאזיקן פעריאד זענען: דאס פאר־ברייטערן דעם ראיאן, דאס פארשטארקן דעם פאליטישן קאמף, די מעכטיקע שטרייק־באוועגונג, דער שנעלער וווקס פון דער ליטערא־טור־טעטיקייט...

נאכדעם זענען געגאנגען דראבנע שורהלעך אנגעפיקעוועט מיט פאקטן און ציפערן:

— 74162 באטייליקטע אין פארזאמלונגען. 45 דעמאנסטרא־ציעס. 41 פאליטישע שטרייקן. 109 עקאנאמישע שטרייקן, אין וועלכע עס האבן זיך באטייליקט 24.124 ארבעטער.

פראפאגאנדע אין מיליטער. אגיטאציע קעגן מלחמה. אזויפיל און אזויפיל אונטערערדישע דרוקן.

און:

— די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער, לויט דער סאַמע באַשיידנסטער אויסרעכענונג, איז נישט נידעריקער פון דרייסיק טויזנט...

* * *

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך ווייטער געצויגן אַהין און צוריק די קאַראַוואַנען אויף די וועגן פון סיביר. אַהין איז מען געגאַנגען געשמידטע, געגאַנגען צופוס און געפאָרן מיט „יאַמשטשיקעס". צוריק איז מען געלאָפן, אַנטלאָפן — געלאָפן פון סיביר. עס רופט דאָך די רעוואָלוציע!...

* * *

נח האָט געזוכט שלום לעווינען. ער האָט אים געפונען און געהאַט מיט אים אַ קורצן שמועס:

— עס וואָלט זיין רעכט, אַז אייער פרוי מיט די קינדער זאָלן אַריבערפאָרן קיין מינסק.

שלום האָט נישט געפרעגט פאַרוואָס. ער האָט נאָר געוואָלט וויסן:

— און איך?

— איר וועט פאָרן קיין וואַרשע אויף אַרבעט.

שלום האָט פאַרשטאַנען, וואָס „אויף אַרבעט" באַדייט.

— אייער פרוי — האָט נח געזאָגט — וועט דינגען אַ דירה אין מינסק. מיר דאַרפן דאָרט האָבן אַ דירה.

עס האָט געהייסן, אַז דער צעקאַ קלייבט זיך אַריבער קיין מינסק. מיט ביאַליסטאָק איז גענוג.

— האָבן מיר זיך צוזאַמענגערעדט?

— פאַרשטייט זיך...

* * *

די דרוק איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין וואַרשע אויף דער סאַמע רווישיקער גזשיבאָווסקע גאַס. נישט ווייט פון דער גראַניטשנע.

שלום און איסר האָבן זיך דאָרט געשטעלט צו דער אַרבעט. זלמן דער בערשטער איז געווען דער פאַרמיטלער.

נאָך זיי איז געקומען שפּעטער אשר פּינקוס, אַ מענטש אָן גאַל און כאַשע ריינעס — אַ דאַרע מיט אַ סמוגלען פּנים, מיט אַ שוואַרצן קאָפּ האָר, מיט אַ הויכן שטערן און הויכן קראַגן, מיט גרויסע שוואַרצע אויגן אונטער פּענסנע, פון וועלכע עס האָט אַראָפּגעהאָנגען אַ שוואַרץ שנירל.

— זי איז אונזער מלאך... — האָבן גאָר נאָנטע מענטשן וועגן איר געזאָגט.

די איידעלע ליזע, ליזע אַמסטערדאַם, איז געווען די פאַרמיט־לערין.

זיבנאונצוואַנציקסטעס קאַפּיטל

# געשלאַגענע הינט

— מייסטער יאָעלסאָן, 5/6...

די שטילקייט אַרום ישראל־מיכלען, וואָס האָט געדויערט איי־ניקע חדשים, איז איבערגעריסן געוואָרן. זובאַטאָוו האָט אַ קלאַפּ געטון מיט דער טיר און אים, ישראל־מיכלען, רופט מען ווידער דורך די אַלטע היעראָגליפן. אייניקע חדשים איז ער געווען אין אַן אומרואיקער אויסוואַרטונג: נאָר פּאַרזיכטיק, נישט אַראָפּפאַלן פון שטריק. אפשר האָט זיך ד אָ ס אַלץ געענדיקט?... — ער האָט געטראָגן זיין אייגן לעבן אין זיינע האַריקע הענט, ווי עס טראָגט אַ חיה איר רויב אין פּיסק — אָט־אָט קאָן עס אַרויספאַלן, קאָן אונטערקומען אַ יעגער מיט אַ ביקס. זיין ווייך בערדל האָט צוגע־דעקט דעם אומרו פון זיין פּנים. איצט אָבער רופט מען ווידער.

— קיין פּעטערבורג...

מעדניקאָוו, זובאַטאָווס געוועזענער נאָנטסטער געהילף, האָט אים דאָרט אויפגענומען:

— דאָ זיצט איצט אַ נייער הער. ער וויל אייך זען...

עס וועט זיך, הייסט עס, אָנהויבן אַ נייע קעגנזייטיקע געיעג. מען דאַרף גיין נאָך שטילער, נאָך לאַנגזאַמער, פּאָרזיכטיקער — אויף די שפּיץ־פינגער.

זובאטאָוו האָט א קלאפּ געטון מיט דער טיר און אוועק —
אפשר אויך טון אזוי? — דאָס איז אוממעגלעך. פון דאנען גייט
מען שוין נישט אוועק. פון דאנען ווערט מען אָדער ארויסגעוואָרפן,
אָדער — ארויסגעשלאָגן. זובאטאָוו וועט אויך צוריקקומען, ווי
ס'קומט א וואָלף צו א סטאדע שאָף.

ישראל־מיכל ווארט אויף דעם אויפנעם פון „נייעם הער".
ער גייט אהין און צוריק איבערן רויט־געפּארבטן און ברייטן קאָ־
רידאָר. ליידיק איז, ווי אין א דירה, פון וועלכער מען האָט זיך
ארויסגעצויגן. ארום אים איז נאָר ליידיקער שטח. א שמאָלע
סטעזשקע אין דער מיט. ער שפּרייזט איבער דער סטעזשקע, וועל־
כע לאָזט זיך אראָפּ אַלץ נידעריקער.

זאָל דאָרט ווארטן דער „באָלויכטער" — דאָס טראכט גע־
ווים דער הער אין קאבינעט. זיין ווייב, ישראל־מיכלס, ווייסט
גאָרנישט — אַן אומשולדיק קעלבל. די קינדער ווייסן נישט און —
טאָרן נישט וויסן! לעבן מוז מען, שווימען דארף מען און —
דורכשווימען!...

ביז דער לאָקיי האָט אים אריינגעבעטן. מעדניקאָוו איז שוין
געווען פון פריער אינעווייניק.

— איך האָב די ערע פאָרצושטעלן...

— קאפּלינסקי...

— זייער אנגענעם. זעצט איך.

דער „נייער הער" איז א מיטליאָריקער מענטש מיט א קורץ־
געשוירענעם טונקל־בלאָנדן קאָפּ, אויף וועלכן די קורצע, האַרטע
און גלייך אָפּגעשוירענע הערלעך זענען געשטאנען, ווי אויף א קיי־
לעכדיק האָר־בערשטל. זיין בערדל איז געווען פּינקטלעך ארומ־
געשוירן. זיין צורה האָט זיך געהאַלטן אין איין בארימען:

— אָט וואָס פאר א בריה איך בין!...

דער נייער הער האָט גערעדט קיילעכדיק, גלאַט און שנעל,
צעקלאַפּנדיק מיט די הארבע ווערטער, אַזוי ווי מען שיט באָבעס:

— די דרוקן ארבעטן גוואַלדיק פּראָדוקטיוו. עס מאכט אַן
איינדרוק, ווי דער „בונד" וואָלט געהאַט אין זיין רשות גוט־איינ־
געאָרדנטע לעגאַלע דרוקעריען. א טיפּאָגראפיע, א ליטאָגראפיע,

עס פעלט נאָר אַ ראָטאַציע. דאָס נישט אויסגעפינען די דרוקערייען איז געווען אַ שלימזלדיקייט. איצט וועלן מ י ר זיך נעמען און — אַ סוף מאַכן. באַסטאַ — אי ניקאַקיך!... מען האָט מיר געזאָגט, אַז איך קאָן דערוואַרטן פון אייך ממשותדיקע הילף. טאַקע ממשותדיקע — פאַרשטאַנען!... ביי מיר איז — אויב גע־טון, איז געטון, איך האָב פיינט זיך צו שפּילן! מיר מוזן דאָס ליקווידירן!... — פאַרשטאַנען?

— ניין. — האָט ישראל־מיכל אַנגב־אורחאדיק געענטפערט.

— וואָס איז דאָ צו פאַרשטיין, מיין הער? — אָט זעט די פּראָקלאַמאַציעס, וואָס ליגן דאָ אויפן טיש, איינע און איינע, גו־טע אַרבעט, און דאָס מאַכט מען אונטער אונזער נאָז, מוזן מיר עס ליקווידירן אין אַכט און פערציק שעה! — פאַרשטאַנען?...

— פאַרשטאַנען...

ישראל־מיכל האָט געקוקט אויף די פּראָקלאַמאַציעס, גענומען זיי אין די הענט מיט אַ געמאַכטער נייגעריקייט, געקוקט אויף די שורות, אויף די אותיות, ער האָט מספּיק געווען:

— גוטע דרוק־אַרבעט...

זיינע אויגן זענען געווען בעת מעשה פאַרשטעלט מיט מאַטע שייבעלעך — נישט אַריינצוקוקן אינעווייניק אין דער צורה. אַ קאַלטער אָפּגלאַנץ.

— זעט איר, אַז איך בין גערעכט, הער קאַפּלינסקי. קיין שום רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי קאָן זיך נישט פאַרגלייכן מיט דער דאָ־זיקער דרוק־אַרבעט. אין די דרוקערייען איז דער וואָרצל פון בייז. איר ווייסט גאָרנישט, הער קאַפּלינסקי, וואָס די דרוקערייען זענען פאַר די רעוואָלוציאָנערן. גלויבט מיר!...

— איך גלויב אייך, איך גלויב...

— נו, נעמען מיר זיך?

— איך מיין אַזוי. אָבער דאָס איז גאָרנישט אַזוי איינפאַך.

— אָט וועט איר זען, אַז איך וועל מיט דעם פאַרענדיקן זייער שנעל. די זאַך איז אין ווילנע און איר מוזט דאָרט אָנהויבן אַרבעטן.

— איך וווין אין דווינסק.

— דאָס איז אַ קלייניקייט. איר וועט זיך אַריבערציען.

— דאָס איז אוממעגלעך.

— מיין הער, ביי מיר איז אוממעגלעכעס נישטאָ.

— איך קום סיי ווי סיי אָפּט אַהין.

— דאָס איז צו ווייניק, צו ווייניק, זאָגט קאַפּלינסקי. מען מוז זיין אויפן פּלאַץ. עס מוז קלאַפּן. איינס און צוויי! — מיר אַלע זענען אויף אונזערע פּאָסטנס. אייער פּלאַץ מוז איצט זיין ווילנע! — איר פאַרשטייט מיך?

מעדניקאָוו איז איצט געקומען צו הילף דעם „נייעם הער":

— ניעמעץ וועט אייך באַקענען מיט באַראַנאָוו, דעם „באַאַמטן פאַר באַזונדערע ענינים" ביי דער ווילנער אָכראַנע.

אַ פּאָר רגעס איז ישראל-מיכל געזעסן אין זיין אייגנאַרטיקער אָנגעשטרענגטער אָפּגעשלאָסנקייט, נאָכדעם האָט ער געענטפערט מעדניקאָוון:

— איך'ל זען, ווי ווייט מעגלעך...

דער „נייער הער" האָט געהאַלטן, אַז ער האָט שוין, אייגנטלעך, אַביסל צו לאַנג זיך פאַרנומען מיט אַט דעם בערדלדיקן יידן, דאָס שטימט נישט מיט זיין הויכן אַמט און גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, און ער האָט געזאָגט:

— דוכט זיך, — אַלץ קלאָר? ריכטיק?... האָבן מיר געענדיקט. איך וואַרט פון אייך גוטע פרוכט. די קלייניקייטן וועט שוין דערליידיקן הער מעדניקאָוו...

עס איז פּאַסקודנע ישראל-מיכל. עס איז אָנגעשפּיגן אין דער נשמה, נישט אַרויסצושפּייען צוריק. איצט קומען ווייטער די לאַנגע שעהן, אין וועלכע עס פליסט קראַנק בלוט.

סטאַציע ווילנע. נאַטשאַלניק פון דער אָכראַנע פּעסטרונין. ער מוז געפינען אַ דרוק — באַדאַי אַליי! „אונטערצוואָרפן". אונטערוואָרפן?.. — דרייט זיך אַ געדאַנק, ווי עס דרייט זיך אַ מאַרעוויכער אויף אַ יאַריד.

ישראל-מיכל זיצט מיט אַ מאַטן פּנים. די אויגן קוקן גרין און האַרט. זיין בערדל בעט רחמנות. אַזוי קוקן געשלאָגענע הינט.

## אכטאונצוואנציקסטעס קאפיטל

## פ א ר נ א ב ט

עס איז געווען דער פארנאכט פון ,,־אמאנאוום הויז'', די מנחה פון רוסלאנדס צאר און צאריצע, פאר נעילה. די ,,פעטער־בורגער טעלעגראפן־אגענטור'' האט דערציילט דעם לעזער: ,,גע־נעראל קוראפאטקין טרעט אפ אין פולער ארדענונג''. די מפלה אויפן וויטן מזרח איז געווען — דער ראק פון דער זעלבסטהער־שאפט.

דער צאר האט מיט זיינע קליינע, געלבלעכע און פחדנותדיקע הענט ציטערנדיק געגלעט זיין פארקוילעכדיק געלבלעך בערדל. ער האט רק געוואלט, מען זאל אים לאזן צורו, מען זאל אים נאר נישט טשעפען. זאלן נישט באאומרואיקן די קליינטשיקע, געלינקע יאפאנטשיקעס. אים האט זיך געוואלט שפעט שלאפן און זיין גע־הארכזאם דער צאריצע. ער האט הנאה געהאט פון תפילה־טון און געהאפט, אז די פראוואסלאווישע ארכימאנדריטן וועלן נישט צו־לאזן צו אים דעם משחית. ער איז דאך א געזאלבטער!... זאל זיך נאר נישט אפטון די השגחה פון דער הייליקער מוטער מאריע.

די צאריצע, אן אפגעפרעמדטע און א זייטיקע אין פאלאץ, א פרומע, פארטון אין א געצנדינערישער געהארכזאמקייט, א גלוי־בענדע אין דער הימלישער געזאלבטקייט פון צאר, פלעגט פאר־ברענגען לאנגע שעהן אין קליינעם אימפעראטארישן קלויסטערל, איר נשמה פארשטעקט אין די איקאנעס, געווען דורכגענומען מיט אימה. עס איז געקומען צו איר א גולמדיקע שרעק פון ריזן־לאנד, וועלכן זי האט רעכט קיינמאל נישט אנגעקוקט, פון א פאלק פון הונדערט פערציק מיליאן, וועלכן זי האט קיינמאל נישט געזען, און דא איז זי דאס געזאלבטע ווייב פון זעלבסטהערשער!...

---

אין דער דווינסקער דרוקעריי האט גרשון קאריגירט די פרא־קלאמאציע וועגן דער יאפאנישער מלחמה. נאך היינט וועט זי

פארטיק ווערן. זי וועט ארונטערקומען אונטערן נייעם דרוק־וואַליק, וואָס ישראל־מיכל האָט געבראַכט פון פעטערבורג.

פאַריכט גרשון די גרייזן.

— „די מלחמה מיט יאַפּאַן (נישט „יאַפּאָניע", נאָר „יאַפּאַן"!) ווערט געפירט נישט אין די אינטערעסן פון פאָטערלאַנד, נאָר אין די אינטערעסן פון אַ קליין הייפל קאַפּיטאַליסטן..."

הויבט אויף גרשון זיין קאָפּ פון די קאָרעקטן, טראַכט אַביסל, זאָגט אינדערהויך צו חיימען:

— „אַ קליין הייפל קאַפּיטאַליסטן"... — ס'איז טאַקע ריכטיק. און דאָס, וואָס די צאַריצע וויל, אַז איר צאַר זאָל צאָרסטווען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל ביז יאַפּאַן?...

— בראָק זי, גרשון, אויך אַריין אין „הייפל". און אים אויך. אָבער אַזוי, צי אַזוי — די מלחמה וועט זיין דער לעצטער בלוט־גוס, וואָס וועט פול מאַכן דעם קעסל.

— די שעה פון צערעכענונג דערנענטערט זיך... — זאָגט גרשון, און ס'איז נישט קלאָר, צי זאָגט ער עס פון זיין קאָפּ, צי לייענט ער עס אַרויס פון דער קאָרעקטע.

— ווען, מיינסטו, גרשון, וועט קומען די שעה?

— זי איז גאַנץ נאָנט. אַזוי מיין איך.

ער האָט ווייטער קאָרעגירט:

— „אַ קללה די בורזשואַזע רעגירונגען, וועלכע זענען פאַרבונדן מיט אַזעלכע פאַרברעכנס... אַ קללה!..." אַ לאַמעד... דאָ פעלט אַ לאַמעד. אַ ק ל ל ה... מען וואָלט געדאַרפט אַריינשטעלן אַ צענטליק לאַמעדן: אַ ק ל - ל - ל - ל - ל - ה!...

ער האָט ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דער קאָרעקטור, געקוקט אויף דער קעגנאַיבערדיקער ווייסער וואַנט, ווי ער וואָלט זען מיט זיינע אויגן די קללה. ער וואָלט זיך אַ הויב געטון פון זיין אָרט און זיך אַ לאָז געטון —

— דאָך גלויבט זיך עפּעס נישט — האָט ער געזאָגט מיט אַ פאַרעקשנטן פנים — אַז מען וועט מער נישט דאַרפן קיין געהיימע דרוקערייען.

עס וואָלט זיך וועלן ארויסקומען אויף דער גאַס, א קוק טון אויף די מענטשן און זען אָט די אָנקומענדיקע נייע צייט.

— א קלָלה די רעגירונגען!...

* * *

דעמאָלט איז עפּעס פּאַרלאָפן אין צאַרסקאָיע סעלאָ. דעם צאַרס מאַמע האָט אין דעם, וואָס איז פּאַרלאָפן, געזען א צייכן פון הימל.

מען האָט אָפּגעריכט די הייליקע וואַסער־דינסט ביי דער נעווא. דער קייסער איז געקומען אהערצו צו דער תּפילה פון פּעטערבורג. אין דער קליינער, אימפּעראַטאָרישער קאַפּליצע ביים ברעג פון דער נעווא איז געווען דער צאַר און די אַלטע צאַרינטע — די מאַמע. בעת דער תּפילה האָט די גוואַרדיע אויסגעשאָסן פון האַרמאַטן. איין האַרמאַט האָט געשאָסן צו דער קאַפּליצע. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען די אַלטע צאַריצע איז געשטאַנען אַקוראַט אין פענסטער.

דער פּחד, וואָס איז געפאַלן, איז געווען זייער גרויס. די גוואַרדיע איז געווען די טרייסטע פון צאַר. ווער זשע האָט פאַרקירעוועט דעם האַרמאַט?

וועלכער פון אַלע האַרמאַטן?

— געפינט זיך דאָ א שונא?...

אויפן פּלאַץ איז געוואָרן א בהלה. די אָפיצירן האָבן געציטערט פאַר זייער לעבן. די געטלעכע עבודה מיט די האַרמאַטן איז איבערגעריסן געוואָרן. די אַלטע צאַרינטע האָט זיך געצלמט און געשעפּטשעט ווערטער, ווי א מכשפה. זי האָט איר האַרץ צונויפגענומען, ווי א קליין, האַרט און בלוי פויסטל, זי האָט אויף איר זון זיך געבייזערט:

— עס האָט געדאַרפט טרעפן ביי דיין טאַטן!... ער וואָלט שוין... ער וואָלט... ער וואָלט שוין געוויזן...

— מ'וועט, מאַמע, אויספאָרשן, שטרענג אויספאָרשן...

קיינער האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי דאָס איז פּאַרלאָפן. עס איז געווען נישט נאָר דער סוד צווישן דער נעווא און דער קאַפּליצע, עס איז געווען א פיל גרעסערער סוד.

דער ווייזער אויפֿן היסטאָרישן זייגער האָט זיך נענטער גע־
רוקט צו צוועלף.

* * *

שוין איינִיקע חדשים, ווי אין אָט דער אונטערערדישער, פֿאַר־
שלייערטער דווינסקער דירה קומען אויסטערלישע אָפּקלאַנגען,
אַזוי ווי ווידערקוילן פֿון קריעס אויף אַ נישט־געזעענעם טייך אין
אַ מערץ־נאַכט. די עכאָס זענען דאָ געקומען דורך פּאַפּירן, מאַנו־
סקריפּטן, האַנטשריפֿטן, וואָס דער „פֿאַרמיטלער" האָט געבראַכט.

גרשון איז אַ געוועזנער איינבינדער, חיים — אַ געוועזענער
וואַנט־מאָלער. איצט שטייען זיי ביידע בײַ די זאַץ־קעסטלעך.

— אַ שחיטה?!.. אַ שחיטה?.. — פֿרעגט איבער זיך אַליין
גרשון אַ דערשטוינטער — אַ שחיטה אין ביאַליסטאָק?!..

— זעסט דאָך. אַזוי שטייט געשריבן.

— אַ שחיטה?.. אַ שחיטה?.. — האָט גרשון ווידער זיך
אַליין געפֿרעגט, ווי עס פֿרעגט זיך אַ פֿאַרבלאָנדזשעטע טויב — און
ער האָט געזעצט די אותיות אַזוי ווי עס פֿלעגט אַמאָל שרייבן אַ
פֿרומער סופֿר די אותיות פֿון דער תּורה.

— מסתּמא איז טאַקע פֿאַרשטאַרקט געוואָרן די רעוואָלו־
ציאָנערע אַגיטאַציע — האָט חיים הארב געזאָגט — וואָרום ווען
נישט וואָלט ביאַליסטאָק נישט געמאַכט אַזעלכע צוויי גרויסע דע־
מאָנסטראַציעס.

— פֿון וואַנען ווייסטו, אַז „אַזעלכע צוויי גרויסע"? — האָט
גרשון געוואָלט, אַז חיים זאָל דאָס פֿאַר אים נאָכאַמאָל פֿאַרפֿעס־
טיקן.

— זעסט דאָך... — האָט חיים צוריק געזאָגט, ווי ער וואָלט
טאַקע זיי זען אָט די דעמאָנסטראַציעס אויף דעם מאַנוסקריפּט פֿון
דער פּראָקלאַמאַציע.

עס ווערט שטיל. מען זעצט שורה נאָך שורה. בלײַבט מען
שטיין בײַ אַ נאָמען:

— גריבאָיעדאָוו?... פּאָלקאָווניק גריבאָיעדאָוו?... ער האָט עס
אָנגעפֿירט מיט דער שחיטה אין וואָלד?.. איך קען דאָך אים!.. אָט
דער הונט האָט דאָס געהייסן די סאָלדאַטן נעבן איין זאַלם נאָכן

צווייטן!.. א זאלפ אים אין די ביינער!.. די פאליציי מיט די סאל־דאטן האבן זיך אריינגעלאזט איי דער מאסע און די קוילן האבן געפייפט... כאפט זיי די נכפהן!

— אן ארמענישע שחיטה, אזוי ווי אן ארמענישע שחי־טה... — האט חיים געזאגט.

— מען זעט דאך — האט גרשון געדעדט — די קוילן האבן דאך געטראפן אין רוקן.

איצט איז געווען א לאנגע צייט שטיל. עס איז נישט געזונט פאר דער זאך צופיל צו באלבען. ווענט האבן אויערן. די הענט לויפן שנעלער, ווען עס איז שטיל. און אז ס'איז שטיל און מען זעצט, זעט עס אויס, ווי די ווערטער, וואלט מען ארויסנעמען נישט פון פאפיר, נאר פון זיך אליין.

— מיר זענען געזעסן אין וואלד, א קדייזל פון א מאן צוואנ־ציק, ליזע איז דעמאלט געקומען פון ווילנע... — דערציילט חיים — עס איז געווען שפעט אין אוונט, אין וואלד איז געווען פינסטער... פלוצלינג — באך!.. מען שיסט... פאליציי גייט גלייך אויף אונז קומט מיט רעוואלווערן אין די הענט פון צווישן די קשאקעס און שרייט: „שטיין!.. זיך נישט רירן!..” — פייף איך אויף זיי. טו איך א מיך אווארף אויף דער ערד און קויקל מיך, קויקל מיך אונטער די קשאקעס, און קויקל זיך אראפ דעם בארג... זיי האבן מיין דאשיק נישט אנגעקוקט!..

— חיים!.. — רייסט אים איבער גרשון — דו האסט געזעצט מיט אכט פראצענט גרייזן.

— עס וואלט נישט געווען אזוי פיג — פארענטפערט ער זיך — ווען די שריפט וואלט געווען גוט אפגעווארפן.

* * *

ווי עס וויגט זיך פונאנדער א זאוויערוכע אין הייסן, זאמדיקן סטעפ, אזוי האט זיך געוויגט די רעוואליציע איבער מאמע־רוס־לאנד. זי האט זיך געטראגן פון טיף ראכיי און פון דער יידישער משערטא, פון דער וואלגע־געגנט און פון קאווקאז, פון שווארצן ים און פון דער ווייסל, פון אוקראאינע און פון גרוזיען. ווי ביי

יעדן הויז וואָלט פליסן אַ טייך און זיינע כּיאַליעס שלאָגן זיך אָפּ אָן די ווענט.

אומרו האָט געבראָדזשעט אונטער די הויכע פענסטער. די גענעראַל־גובערנאַטאָרן און גובערנאַטאָרן, די זשאַנדאַרן־פּולקאָווניקעס און אָכראַנע־נאַטשאַלניקעס פלעגן באַקומען צעשטרייטע, פאַרשיכּורטע באַפעלן: האַמעוועט, ליקווידירן, אַ סוף מאַכן, אָפּרעכענען זיך, אַרעסטירן... — נאָר גיי אַרעסטיר אַ זאַווערוכע, גיי פאַרמעסט זיך מיטן גורל! —

— כאַפּט זיי די אונטערצינדער!..

אַזוי האָט עס אויסגעזען אין פּאָליציי - דעפּאַרטאַמענט, אין אינערן - מיניסטעריום, אין גאַטשינאַ, אין ווינטער - פּאַלאַץ: — אונטערצינדער, זשידעס, גרוזינער, מאַנגאָלן, מאַזעפּאַ׳ס גייען אום אין די נעכט און צינדן אונטער רוסלאַנד. עס גייען מיט זיי רוחות, ווער־ווייסט־זיי־ווער, שדים. זיי האָבן דערטרונקען דעם פלאָט ביי פּאָרט־אַרטור, זיי האָבן איבערגעקערט די שיפן ביי צוסימאַ, זיי יאָגן די אַרמיי פון מאַנדזשוריע, קאָרעאַ זיי האַלטן יד־אחת מיט די יאַפּאַנטשיקעס.

זאָלן קלינגען די סאָבאָרן! זאָלן די פּאָפּעס, די אַרכידייען עפּעס אויפטון. אָ, יעזוס קריסטוס, אָ, דו הייליקע מוטער רוסלאַנדס!..

און פּריסטאַוועס נעמען כאַבאַר, און גובערנאַטאָרן נעמען כאַבאַר, און מיניסטאָרן נעמען כאַבאַר, און דער סינאָד נעמט כאַבאַר, און אוראַדניקעס נעמען כאַבאַר, און די גובערנאַטאָרישע פּראָסטיטוטקעס נעמען בריליאַנטן, און פּאָדריאַטשיקעס שאַרן מיליאָנען. —

גבירישע הולטאַיעס, שכּורע ביז דער ווייסער נכפה, פאַרווייכערן פּאַפּיראָסן דורך הונדערט־רובלדיקע פּאַפּירלעך. הונדערט מיליאָן מענטשן הונגערן. אין דערפער סמאַליעט דער פינסטערער צער. אין פּאָרשטעט ליגט אין שמאַטעס די נויט.

און דרוקערייען צינדן רוסלאַנד. פּראָקלאַמאַציעס פאַלן, ווי פונקען אין פעסער פּולווער:

— איר קענט בלויז די קייטן פאַרלירן...

בעת דער דעמאָנסטראַציע אין באָברויסק האָט דער פּאָליציי־

מייסטער באפוילן די פאָליציאנטן: — „שיסט!‟. האָבן די ארבע־טער געענטפערט מיט א האָגל קוילן. אריבעמער באוואָפנטע מיט רעוואָלווערן! — צי וועלן זיך באלד גישט באוויזן ביקסן אויף די פלייצעס?..

אין סלאָנים האָבן דעמאָנסטרירט אכט הונדערט ארבעטער. אין לאָדזש — דריי טויזנט. אין האָמעל — טויזנט. אין מאזור האָט מען אויף די טעלעגראף־סלופעס ארויפגעצויגן רויטע פענער:

— נידער מיט דער זעלבסטהערשאפט!..

און די „מוטער־רוסלאנד‟ האָט גאָר געהאלטן אין מיטן פון א גרויסן רעמאָנט, עס האָבן זיך געדרייט רושטאָוואניעס, געהויבן ווענט, קוימענס, „קופּצעס‟ האָבן געבויט נייע סקלאדעס, משא־צוגן זענען געפאָרן אהער און אהין. מען האָט געפירט מאשינעס און מעל, אייזן, שטיינקוילן און געהילץ. איבער טייכן האָט מען געלעגט בריקן, פון פרעמדע מדינות זענען געקומען אגענטן און אינזשינערן, באנקירן און — מעטרעסעס...

א נייער קלאס איז שנעל געוואקסן, ווי איבער א היסטאָרי־שער נאכט: אדוואָקאטן און וואָיאזשאָרן, פּראָקורענטן און נאָ־טאריוסן, דירעקטאָרן און פארוואלטער, זעמסקי דאָקטוירים און זשורנאליסטן, בוכהאלטאָרן און וואלד־מעסטער, באלעבאטים פון „האנדלס־הייזער‟ און פאבריקאנטן.. —

און צווישן איז קוראָפּאָטקין, וואָס „טרעט אָפּ אין פולער אָר־דענונג‟, שענקען כארטשעווניעס, הונדערט מיליאָן נישט גראַ־מאָטנע, לויזיקע, סיפיליטיקער. און די דזשומע גייט אום. אין צען גובערניעס אן אומגערעטעניש, אזוי ווי די גובערניעס וואָלטן זיך אויפגעהויבן און אוועק איבער גאנץ ראָססיא.

און אין קייזערלעכן באלעט טאנצט מארוסיא. גאנץ פעטער־בורג רעדט, אז זי שלאָפט מיטן צאר. פּריצים שכורן אין די נאכט־רעסטאָראנען מיט פעסער שנאפּס און פלעשער שאמפאניער און קנאקן די שפּיגלען מיט די אויסגעליידיקטע פלעשער. גווארדיע־אָפיצערן באשטעלן ציגיינערקעס, וואָס טאנצן בויך־טענץ, נאקעטע, אויף שכורע טישן.

און פילאָזאָפן זוכן גאָט. נוטס און שלעכטס. דעם קליינעם טייוול, דעם ווייסן, וואָס בייסט דעם מיִנטוּשם נשמה. —

ישראל־מיכל האָט דעמאָלט ארויסגעפראוועט לייבעטשקען קיין מינסק מיט „סחורה״. לייבעטשקע סטאָלער מיטן גוישן פנים האָט אָנגעטון אויף זיין קאָפּ א הויכע היטל פון ווייסע פּאַר־פלעך, א באַראַשקאָווע. די וואָנסעס האָט ער פאַרדרייט אין דער הויך. אַזש צו די אויגן. ער האָט גענומען א זעקל אויף דער פּליי־צע, א קעסטל מיט סטאָלערישע מכשירים אין האַנט און זאָל עס הייסן: — ער פאָרט זוכן סטאָלערישע אַרבעט.

ישראל־מיכל האָט געזאָגט, אז די „כּתיבה״ איז אַן אייזערנע. עס מעג זיך דרייסט נוצן מיט איר אַזאַ „בעגלער״ סאָלדאַט, ווי לייבעטשקע דער סטאָלער. אין סטאָלער־קעסטל איז צווישן האַ־מערס, העבלעס, פּיילן און דלאָטעס אויך געווען אַן אַנדער מין סחורה.

אזוי איז געפאָרן איבער רוסלאַנד איינער פון די אָנצינדער, איינער פון די אָנגעטרויסטע. —

לייבעטשקע דער סטאָלער.

ניינאונצוואנציקסטעס קאַפּיטל

# איר קאַנט שוין משפט

מאיר דער ווייסער, דער שפינער, האָט פריער געהאַט גע־לערנט דעם זוהר און א יאָר צוויי האָט ער געהאַט צו טון מיט יענער וועלט, מיט צייכנס און סימבאָלן, געפאַסט תעניתים און געוואָלט זיך דערגרונטעווען צו אַלע דרייצן עיקרים. פון די קאַ־באַליסטישע זע־פעלדער האָט אים געפירט א וועג צו שפינאָזען, צום פילאָזאָף און דימענט־שלייפער פון אַמסטערדאַם. ער איז דאָרט נישט געבליבן און געפונען די טיר צו קאַרל מאַרקסן. ער איז אהין אריין און דערגאַנגען ביז בנימין גוים פאַבריק, וווּ ער איז געוואָרן א שפינער — א פעדעם־כאַפער, פון דאָרט האָט

געפירט צום שטרייק, און פון שטרייק — צו יאַקוטסקער פאַרשי־קונג.

פריער, דאָרט אין פאַרגעלטן זוהר, איז געווען אַ זייער פאַרנעפּלטער סוד פון דער וועלט, דאָרט האָבן שימערירט סימ־באָלן און ניצוצים, פונקען, וואָס מען זעט נישט. עס איז דאָרט גע־ווען אַזאַ סוד, וועלכן מען קאָן נישט אַרויסגעבן, וועלכן מען קאָן נישט אַפילו באַגרייפן, מען קאָן פון אים אין אַ הונגעריקער וואַך־נאַכט עפּעס דערשפּירן. עס איז נישטאָ קיין נעכטן און ס'איז נישטאָ קיין מאָרגן, ווייל וואָס איז שייך ביי דער געטלעכער אייביקייט נעכטן און מאָרגן, די געטלעכע אייביקייט, וואָס איז פאַרשידנאַר־טיק נאָר לפנים, אָבער איינס איז זי אין דער אמתן, זי איז אָן אָן אָנהויב, אָן אַ סוף, אָן אַ געשטאַלט, אָן אָן אָרט, און דער גאַנצער זין פון מענטשנס לעבן קומט אַרויס נאָר אין איין אויס־געשריי:

— אחד!..

אַז ער איז אַראָפּ פון יענעם הויכן, נישט געזעענעם הימלישן לייטער, איז ער געקומען אין אויבער־שטיבל פון אַמסטערדאַמער דימענטן - שלייפער. ביי שפּינאָזאַן האָט ער געלערנט, אַז עס איז דאָ אַ שכל אין דער וועלט, אין דער שאַפונג. די אייביקייט האָט איר ראַציע. די נשמה פון דער וועלט איז דער אמת, און אַלץ איז צו גוטן.

צום גוטן? — און זיין אָרעמער און הונגעריקער גוף איז אויך צום גוטן? — און זיין האַרטע באַנק מיט דער פּויסט צוקאָפּנס איז אויך צום גוטן? און זיין עלנטקייט און אַליינקייט ווערט אויך באַשטימט דורך דעם „שכל פון דער וועלט"? —

מאיר דער ווייסער האָט געלערנט. ער איז שוין אַוועק פון ישיבה - שטענדער. ער האָט געזוכט דעם עיקר און דעם תכלית אין דער גרויסער וועלט, וועלכער ער האָט אָנגעהויבן צו דערזען אין אַ נייַ ליכט.

דער וועג האָט געפירט צו קאַרל מאַרקסן. עס איז דאָ סיבה און פּועל־יוצא. אין געשיכטע איז דאָ געזעץ. עס האָט זיך אויפ־געדעקט דאָס גרויסע היסטאָרישע זע־פעלד — די געזעלשאַפט.

אַזוי ווי קאָלאָמבוס האָט אַנטדעקט — נישט דערפונדן — אַמע־ריקע. קיין זאַך איז נישט געגעבן, נאָר איז אין ווערן, אין אַנט־וויקלונג. ווי אַ מענטש, וואָס איז תּמיד געגאַנגען איבער יבשה האָט פּלוצלינג דערהערט און דערזען דעם ים. מאיר דער שפּינער האָט דערזען דעם אָקעאַן פון דער געשיכטע, זיין מעכטיקע סטי־כיע, וואָס ווערט געקירעוועט דורך מאַטעריעלע׳ גיגאַנטישע כּוחות. עס איז נישט קיין כאַאָס און נישט קיין פּאַטום. ווי עס עפנט זיך אַ שווערע פאָרהאַנג פאַר אַ גרויסער סצענע, אַזוי האָט זיך אויפגעהויבן די פאָרהאַנג איבערן לעבן, אויף דער סצענע זענען צוויי גיגאַנטן, די קלאַסן, איין קלאַס האָדעוועט אין זיין שוים זיין קעגנזאַץ. די געשיכטע טראָגט מיט זיך און אין זיך דאָס גוטע, מען דאַרף זי אָבער אונטערטרייבן!..

האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים דאָס רעאַלע בילד פון דער וועלט: ער האָט דערזען זיין טאַטן דעם אָרעמען גלעזער פון האָ־ראָדאָק, זיין קראַנקע און פאַרהונגערטע מאַמע, זיין שטעטל — דאָס וועבער - שטעטל. אַהין האָט אים געפירט פאַר דער האַנט קאַרל מאַרקס מיט דעם גרויסן קאָפּ און די לאַנגע האָר, מיט זיין גרוי בערדל, ווי ביים ווילנער גאון.

עס איז זייער גוט! — חברים, דער מענטש איז גוט, מען דאַרף נאָר פאַרטיליקן דאָס קאַפּיטאַליסטישע שלעכטס. עס וועט זיין אַ פולער הויפן גליק. עס מוז זיין!

און אַט אַזוי, אַן אָרעמען און אַ גליקלעכן, אין אַן אָפּגעטראָ־גענעם מאַנטל און שיך אַן פּאָדעשוועס, האָט אים אַ זשאַנדאַר אַ כאַפּ געטון:

— אי טי, סוקין סין!..

און אַוועקגעפירט אים מיטן עטאַפּ אַזש קיין סיביר.

נישט אַזוי איינפאַך און נישט אַזוי שנעל איז דאָס געגאַנגען. אין טורמעס זענען געבליבן זיינע וואָגל־טעג און וואָגל־נעכט. אין טורמעס האָט ער מענטשן געלערנט און ביכער. דאָרט האָט ער חברים געפונען. און אַז ער איז געגאַנגען קיין סיביר, שוין באַ־וואַקסן מיט אַ באָרד, איז געגאַנגען אַ גאָר נייער מאיר.

ווער האָט זיך דאָס געקאָנט ריכטן אין סלוצקער קלויז, ווו

ער האָט געלערנט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, אַז ער, מאיר דער ווײַ־סער, דער האַראַדאָקער עילוי, וועט אין אַ סיבירער קרעטשמע דערהרגענען אַ מענטשן —

— אַן אָפיציר!

און אַז אין יאַקוטסקער קרײַז־געריכט וועט דעם צאַרס אַ סודיאַ אים משפּטן פאַר מאָרד!..

אָבער אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. מאיר דער שפּינער, דער געוועזענער האַראַדאָקער עילוי, האָט דערהרגעט דעם אָפיציר, דעם עטאַפּ־פירער.

— איז זיך דער באַשולדיקטער אַרעסטאַנט מודה?

— אָנערקענט ער זיך פאַר שולדיק?

— ניין! — האָט מאיר געזאָגט אויף אַ געבראָכענעם רו־סיש, — איך בין נישט שולדיק. דערהרגעט האָב איך אים טאַקע יאָ. דאָס איז אמת. אָבער איך בין נישט שולדיק.

אין קלײנעם זאַל פון יאַקוטסקער קרײַז־געריכט איז געווען דושנע. אין די דרײַ גרויסע פענסטער איז געלעגן אַן אונטערגיי־ענדיקע שײַן, אַ מידע. דאָס לעבן פון אַ מענטשן איז דאָ געלעגן שטיל און שטום, ווי אַ געשאָכטענער שעפּס. דער גרווילעכער ריכ־טער מיט די אַראָפּגעהאַנגענע וואָנסעס איז געזעסן פאַרשטעלט פון צלם. אויף דער וואַנט זענען געהאַנגען פּאָרטרעטן פון צוויי אימ־פּעראַטאָרס — פון טאַטן און זײַן זון. דעם ריכטער האָט זיך געלוסט אַ דרעמל טון. ער האָט צוגעזאָגט זײַן ווײַב, נישט פאַר־שפּעטיקן אויף מיטאָג.

— וואָס הייסט איר זײַט נישט שולדיק?

מיט דער יינגער ווײַנערמאַן איז מאיר געגאַנגען די גאַנצע צײַט אין איין עטאַפּ. זי איז געגאַנגען פון מינסק. פון עטאַפּ־פירער צו עטאַפּ־פירער, פון טורמע צו טורמע — אַזוי זענען זיי געטריבן געוואָרן קיין סיביר. דער היהשער אָפיציר האָט באַלד געוואָרפן אויף איר אַן אויג. מאיר האָט אַרויסגעשפּירט דאָס שלעכטס. ווײַ־נערמאַן האָט דאָס אויך געפילט.

בײַנאַכט אין דער סיבירער קרעטשמע האָט ער זיך אויף איר געוואָרפן. מאירן האָט אַ געשרײַ איבערגעריסן דעם שלאָף. ער האָט

זיך א כאפ געטון פון דער באנק — דער אפיציר האט געריסן פון איר דאס קלייד, וועש האט זיך א ווייס געטון, נאקעט ליב און — א געשריי!...

ווייס ליב פון א יינגער רעוואלוציאנערין. א חיה פליקט א קינד.

— האב איך אים דערהרגעט...— זאגט מאיר זייער רויק און זייער אומשולדיק.

ער דערמאנט זיך:

— אז איך האב אים דערהרגעט, האב איך געזאגט צום עלטסטן: „קאנסט מיך אנטון אין קייטן".

אזוי ווי ער וואלט איבערלייענען שפינאזאס א פאראגראף.

דעם ריכטער איז געווען קאלאמוטנע. ער האט זיך א בייזער געטון:

— מ'עט דיך פארמשפטן אויף אייביקע קאטארגע.

— איך פארשטיי, איך פארשטיי...— האט מאיר גערעדט גע־ציילטע ווערטער — איך גלויב, אז עס וועט קומען אן אנדער גע־ריכט און וועט אויסגעפינען, אז איך בין אומזיסט געשטראפט געווארן.

דער משפט איז דערגאנגען צו זיין סוף. דער ריכטער האט עפעס אפגעשארט פון טיש און צונויפגעלייגט פאפירן. דער סעק־רעטאר האט א רוק געטון דעם צלם. דער פארזיצער האט געזאגט מאירן:

— ווילט איר עפעס זאגן? א לעצט ווארט? וואס, איבעריק?...

מאיר איז א ווײלע געזעסן, זיך געישובט, צי לוינט עפעס צו זאגן. ער האט זיך דאך צום סוף אויפגעהויבן — א דארער, א בלייכער, א פארוואקסענער האט ער אויסגעזען, ווי א בעל־מקובל. ער האט גערעדט:

—די חיה, וואס האט געהאט א מענטשן־נאמען, האט געוועלטיקט איבער אונז, האט געהערשט מיט קאנדאלן און שמיץ. איך האב געזען א וואלף צעפליקט א צארטע פרוי. האב איך דאך געמוזט זי ראטעווען.

— איך וועל ביי אייך אפנעמען דאס ווארט. איר רעדט נישט צו דער זאך.

מאיר האָט גאָרנישט געהערט, וואָס דער ריכטער האָט אים געזאָגט, זיינע ווערטער זענען גאָר צו אים נישט דערגאַנגען.

— דער אָפיציר איז אָבער דאָך נישט געווען אַליין אינגאַנצן שולדיק..— האָט מאיר געזאָגט — ער איז אויך געווען אַ קרבן. אונז אַלע איז באַקאַנט, ווי אַזוי מען האָט אין פּעטערבורג מאַנס געווען די ווערטראָווא. ווי אַזוי מען האָט אין טוכאַרעצק מאַנס געווען די זלאַטאָווא, ווי אַזוי מען האָט געשמיסן די פּאָליטישע פּאַרשיקטע סיגידאַ און עטלעכע פון אירע חברים האָבן זיך גענומען דאָס לעבן. ווען איך דערלאָז מאַנס זיין ווײַנערמאַנען, וואָלט מיר אויך געבליבן צו טון דאָס זעלבע, וואָס סיגידאַס חברים...

— אָבער צו דער זאַך, איר דאַרפט ענדיקן...

— אָט ענדיק איך, הער ריכטער — הלמאי זאָלט איר זיך איילן, ווען איך אייל מיך נישט?... — ווייסן מיר דאָך, נישט אמת הערן ריכטער, אַז פּירשט אָבאָלענסקי האָט געשמיסן די פּויערים פון כאַרקאָווער און פּאָלטאַווער גובערניע, אַז פאָן-וואָל האָט געשמיסן אין ווילנע די דעמאָנסטראַנטן פון „פּערווי מאַי״, אַז דער גענעראַל קאָוואַלאָוו האָט געשמיסן דעם דאָקטאָר זובאַסאָוו...

— איך וועל צונעמען בײַ אייך דאָס וואָרט...

— הלמאי זאָלט איר זיך אויפרעגן, הער ריכטער? — אָט ענדיק איך דאָך.מען שמייסט, נישט געקוקט אויף געשלעכט, אויף עלטער, גאַנץ רוסלאַנד איז אַ תּפיסה. קיינער איז נישט זיכער, אַז מען וועט אים מאָרגן נישט שמייסן. און איר, הער ריכטער, זייט דען מיט זיך זיכער?...

— דאָס איז חוצפּה!... גענוג גערעדט!...

— דאָס איז טאַקע דער עיקר... — האָט מאיר פאָרגעזעצט— דער אָפיציר איז נאָר געווען דער אויסדרוק פון דער ווילקיר, וועלכע רינגלט אונז אַרום. מיט דעם ווילט איר דערשטיקן יעדן פרייען אָטעם, די קומענדיקע רעוואָלוציע. צו דעם זענען פּאָגראָמען, איז די מלחמה אויפן ווייטן מזרח...

נישט אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד, איך האָב מיט דעם אויך נישט

— געענדיקט!...

— נאָך איין וואָרט, הער ריכטער. איך האָב אים דערהרגעט

געמיינט צו דערהרגענען די זעלבסטהערשאַפט. איך האָב עס גע־האַלטן פאַרן איינציקן מיטל צו פאַרהיטן מיינע חברים און זיך פון געוואַלד און שאַנדע. איך האָב עס געטון מיט אַ קלאָרן קאָפּ. איצט קאָנט איר מיך משפטן. עס וועט קומען אַ צייט, ווען אַ מעכטיקער שטראָם..

— גענוג!... איך נעם צו ביי אייך דאָס וואָרט!

מאיר דער ווייסער האָט זיך איצט אָראָפּגעזעצט. זיין אַדוואָקאַט איז געווען צורודערט. ער האָט צו אים געזאָגט:

— מיט אייער רעדע האָט איר זיך אומגליקלעך געמאַכט.

— איר האָט אַ טעות — האָט געענטפערט מאיר — איך פיל מיך איצט גליקלעך.

דרייסיקסטעס קאַפּיטל

## וואַראַניעזש, פּעטערבורג און מאַסקווע...

פון וואָראָניעזש ביז זשענעוו איז — פאָלג מיך אַ גאַנג.

איצט אָבער, ווען אַלעקסאַנדער האָט אין זשענעוו געלייענט די בריוו, וואָס זענען אָנגעקומען פון נח׳ן, און וולאַדימיר האָט געגרייט דעם לויפנדיקן נומער פון די „לעצטע פּאַסירונגען" — די אויסגאַבע פון אויסלענדישן קאָמיטעט, — האָט אויסגעזען, אַז אָט קאָן מען וואָראָניעזש דערלאַנגען מיט דער האַנט. מען האָט דאָ געקאָנט הערן דאָס קלאַפּן מיט די הענט און פיס אויף דער וואָראָ־ניעזשער פאַרזאַמלונג. מען האָט אַזוי ווי דייטלעך געהערט די שטימע פון דער פּרווי. צי איז זי נישט געווען דאָ אין זשענעוו, אָדער אין בערן? צי איז זי נישט אָפּגעפאָרן פון דאַנען מיט אַ טשעמאָדאַן, וואָס האָט געהאַט אַ טאָפּלטן דעק?... —

עס איז געווען אין וואָראָניעזש אַ פאַרזאַמלונג לכבוד די זעמסקי־טוער, וואָס זענען געקומען פון זעמסקן צוזאַמענפאָר. דער עולם איז געווען אַ געמישטער, שטאָטישע אינטעליגענץ, מענטשן

פון דער זעמסקער אופראווע. עס זענען געווען פארשטעקטע סאָ־ציאַליסטן, עסערן.

אין רוים פון זאַל איז געהאַנגען דערוואַרטונג, אַט די דער־וואַרטונג, וועלכע איז געשטאַנען אויף אַלע גאַסן פון רוסלאַנד. עס האָט גערעדט איין רעדנער, א צווייטער. מען האָט זיי געהערט, אָבער מען האָט געוואַרט אויף עפּעס מער. מען האָט גערעדט וועגן פרילינג. אַז ס'קומט פרילינג אין רוסלאַנד. עס וועט הערשן די פרייהייט. רוסלאַנד וועט רעפאָרמירט ווערן. עס וועט קומען וווילשטאַנד. עס וועלן וואַקסן די שטעט. מען וועט בויען די אינדוסטרי. פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט. —

— און אזוי ווייטער...

זאָגט דער פאָרזיצער, ד"ר קאַלאַבאַקין:

— דאָס וואָרט האָט דער הער קאַריאַקין דער אדוואָקאַט...

הער קאַריאַקין איז נאָך א ייִנגער מאַן. ער האָט שוין אָבער אַסך שיינע רעדעס געהאַלטן אין וואָראָנעזשער געריכט. ער האָט פאַרטיידיקט פּאָליטישע. זיין רעדע האָט ער אָנגעהויבן מיט א געדיכט:

פאַרשמידט איז ער געווען —
אָבער דעם מעטאַל פון זיינע קייטן
האָט שוין לאַנג פאַרפוילט!
צעפלויגן וואָלטן זיי, די קייטן,
ווען נאָר א שטאַרקן שלעפּ
געוואַגט וואָלט ער צו טון.
געדענקט האָט ער, אַז אַמאָל
אין די קייט שטאַרק געווען,
בייקומען זי האָט זיין האַנט
קיינמאָל נישט געקאָנט.
אויף זיין גורל האָט ער זיך געקלאָגט,
אָבער א שטאַרקן ריס טון
האָט ער נישט געוואַגט.
אָבער דעם מעטאַל פון זיינע קייטן
האָט ער שוין לאַנג צעפליקט!...

דער אדוואקאט קאראקין האט אפגעזאגט דאס געדיכט מיט א ווייכן באריטאן, ארייגנעלייגט אין יעדן ווארט די ווייכקייט פון בוימאייל, פארענדיקט די לעצטע שורות שטיל, אבער געגוג שטייף. און אין דער שטייפקייט איז געלעגן א ביסעלע מעלאנכאליע, ווי זי איז דא אין א שיפל, וואס שווימט אויפן וואסער צום זון־אונ־טערגאנג.

— אבער מיינע הערן! — האט זיך דער אדוואקאט א כאפ געטון — עס איז געשען א זאנדערבארע זאך! עס איז געקומען צו פליען א שוואלב, זיך ארא פגעלאזט אויף די קייטן, זיי לייכט א ריר געטון מיט די פליגלען און, צעפוילטע, זענען זיי, די קייטן, זיך פונאנדערגעפאלן, און ער דער געשמידטער, איז באפרייט געווארן!... איך הויב אויף מיין שטימע פון דער פרייהייט!...

בראווא! — א גרויסער טייל פון עולם איז צופרידן. דער משל איז גוט און מען פארשטייט דעם נמשל. מען פאטשט.

— מיינע הערן!... מיינע הערן!... — בירגער!... חברים!...— האט זיך געהערט פון דער טריבונע א הויכער פרויען־קול — אזעל־כע מעשהלעך זענען גוט פאר קליינע קינדער. די קייטן זענען נישט צעפוילט, נאר מען דארף זיי צעהאקן מיט כח, מיט אייזנס, מיט העק. נישט קיין שוואלבן וועלן דאס טאן מיט זייערע פליגלען, נאר די געקאוועטע אין קייטן מוזן זייערע קייטן צערייסן! מיר אלע זענען געקאוועטע אין קייטן!... שוין דריי דורות, ווי מיר רייסן די קייטן. צוליב דעם זענען מיר געגאנגען אויף תליות, פינסטערן אין די טורמעס, וואגלען איבער סיביר!... מיינע הערן!... מיר מוזן ריידן קלארע ווערטער: מיר מוזן צעברעכן די זעלבסטהערשאפט, פארויס אין קאמף גייט דער אוואנגארד פון דער געזעלשאפט — דער אר־בעטער־קלאס, נאך אים מוזן גיין אלע, וואס האסן די ארדנונג פון דעספאטיע, אלע, וואס ווילן נישט שמאכטן אין דער גרויסער תפיסה, וואס הייסט ראססיא!... נידער מיט דער זעלבסטהערשונג! זאל לעבן די רעוואלוציע!...

עס האט אויסגעבראכן א שטורעם. ווער פאטשט בראווא און ווער קלאפט מיט די הענט אן טיש, ווער עס שרייט, ווער עס טופעט מיט די פיס, מען רוקט מיט די שטולן, מענטשן לויפן צו דער טרי־

בונע, אנדערע לויפן צו די טירן, ביי דעם פּאַרזיצער פון דער זעמ־סקער אופּראַווע האָט זיך אָפּגעשפּילט פון אונטערן קראַגן דער לאַנגער שוואַרצער שניפּס און זיך אַראָפּגערוקט אַראָפּצופאַלן. מען קלינגט מיטן גלעקל, עמיץ שרייט:

— אָבער מיינע הערן, אָבער, זאָל מען מאַכן אָרדנונג, מיינע הערן!...

פון וואָראָנעזש ביז זשענעוו איז טאַקע — פּאָלג מיך א גאַנג, זיבער דאָ אין זשענעווער צימער לאַכט הארציק אַלעקסאַנדער אין עס דוכט זיך, אַז ער זעט און הערט די וואָראָנעזשער פאַרזאַמלונג, און — צי געדענקט נישט, וולאַדימיר, אָט די וואָראָנעזשער סטו־דענטין די הויכע און טונקעלע, וואָס פלעגט רעדן מיט אזא הויכער שטימע און איז אָפּגעפאָרן מיט א טשעמאַדאַן, וואָס האָט געהאַט א טאָפּלטן דעק?... —

* * *

און אָט איז מיטן האַנט צו דערלאַנגען צום גרויסן זאַל פון די טעכנאָלאָגן אין פּעטערבורג.

אין פיר באַזונדערע זאַלן זענען געווען „אָוונטן". אין אַלע זאַלן — פול געפּאַקט. מען האָט זיך מער נישט געקאָנט אריינ־שפּאַרן. נישט געווען קיין ערטער ווי צו שטיין. פעשאַכאָנאָוו האָט גערעדט וועגן דער דעמאָנסטראַציע פון די סטודענטן און פון דער שרעקלעכער לאַגע פון די פּויערים. עס מוז דאָך, מיינע הערן, אַמאָל קומען די אומבאַרירלעכקייט פון דער פּערזאָן, די פּערזענלעכע פריי־הייט... אויך דער פּויער מוז דאָך ענדלעך באַקומען זיין ערד... ווער קאָן דאָס זאָגן, אַז די ערד איז זיינע און נישט דעמס, וואָס באַאר־בעט זי?...

עס האָט גערעדט סוואַטיקאָוו, דער פילאָזאָף. ער האָט געהאַט א ווייכע, ציטערדיקע שטימע און די ווערטער זענען נאָך געווען נידריקער, ווי די שטימע זיינע:

— איך בין געווען אַן עדות פון דער שרעקלעכער הריגה... איך בין אליין געשלאָגן געוואָרן און נאָר וואָס קום איך פון אַרעסט... עס איז שווער, טייערינקע, צו קומען צו זיך... מיר זענען צעקריגט

צווישן זיך, עס איז הערשט די פּאַרטיי־איינזייטיקייט, ווען עס איז די צייט אויף אחדות...

ער האָט נאָך גערעדט וועגן מענטשן און וועגן מענטשס נשמה, און ער האָט פאַרענדיקט:

— זאָל לעבן יעדער ערלעך־קעמפנדער מענטש!...

דער זאַל האָט געשריען: „זאָל לעבן"! עס זענען געווען שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. צו דער טריבונע זענען געגאַנגען נאָך רעדנער. אויפן בימה איז שוין געשטאַנען וואָלקענשטיין, וועלכער איז נאָר וואָס געקומען פון פאַרשיקונג. ער האָט גערעדט מיט אַ מעכטיקער שטימע. אַ שטאַרקער באַס האָט געקלונגען איבערן זאַל, ער האָט גערעדט וועגן דעם, אַז רוסלאַנד ברענט.

— בלאָזט פונאַנדער דאָס פייער פון דער רעוואָלוציע!...

די גאַנצע מאַסע איז געווען, ווי עלעקטריזירט. טויזנט מענטשן האָבן דערזען דעם שיין פון דער רעוואָלוציע.

אין מיטן האָט זיך דערהערט אַ געזאַנג, וואָס איז געקומען פון אַ צווייטן זאַל. באַלד האָט זיך די טיר געעפנט און — זע דעם וואונדער! — אין דעם זאַל, וווּ קיין מענטשן האָט מער נישט געקאָנט אריינקומען, איז געוואָרן פּלאַץ פאַר אַ צוג, וואָס האָט אריינמאַרשירט אַהער מיט — רויטע פענער!...

רויטע פענער און — מאַרסעלעזע. נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט! נידער מיט דער מלחמה!... נידער!...—

די טויזנט מענטשן פון דעם זאַל האָבן געהילכט מיט בראַוואָ. לאָמיר אַלע צוזאַמען!... לאָמיר!... —

עס איז געווען אַזאַ התלהבות, אַז פרעמדע מענטשן האָבן זיך געכאַפּט קושן.

— ברענגט די פענער צו דער טריבונע!...

ווי קומט מען־צו צו דער טריבונע? — האָט מען איבערגעגעבן די פענער פון האַנט צו האַנט פון מענטש צו מענטש. זענען די פענער געגאַנגען צווישן און איבער דער מאַסע. אויף דער טריבונע איז געשטאַנען אַ מענטש מיט אַ גרויען קאָפּ און גרויער באָרד. צי איז דאָס אַ זקן פון אַ דאָרף, צי אַ פּראָפעסאָר פון אַסטראָנאָמיע?... —

— אזוי פירט מען זיך אין ענגלאנד — האָט דער זקן הויך געזאָגט — די פענער שטעלט מען אוועק אויף דער בימה...

זענען אלע פענער געשטאַנען אויף דער בימה. טויזנט מענטשן האָבן געזונגען די מארסעלעזע.

נאָכדעם האָט מען נאָך העכער געדופן:

— זאָל לעבן יעדער מענטש, וואָס קעמפט ערלעך קעגן דער זעלבסטהערשונג און ביוראָקראַטיע!....

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

— הער זיך איין... — האָט געזאָגט אַלעקסאַנדער — עס איז צייט זיך צו קלויבן אהין.

— מ'עט צוווייסן טון, וועט מען זיך פעקלען... — האָט וולאַדימיר געענטפערט.

* * *

מאָסקווע. טווערסקאַי בולוואַר, גרויסדימיטריוווקע, קוזניעצקי מאָסט, איליינסקאַיאַ וואָראָטאַ, גרויס-ניקיטסקאַיאַ, ארבאַט, סמאָלענסקי באַזאַר... — איבער די גאַסן לויפט אַ גערעג און אַ געשלעג. פענער. געזאַנג. שיסעריי. עס פאַלן פאַרוווּנדעטע. אַ טויטער סטודענט. אַכט הונדערט דעמאָנסטראַנטן זענען ארומגערינגלט פון קאָזאַקן. מען שלאָגט מיט די שווערדן. גרופן צעטיילן זיך, רייסן זיך דורך און פאַרייניקן זיך ווייטער. שטייט אין מיטן טווערסקאַי בולוואַר אַ סטודענט מיט אַ בלאָנד בערדל, מיט אַ צעשניטן מאַנטל אויף דער העלפט, מיט אַ קאָפּ, וואָס איז בלויז אויגן און בלוט. הויז-סטרוזשעס שלאָגן מיט שטעקנס און קאַסטעטן. מען שלעפּט איינצעלנע דעמאָנסטראַנטן אין די טויערן. מען שלאָגט ביז אָנמאַכט. עס לויפן סאָלדאַטן. מען פייפט. אַ באָמבע האָט אויפגעריסן. שויבן פליען פון די פענסטער.

די קאָזאַקן זענען שכּור. די הויז - סטרוזשעס אויך. דעמאָנסטראַנטן-גרופעס רייסן זיך דורך הינטער-גאַסן... — —

— — — — — — — — — —

— די סוואָלאַטשעס האָבן אין די אוטשאַסטקעס געשלאָגן

פארוואונדעטע, פון פרויען האבן זיי אראפגעריסן די קאפטלעך... — האט געזאגט וולאדימיר.

— עס וועט צוגעשטעלט ווערן צום חשבון... — האט אלעקסאנדער געענטפערט.

איינאונדרייסיקסטער קאפיטל

# ווי בעת דער פראנצויזישער רעוואלוציע

אויפן ראג גזשיבאווסקע און גראניטשנע, אין ווארשע, יאגט זיך ווארשעווער האנדל מיט רוסלאנד. דא פארקירעווען זיך דראגגאווע וועגנער, דראזשקעס מיט סחורה און סוחרים צום ווינער וואקזאל. גאלאנטעריע און אייזן שורשעט און רודערט דא צוואנציק שעה אין מעת־לעת. דא לויפן פארביי א העלפט פון רוסלאנד׳ס גאלאנטעריע און אייזן־סוחרים. פורמאנעס האווען, טרעגערס שרייען, דראזשקאזשעס קנאקן מיט די בייטשן. יידן אין קאפלען, אין קאפעלושן, קורץ געקלייטעטע, שווארץ־בערדיקע און געל־בערדיקע, וזייבער־סוחרטעס, טעכטער־בעריעס, וואיאזשארן, פעק און זעק, קאסטנס און טשעמאדאנעס... דאס איז דאס פליסנדע בלוט פון דער נייער עפאכע, פון רוסלאנדס קאמערציע. פון דאנען לויפט מען פארשמייעט קיין וולאדיוואסטאק, קיין באטום, קיין מאסקווע, קיין ווילנע... — ווי עס וואלט מיטלויפן די גזשיבאווסקע און דער אייזערנער טויער, די ברוק, די הייזער. שנעלער, שנעלער!...

ווערט האט גאר געקאנט חושד זיין, אז אויף איינעם פון די דארטיקע הויפן געפינט זיך די הויפט־דרוקעריי פון „בונד״? — ווער ווייסט עס דען, אז שוין דריי טעג און דריי נעכט דרייען זיך דא כסדר די וואליקעס און דרוקן, און מען טראגט ארויס כסדר פעק און פעקלעך. מען מאכט דאס אזוי בריש גלויה, אז טרעגערישע וועגעלעך פארן צו און פאקן ארויף סחורה פון דעם שווארצן איינבינדער, וואס וווינט דא אויפן הויף. —

— הונדערט פופציק טויזנט שטיק!... — האט דער „פארמיטלער״ פון צעקא אנגעזאגט.

אזוינס איז נאָך נישט געווען!

* * *

דרוקן זיך די שורות:

— ,,דער גרויסער טאָג איז געקומען! עס איז געקומען די רעד־וואָלוציע! זי האָט זיך אָנגעהויבן אין פעטערבורג. חברים! אָדער זיגן, אָדער — שטאַרבן! אָדער באַקומען פרייהייט, אָדער טויט"!...

ליזע, הארציקע ליזע! וואָס זאָגסטו, דרוקערין פון דער רעוואָ־לוציע!...

זי וואָלט נישט אויפגעהערט צו דרוקן טאָג און נאַכט, נאַכט און טאָג.

און מיט דער לעצטער פּראָקלאַמאַציע, וואָלט זי אַרויס פון דער טיר און אָט אַזוי גלייך מיט איר שוואַרצן קאָפּ און מיט די גרויסע אויגן — אויף דער פעטערבורגער באַריקאַדע!...

און חיים, וואָס טראַכסטו זיך אַזוי, חיים, ביים פּאַקן די פּעק־לעך פּראָקלאַמאַציעס? —

,,דריי הונדערט טויזנט אַרבעטער זענען אַרויס אויפן גאַס צו פאָדערן פרייהייט, צו קעמפן פאַר פרייהייט, צו שטאַרבן פאַר דער פרייהייט"!...

אַרויס אויף דער גאַס. חיים ליגט שוין דאָ מער ווי אַ יאָר. נאָר אָט גייט ער, חיים, אויך אַרויס. אָט אַזוי מיט אַלע פּעקלעך אויף דער גאַס.

—,,באַפּאַלט די מאַגאַזינען, וווּ מען קויפט געווער, זאָל יעדער זיך נעמען ווער אַ ביקס, ווער אַ רעוואָלווער, ווער אַ שווערד, ווער אַ האַק, ווער אַ מעסער!"...

הויבט אויף חיים זיין באַוואַקסן פּנים פון די פּעק אַרויס און זאָגט אַזוי:

— אפשר איז עס, ליזע, צום לעצטן מאָל?

— וואָס ,,צום לעצטן מאָל"?...

— אָט די פּעקלעך מאַכן...

ענטפערט אים ליזע אַזוי ווי זי וואָלט ריידן פון איינפאַכער מאַטעמאַטיק:

— א רעוואָלוציאָנער דאַרף זאָגן פאַרקערט: „צום ערשטן מאָל", תּמיד, ווי ער וואָלט איצט אָנהויבן.

* * *

די פּראָקלאַמאַציעס האָט מען פּאַרטיק געמאַכט. מען האָט זיי צוויי מעת־לעת געטראָגן פון דרוק. מען האָט זיי אָפּגעטראָגן צו „מאַלינעס" אין האָטעל־צימערן, דורך דער עקספּעדיציע „נאַדעזשדאַ" האָט מען געשיקט קוישן אין גאַנץ רוסלאַנד. אין דרוק איז שטיל געווען און מען האָט איצט געקאָנט זאָלבע צווייט ריידן וועגן דעם, וואָס דאָרט איז געשען. שטייט דאָס אַלץ לעבעדיק פאַר די אויגן אין די דריי צימערן פון דער אונטערערדישער דרוק

פעטערבורג. הינטער נאַרווסקע זאַסטאַווע, ווו עס איז דער גרויסער פאַבריק־געגנט, אויפן פעטערבורגער שאָסיי, האָבן זיך צו־נויפגעזאַמלט אַרום 10 א זייגער אין דער פרי פינפאונדרייסיק טויזנט אַרבעטער. זיי האָבן זיך געלאָזט צום קייסער, צו זיין ווינ־טער־פּאַלאַץ, מיט א פּאַפּיר. אין שפּיץ זענען געגאַנגען גלחים, צלמים, הייליקע בילדער, פּאָרטרעטן פון קייסער.

— האָט דער קייסער אויפגענומען מיט א האַגל פון קוילן...— זאָגט ליזע.

— האָבן די קוילן צעשאָסן ראָמאַנאָווס פּאָרטרעט און זיינע אייגענע צלמים... — ענטפערט חיים.

קרעכצן, געשרייען, צאָרן־גוואַלדן, טויזנטער בלוט־גוואַלדן גיסן זיך צונויף אין א בלוטיקן שטראָם. עס שפּאַרט אין די גאַסן און געסלעך. מען רייסט זיך אין שטאָט אריין, אין צענטער. דורך נעווסקי, גאָראָכאָוואַיאַ, דורך אַלעקסאַנדראָווער גאָרטן רייסן זיך המונים צום פּאַלאַץ־פּלאַץ, צום ווינטער־פּאַלאַץ. —

עס איז מיטן טאָג. צוויי א זייגער. דער אַלעקסאַנדראָווסקי גאָרטן איז פול מיט צענדליקער טויזנטער. מענטשן און קינדער הענגען אויף די בוימער, זיצן אויף צווייגן. דער גאָרטן איז אַרומ־געריננלט מיט מיליטער. הונדערט טויזנט מענטשן, און — ס'איז שטיל. אַלע דערוואַרטן עפּעס וויכטיקעס אין דער מינוט. באַלד וועט מען גיין צום קייסער. מער נישט געקאָנט ליידן. מוז מען עפּעס טון קעגן דער אָרימקייט פון פאָלק. מוז מען געבן פרייהייט דעם קאַמף

פון ארבעט און קאפיטאל. אלע אן אויסנאם מוזן זיין גלייכע פארן געזעץ, זאל מען ארויסלאזן פון די טורמעס אלע, וואס זיצן דארט פאר זייערע איבערציינגונגען. פרייהייט פון מענטש, פון פארזאמלונג, פון ווארט. אפשאפן דעם פאנשטשינע־שטייער... — — — — — —

עס איז שוין פינף מינוט נאך צוויי. אין דרויסן איז נאך שטיל. באלד וועט מען זאגן מען זאל גיין צום קייסער

וואס לויפן דורכן גארטן די רייטער זעלנער, ווי די מחבלים? — וווהין לויפן זיי? — וואס קלאפט א פויק טרעוואגע? — קומט דער קייסער אהער?... —

— טאך — טא — רא — ראך!...

צוויי זאלפן. איין זאלפ לויפט אין אלעקסאנדראווסקי גארטן. א צווייטער זאלפ לויפט צו נעווסקי. די מאסע האט א ציטער געטון.

— טויטע!...

— פארוואונדעטע!...

האט די מאסע ווידער א ציטער געטון. גאנץ ראסיא מיט אירע סטעפעס און שטעט, מיט אירע שענקען און סאבארן האט אין דער היסטארישער סעקונדע א ציטער געטון. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איז ראסיא אוועק כאדארם.

פון פעטערבורג האט אין גלאקן געקלונגען איבער גאנץ רוסלאנד, אין נישט געזעענע גלאקן: „מיר ווילן ברויט און ער גיט אונז א שטיין"!...

אין די פארשטעט, אין די פאבריקס־גאסן, אויף די הויפן האבן אומבאקאנטע רעדנער געהאלטן רעדעס און די מאסע האט געדונערט מיט „הורא". נידער מיט דעם קייסער!... נידער מיט דער זעלבסטהערשאפט!... — הורא! מיר וועלן זיך נישט אפשטעלן פאר שווערדן און ביקסן, פאר שיכורע זשאנדארן און קאזאקן!... הורא!...

פארן דראזשקעס מיט מיליטער־לייט, שטעלט מען אפ די דראזשקעס און מען נעמט צו ביי די אפיצירן זייער געווער און מען רייסט אראפ זייערע שליפעס. יענע געבן נאך אין איין פחד.

דעמאָנסטראַציעס ברעכן אויס סטיכיש. קומט א געשלעג מיט מיליטער. טרעפט, אז א ראָטע זאָגט זיך אָפּ צו שיסן, טראָגט מען די זעלנער אויף די הענט: היי ברידער זעמליאַקעס!... — און מען קושט זיך, און מען נעמט זיך אַרום. אויף „וואַסילעווסקער אינזל״, אין פּעטערבורג, האָט מען אויסגעריייניקט א סקלאַד פון געווער, מען האָט צונויפגעשלעפּט קאַסטנס און קלעצער, טעלעגראַף־און טעלע־פאָן־סלופּעס און געמאַכט א באַריקאַדע. — — — — —

— הערסט, ליזע, די פאָנען־טרעגער האָט מען פון די באַרי־קאַדן אַראָפּגענומען אויף די שפּיזן פון די ביקסן...

— אזוי ווי אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע...

* * *

נח האָט אַרויסגערופן ישראל־מיכלען קיין ווארשע:

— די רעוואָלוציע האָט זיך, ישראל־מיכל, אָנגעהויבן, דאַרף מען זיין ביי דער צענטראַלער דרוק.

צוויי און דרייסיקסטעס קאַפּיטל

# הירשן פון באַגינען

ווי עס לויפן אין די מעשהלעך הירשן איבער די בערג אין די באַגינענס, אזוי זענען געלאָפן די שטאַפעטן איבערן לאַנד, וואָס איז א זעקסטער טייל פון דער ערד. זיי זענען געלאָפן איבער די טעלע־גראַף־דראָטן, איבער די טעלעפאָן־סלופּעס, מיט די רעדער פון די לאָקאָמאָטיוון, איבער די ווייסע בויגנס פון די צייטונגען, געלאָפן אין שטעט און דערפער:

— עס איז געשען... עס איז געשען...

די פּרעלודיע פון דער רעוואָלוציע. אין זעקס טויזנט מייליקן ריזן־זאַל, וווּ די היסטאָרישע דראַמע וועט באַלד אויפגעפירט ווערן, האָט זיך דערוויל פאַרנומען דער אָרקעסטער מיטן פאַרשפּיל.

קוילן און בלוט. סווישטשענדיקע קוילן אין חלל, שטומע בלוט

אויף דער ערד. דער טאָג און די פּאַרב פון דער פּרעלודיע פון דער רעוואָלוציע.

אין ריגע האָט מען אומגעשליידערט די טראַמוויַיען און אָפּגעשטעלט די פאַבריקן. אכט טויזנט מאַן זענען ארויס אין שטרייק פון קוזניעצאָווס פאַבריק. דער עולם איז דאָרט אויסגעוואַקסן אין פופציק טויזנט.

— מ'עט זיי וויַיזן , ווי צו שיסן אין פעטערבורג!...

מעכטיקער, ווי דער המון, זענען געווען די רויטע פענער. האָבן געשאָסן די סאָלדאַטן אין די פענער אריין, אַזוי האָט זיי געהייסן דער אָפיציר. זענען געפאַלן זעכציק טויטע. האָט מען אויפן אָרט דערהרגעט דעם פּריסטאַוו ביעלאָוו מיטן קליינעם, גרויליכן בערדל. פּאָליציי האָט צונויפגענומען די פאַרוווּנדעטע. איז דער המון באַפאַלן די פּאָליציי און זיך געשלאָגן פאַר די פאַרוווּנדעטע:

— מערדער, אַהער די קרבנות!... זיי זענען אונזערע!...

האָט פּאָליציי נישט געוואָלט זיי ארויסגעבן. אָבער דער המון האָט גובר געווען. האָט מען די טויטע און פאַרוווּנדעטע געלייגט אין שליטנס. עמיץ האָט אויסגעשריגן:

— אַראָפּ די היטלען פאַר די געפאַלענע העלדן!...

האָט דער מעכטיקער המון אַראָפּגענומען די היטלען און געשריגן:

— נידער מיט די מערדער!...

— נידער מיטן צאַר!...

אויף מאַרינסקער גאַס האָט מען דערשאָסן אַ פּאָליציאַנט. אַלע קראָמען האָט מען פאַרשלאָסן. דער צוג פון די טויטע און פאַרוווּנדעטע איז געגאַנגען איבער דער גאַס.

* * *

אַ גאַנצער מעת־לעת האָט געדויערט ביז דער ווידערקול פון פּעטערבורג האָט זיך דערטראָגן ביז וואַרשע. עס איז שוין געווען אָוונט, ווען אויף דער בערזע האָט מען געטיילט די פּראָקלאַמאַציעס פון „בונד":

— דער איצטיקער קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג איז אַן

אַנטשיידענער. טרעט אַרויס צום פּראָטעסט קעגן דער פּעטערבור־גער שחיטה!...

„אַ שטרייק!" — דאָס וואָרט איז געלאָפן מיט טויזנט שאַרפן און גלאַנצן. מאָרגן וועט וואַרשע שטרייקן!..

פון וואַנען איז ער געקומען דער פּיבער? — ווייסט נישט ווער. ער קומט פון רוים, ער קומט פון ווייטנס און פון דער נאָנט. אַ גאַנצע נאַכט האָט וואַרשע געפיבערט. און אויף מאָרגן — דאָס איז געווען פרייטאָג — איז אויסגעבראָכן דער שטרייק!

פון פאַבריק צו פאַבריק, פון וואַרשטאַט צו וואַרשטאַט, יידי־שע און פּוילישע אַרבעטער זענען געגאַנגען גרופּעסווייז און אָפּ־געשטעלט די אַרבעט, אָפּגעשטעלט די פאַבריקן. סירענעס האָבן געפייפט צו להכעיס, טראַציק, גלאָפן אָנזאָגן אַ שמחה די וואָלקנס. עס איז געוואָרן אַ בהלה אויף ברויט. אויף וואָליע האָט מען צע־ראַבירט ברויט פון דריי בעקערייען. אויף נאַלעווקי האָט מען אויסגעשפּאַנט די פערד פון טראַמוויי און געלאָזט שטיין די וואַ־גאָנעס אויף מיטן גאַס. די לאַנגע ריי פון די אָפּגעשטעלטע טראַם־וויי־וואַגאָנען האָט אַזוי ווי איבערגעקערט די גאַס. נישט וואַגאָנען שטייען אויף מיטן, נישט אַהער און נישט אַהין, נאָר — דאָס לעבן האָט זיך געשטעלט. אויף דעם בוגיי האָבן סאָלדאַטן גע־שאָסן. מען זאָגט, אַז מען האָט דערשאָסן צוויי אַרבעטער, זובט דער עולם, וואָס צו טון — האַקט מען אויס די שויבן פון די טראַמווייען, שטעלט מען אָפּ די דראָשקעס און מען נעמט אַראָפּ די פּאַסאַזשירן. מען פליקט די דראָטן פון די טעלעפאָנען־סלופּעס. גאַסן־יינגלעך האָבן אויך וואָס צו טיסעווען! — מען צעקנאַקט די מאָנאָפּאָל־געוועלבער, מען שליידערט מאָנאָפּאָלקעס אויף די שטיינער און מען צעגיסט דעם בראָנפן.

— אוראַ!...

— נידער!...

אַלע געוועלבער האָבן זיך שנעל געשלאָסן. אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן זענען צעטליקער טויזנטער אַרבעטער אויף די גאַסן. אין צענטער שטאָט איז ליידיק. שטיל. דאָ און דאָרט באַווייזן זיך קלענערע גרופּעס אַרבעטער און צעשמעטערן די גאַסן־לאַמטער־

נעם. אויף זשעלאזנע ברענט א מאָנאָפּאָל־געוועלב. קאָזאקן רייטן אויף פערד און קוקן אוים, ווארטן אוים. אין די ארבעטער־געגנטן זאמלען זיך גרעסערע מאסן. רעדנער שטייען אויף קאסטנס און ריידן. יעדעס וואָרט זעט איצט אויס, ווי א גראנאט. יעדעס וואָרט רייסט אויף, און דער עולם כאפט זיי מיט התלהבות.

אלט־ווארשע איז געשטאָרבן און עס איז אויפגעשטאנען א נײַ־ווארשע. אין דער שטילקייט פון מארשאלקאָווסקע און די אלייען קאָן מען הערן, ווי אלט־ווארשע לאָזט ארוים איר אָטעם. די ליי־דיקע קוימענס פון די פאבריקן זענען אויסרוף־צייכנס פון א נײַ־ער צייט.

פארנאכט־צו האָט זיך צוריק א כאפ געטון די גוסטדיקע ווארשע, א כאפ געטון, ווי א פארבלוטיקטע חיה. דעם צארס גענעראל האָט ארויסגעשיקט קאָזאקן, זיי זאָלן שיסן אָן רחמנות. אויף נײַע וועלט האָבן די קאָזאקן געהאקט מיט בלויזע שווערדן, געהאקט אין מענטשן, ווי אין קרויט. עס זענען געלאָפן איבער די טראָטוארן מענטשן מיט פארבלוטיקטע פנימער. די קאפיטעס פון די פערד האָבן אָפגעקלאפּט אין דער ליידיקער ברייטער גאס און אין זייער ווידערקול האָט אָפגעהילכט די שרעק און די רציחה פון דער שטארבנדער ראָססיא. אויף דזשיקע גאס זענען געלעגן צוויי טויטע ארבעטער.

האָבן זיך די ארבעטער א לאָז געטון צו געווער־סקלאדעס. אויף קרולעווסקע גאס האָט מען צענומען א געווער־סקלאד אין געציילטע מינוטן. די גאסן זענען איצט פארפלייצט מיט צוויי מח־נות — צענטליקער טויזנטער ארבעטער און טויזנטער סאָלדאטן.ביידע מחנות ווארטן. די ארבעטער אויף די טראָטוארן, די סאָל־דאטן — אויף מיטן גאס. דאָס קוקן זיך אין די אויגן אריין צוויי וועלטן.

די סאָלדאטן האָבן נישט אויסגעהאלטן — זיי שיסן. די אר־בעטער האָבן נישט קיין געווער, זיי ענטפערן — מיט שטיקער האָלץ, מיט אייזנס, מיט קנוילן שניי. די קאָזאקן שיסן נאָך די אנטלויפנדע, ווי מען שיסט אין הינער מיט צעשפרייטע פליגלען.

אין גאָס צערייסן ארבעטער די פראָקלאמאציעס:

— מיר ווילן נישט קיין פאפיר, גיט אונז — געווער!...

א גאנצן טאג שיסט דאס מיליטער. די שיסערייען הערן זיך פון פארשידענע זייטן פון דער שטאט. דא און דארט באפאלן גרופעס פארביטערטע ארבעטער איינצלנע קאזאקן, שלעפן זיי אראפ פון די פערד און „ליינן זיי אוועק". דא און דארט „לייגט מען אוועק" א גאראדאוואי.

אויף דזשיקע גאס איז געזעסן דער „אקטיוו" און איינער האט דארט אזוי געזאגט:

— אין דער ארבעטער־מאסע איז די ענערגיע נישט קלענער געווארן, די שטימונג איז נישט געפאלן, נאר עס זעט אויס, ווי אלע וואלטן זיך עפעס טיף פארטראכט. אלע שטייען פאר דער גרויסער אויפגאבע: וואס טוט מען?

— עס איז דא א מאסע, וואס איז גרייט אויף די גרעסטע קרבנות, ס'איז דא דער באוווסטזיין, עס איז אבער נישט מעגלעך צו דערלאזן צו ווייטערדיקע הריגות — וואס טוט מען?

דאס שיסן הערט נישט אויף א גאנצן טאג ביז שפעט אין דער נאכט.

דער גורל פון דער רעוואלוציע הענגט איבער דער גאס. דער דופק פון דער געשיכטע קלאפט שנעלער, פיבערנדיק.

* * *

דער שטרייק אין ביאליסטאק איז אן אלגעמיינער. די „קאנ־קע" שטייט אויך. אלע געשעפטן זענען געשלאסן. דער מיטינג קומט פאר אין מארטשיקער וועלדל. אין וואלד זענען אוודאי דא צען טויזנט ארבעטער — יידן, פאליאקן און דייטשן. דריי נאציעס, וואס זענען איינס. די רעדנער רייידן פון די בוימער אראפ. די אויסרופן פון די רעדנער ווערן אויפגענומען מיט שטורמען. שרייען צען טויזנט ארבעטער. שרייען אויס זייער פעס און זייער צער, שרייען אויס אזא אויסטערלישע פרייד:

— הייסט עס, אז מען האט אים געפאקט! הייסט עס, אז מען וועט אים באצאלן פאר אלץ, פאר אלץ!...

אט דער רעדנער, דער הויכער פאליאק, דער, וואס רעדט מיט אזא שווערע שטימע, וואס חזרט בסדר איבער נאך יעדן זאץ:

— אַטוזש... אַטוזש...

אַט דעריבער וועלן מיר זיך אָפּרעכענען פאר אַלץ, אַט דעריבער איז געקומען דער טאָג פון צאָלן, אַט דעריבער...

עס געפעלט דעם עולם: מען וועט זיי טאקע באצאָלן!... מען וועט זיי דערלאנגען אין דער זיבעטער ריפּ!...

— אָבער וואָס שטייט מען דאָ אין מארטשיק און מען רעדט, לאָמיר גיין אין שטאָט אריין!...

— טאָ לאָמיר גיין!...

דער עולם האָט זיך געלאָזט אין גאנג. נישט צען טויזנט זענען געגאנגען, נאָר, דוכט זיך, דאָס גאנצע לעבן, דאָס אייגענע, איז מיטגעגאנגען. ווי עס גייען מיט די וואָלקנס מיט די כוואַליעס פון ים.

— נידער מיט דער זעלבסטהערשונג!...

— נידער!...

— נידער מיט די ראָמאנאָווס!...

— נידער!...

מען גייט. מען איז שוין אין שטאָט. און עס גייען מיט די גאסן. עס גייען מיט די הייזער. גייט אַ פאָן פּאָרויס און פירט דעם עולם. נישטאָ איצט קיין אַלט און יונג, נישטאָ קיין גויים און יידן, נישטאָ קיין רעדנער און הערער — אַלץ איז איינס, אַלץ איז צוזאַמען. אַלץ איז גרייט אויף אַלץ!...

מען זינגט „אויף באריקאדן". עס איז נישט קיין געזאנג, נאָר אַן אויסגעשריי פון אַן עפּאָכע. אַזוי זינגט דער באגינען פון אַ נייער צייט.

מען זינגט די „מארסעליעזע". און אַזוי ווי עס וואָלטן דאָ מיטזינגען די שטורמער פון דער באסטיליע. איז געמישט חלום מיט וואָר צוזאַמען.

אין מיטן דערינען, אין מיטן גאנג, קושן זיך צוויי וועבער פון טריילינגס פאבריק. אַן אַלטער פּאָליאק און אַ מיטליאָריקער ייד.

— וואָס זאָגסטו, סטאך, אַ, וואָס זאָגסטו?...

— אַי, בערקאַ, בערקאַ!...

דאָרט, וווּ די ליפּאָווע גאַס פארקירעוועט זיך אין דער ניקאָ-

לאיעווער, ווו עס איז מוראוויאָווס געשעפט, איז דער צוג געבליבן שטיין. אין די ווייטע, הינטערשטע רייען ווייסט מען נישט, פאַר־וואָס מען שטייט.

— וואָס איז דאָרטן?

— וואָס גייט מען נישט?...

— זאָל מען גיין צו דער טורמע!...

דאָרט איז די גאַס פאַרשפּאַרט פון קאַוואַלעריע. מיט דער קאַוואַלעריע איז אויך דער הויכער און דיקער פּאָליציימייסטער פולאַן. די קאַוואַלעריע רייט אַריין אין עולם. די מאַסע טוט אַ ציטער:

— האַלטן!...

— נישט לויפן!...

די מאַסע שטייט. קאַוואַלעריע אין דער מאַסע. ביידע שטייען איינע קעגן די אַנדערע. די צייט האָט פאַרהאַלטן איר אָטעם.

דאָ ביי מוראוויאָווס געוועלב, אין קווער פון ניקאָלאַיעווער גאַס, שטייט אַן אומבאַקאַנטער שוואַרצער יינגערמאַן, ער שטייט אויף עמיצנס אַקסלען און רעדט אויף דריי שפּראַכן מיטאַמאָל:

— חברים! דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן, וועלן מיר נישט ליינען דאָס געווער ביז אונזער נצחון!... טאָוואַרישטשי!... טאָוואַזשישע אי טאָוואַזשישקי!... —

אויפן צווייטן טאָג איז די מאַסע ווידער געקומען אין מאַר־טשיקער וועלדל. עס זענען געווען נאָך מער אַרבעטער, ווי דאָס ערשטע מאָל. עס איז געווען פעברואַר־חודש. דער וואַלד און די ערד זענען ווייס געווען. דאָס דערבייאיקע וואַסער איז געווען פאַרפרוירן. מען האָט אָנגעזאָגט, אַז אַרום וואַלד איז דאָ מיליטער. דער איספּראַווניק זיצט אין זיין קאַרעטע. די מאַסע האָט זיך אַ לאָז געטון — זאָל זיין, וואָס עס וויל זיך!...

מען גייט! עמיצער איז צוגעלאָפן צום איספּראַווניק, וואָס איז געזעסן אין זיין קאַרעטע מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט און אין אים אַריינגעהאַקט אַ פּאָר קוילן. די סאָלדאַטן האָבן געשאָסן אין דער מאַסע אַריין, זיי האָבן אין איר אַריינגעריטן מיט די פערד,

לויפנדיק איז מען געפאַלן איינער אויפן צווייטן. די סאָלדאַטן האָבן געשאָסן אין די מענטשן־קלומפּעס:

— נאַט אייך, בונטאָווטשיקעס, זשידי!... הינטישע זין!...

איינער פון די רעדנער, וועלכער האָט נישט לאַנג געהאַט גע־רעדט צום עולם פון בוים אַראָפּ, איז איצט געזעסן אויפן אייז מיט צעשניטענעם מאַנטל, מיט אַ פּנים אַ פאַרגאָסענעם מיט בלוט. ער האָט שניי צוגעלייגט צום פּנים, נאָך מער אים אויסגעשמירט מיט זיין אייגענעם בלוט און אויסגעזען, ווי אַ פּרוש פון אַן אַנדער וועלט. נעבן אים איז געלעגן אַ פּוילישער אַרבעטער מיט אַ גרויען קאָפּ, אין קאָפּ אַ קויל, און געשעפּטשעט:

— הינטיש בלוט, מערדער קאָזאַקישע, תּלינים מאָסקאַלישע...

* * *

טראָגט דער פּאָסט־טרעגער אַ בריוו פון אַן אַרבעטערין פון דווינסק. שרייבט זי אַזוי:

— איך ווייס נישט, פון וואָס אָנצוהויבן. עס וואָלט זיך גע־וואָלט אַזוי פיל דערציילן, נאָר די געדאַנקען פּלאָנטערן זיך אין קאָפּ און ווערן גיך פאַרשוווּנדן. אַ, ווען איך וואָלט זיך געקאָנט מיט דיר זען. איך וואָלט דאַן געשטאָרבן רואיק. איך וואָלט גע־שטאָרבן מיט דעם באַוווסטזיין, אַז מיר האָבן זיך געזען אין וויכ־טיקסטן מאָמענט פון לעבן. דאָס איז אָבער אוממעגלעך. אויב איך וועל בלייבן לעבן — איז גוט, אויב נישט — טאָ פאַרבלייב גע־זונט. מאָרגן הויבן מיר אָן דעם שטרייק. אַלע זענען באַוואָפנט. קרבנות פון ביידע זייטן וועלן געווים פאַלן. זאָלן נאָר צושטיין די קריסטלעכע אַרבעטער. מאָרגן וועלן מיר אַרויסטראָגן אונזער פּראָ־טעסט אָפן. געזיכט צום געזיכט מיטן מיליטער. נו, באַאומרואיק זיך נישט. זיי געזונט!...

זעקס טעג דויערט שוין דער שטרייק אין לאָדזש. קאָזאַקן רייטן איבער די טראָטואַרן און טרייבן פונאַנדער דעם עולם. אַלע האַנדלס־אַנשטאַלטן פירן די געשעפטן ביי פאַרהאַמערטע פענסטער. די אייזערנע שטאַבן זענען אַראָפּגעלאָזט. ביידע צדדים מיידן דערוויילע אוים דעם צוזאַמענשטויס.

זשיטאָמיר, בערדיטשעוו, מינסק, מעזריטש, גראָדנע... —

שטעט שטייען אין פלאמען. קוילן און בלוט. קוילן און בלוט. די קוימענס רויכערן זיך נישט, זיי שטייען, ווי אָפּגעשרויפטע. די מאשינען גייען נישט. ווען דער אַרבעטער נאָר וויל, שטייען אַלע רעדער שטיל. נאָר דער זייגער פון לאַנד קלאַפּט, קלאַפּט שטאַרק. די גרויסע ווייזערס נעגטערן זיך צו דער גרויסער שעה.

ווער איז אין פּעטערבורג גריגאָרי וולאַדימיראָוו? — אַ פּויער פון מאָסקווער גובערניע. אַ מאַטראָס. האָט דער קאָמאַנדיר אויסגעשטעלט אַלע מאַטראָסן ביי דער נעווא און באַפוילן:

— רעכטס, לינקס!... לינקס, רעכטס!...

— ציילן, הינטישע זין, ציילן, און טון, וואָס מען הייסט. אין אייערע מאַמעס אריין!...

האָט זיך אַ לאָז געטון פון זיין ריי דער מאַטראָז גריגאָרי וולאַדימיראָוו מיטן קורצן נאָז זיינעם און גלייך צו צום קאָמאַנדיר, אַזוי ווי מען גייט־צו אַרויסציען דעם אייגענעם גורל:

— אַ טויט יענע, וועלכע ריידן אָן צו שיסן אין אונזערע ברידער!... — האָט ער געזאָגט און אים אַריינגעהאַקט איינס און צוויי. אָוועקגעלייגט דעם קאָמאַנדיר.

דער קאָמאַנדיר האָט אָבער באַוויזן אַריינצושיסן צוריק אַ קויל אין גריגאָרי וולאַדימיראָוון. האָבן די איבעריקע מאַטראָזן אים אָפּגעטראָגן אין שפּיטאָל און געוויינט און אים געקושט:

— טייערינקער דו, ברודערקע, מירן באַצאָלן פאַר דיר...

מאַלעוו, באָריסאָוו, קאָוונע, וויטעבסק, פּאָנעוועזש, שקלאָוו— ווי אַ לאַווינע האָט אַרויסגעגאָסן פון די שטעט. פינף טויזנט מאַן זענען געווען אויף דער דעמאָנסטראַציע אין דווינסק אויף דוואָריאַנסקע גאַס. אויף דער אָפיצערסקער גאַס זענען געפאַלן ניין פאַרווונדעטע. אין מאַלעוו זענען געווען אכזריותדיקע געשעענישן. אין אַרעסט האָט אַ שיכורער פּאָליציאַנט געטאַנצט אויף אַ צעשלאָגענעם רעוואָלוציאָנער, שפּילנדיק דערביי אויף אַ האַרמאָניקע. דאָס האָט נישט געטאַנצט אַ שיכורער גאָראָדאָוואָי, נאָר די זינקנדיקע ראָססיע.

אין די גאַסן פון רוסלאַנד האָט מען געטיילט אַ רוף פון פּראָ־

לעטאריאט פון דער וועלט. אונטערגעשריבן אונטערן רוף זענען געווען נעמען מיט מאָדנע קלאַנגען:

עמיל וואַנדערוועלדע, עדוארד אנזעל, וויקטאָר סערווי. — „דער רוסישער אַבדול־האַמיד קעניגט נאָך אויף די קברים פון די דערשאָסענע'' — האָבן יענע געשריבן. אייער קאַמף איז אונזער קאַמף. אייער שונא איז אונזער שונא. ווען דער קייסער ניקאָלאַי האָט אַרויסגעגעבן דעם באַפעל צו שיסן אין פעטערבורג, האָט ער דאָן אויך אונטערגעחתמעט דעם גזר־דין פון צאַריזם. זאָל לעבן דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליזם!...'' —

דאָס רעדט איצט צו פעטערבורג, צו ווילנע, צו אָדעס, צו וואַרשע — פּאַריז און בריסעל, בערלין און ווין. דער אַרבעטער־קלאַס פון דער וועלט. דאָס ווייען אַהער פענער פון „די אַרבעטער פון אַלע לענדער!...''

ענטפערט מען פון דאַנען:

— נידער מיט דער זעלבסטהערשונג!...

לויפן הירשן פון באַגינען...

דרייאונדרייסיקסטעס קאַפּיטל

# געזונגען מיט דער גאַנצער תּפיסה

ר' מאיר־שמחה, דער גרויסער ליטווישער גאון, איז דווינסקער רב. ער איז — חריף און בקי. שטענדיק, יומם ולילה, לערנט ער און שרייבט זיינע חבורים, אויסער: ווען ער איז פאַרנומען מיט גרויסע דין־תּורות. ער ציט די שנור פון די מינסקער, סלוצקער און ווילנער גאונים. ר' מאיר־שמחה האָט אַ גרויסן, אַ באַרג־אַרויפיקן שטערן, און אַ קליין גרוי בערדל, וואָס פּאַסט זיך גאָרנישט פאַרן ליטווישן שר התּורה.

איז אַרויף מאיר־שמחה אויף דער בימה פון גרויסן דווינסקער בית־מדרש אין אַ פּראָסטן מאָנטאָג און געזאָגט שטיל, אָבער די יידן אין דווינסק האָבן געהערט:

— איך בין גוזר תענית און הייס זאָגן תהלים פאַרן בחור מענדל...

ר'מאיר־שמחה האָט אַריינגעקוקט טיף־טיף אין זיך און ווייטער געזאָגט:

— זאָל אים דער רבונו של עולם ראַטעווען פון דער תליה..

דער גאַנצער בית־מדרש האָט געשוויגן. ר' מאיר שמחה האָט געענדיקט.

— נישט געקוקט, וואָס דער בחור מענדל געפינט זיך נישט אויפן דרך הישר, איז ער אָבער אַ גוטער ייד. ער האָט אָפּגעראַטעוועט פון אַ פּאָגראָם אַ גאַנצע גאַס יידן...

אין בית־מדרש האָט מען נאָכדעם געזאָגט:

— צו דעם זינגער אויף נגינות מיט אַכט סטרונעס — אַ געזאַנג צו דוד. דערבאַרעם זיך אויף מיר, ווייל איך בין אומגליקלעך! מיינע ביינער זענען דערשראָקן... עס איז אויך מיין לייב דערשראָקן, און דו האַר, ביז ווי לאַנג?...

מענדל איז געזעסן אין קאַמער און געוואַרט אויף דער תליה זיינער. האָט ער געשיקט זאָגן דער אָרגאַניזאַציע:

— איך בעט דעם „בונד", מען זאָל מיר צושיקן אַ רויט העמדל. אין דעם וויל איך גיין צו דער תליה...

אַרום און אַרום איז ער אַלט געווען אַכצן יאָר. לייבעטשקע דער סטאָלער האָט אין דער צייט געפּלאַנט, ווי אַזוי מען זאָל מענדלען אַראָפּרייסן פון עשאַפאָט, ווי אַזוי ער זאָל אים אַרויסנעמען פון טורמע־קאַמער.

* * *

געווען איז אַזוי:

מענדל איז געווען אַ מיטגליד פון „באָיעוואָי אָטריאַד" פון דער דווינסקער אָרגאַניזאַציע. דווינסק האָט געענטפערט אויף דער פּעטערבורגער דערשיסונג מיט אַן אַלגעמיינעם שטרייק און דער „בעאָ" האָט פאַרמאַכט אַלע געוועלבער פון דער שטאָט. מען האָט אויך אָפּגעשטעלט דעם אייזנבאַן־דעפּאָ. מענדל מיט נאָך דריי חברים האָבן מיט רעוואָלווערן אין די הענט געצוואונגען דעם דעפּאָ־אינזשיניער, ער זאָל הייסן פייפן די סירענע. צען טויזנט אַרבע־

טער זענען געווען אין דער דעמאָנסטראַציע. די שטאָט איז געווען אין די הענט פון דער רעוואָלוציע. פּאָליציי האָט זיך באַהאַלטן.

די בראָנפן־פאַבריק האָט געאַרבעט. זענען אוועק הונדערט אַרבעטער אָפּצושטעלן די אַרבעט. זעלנער האָבן געהיטן די פאַבריק און זענען אַרויס צו די אַרבעטער מיט אָנגעצילעוועטע ביקסן אין די הענט.

האָט זיך אַ כאַפּ געטון מינע די שניידערקע און אַזוי געשריגן צו די זעלנער:

— נו, שיסט אין מיר, שיסט אין אייערע ברידער און שוועסטער, אַזוי ווי מען האָט געשאָסן אין פּעטערבורג!...

די זעלנער האָבן זיך איינגעבראָכן. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די ביקסן. די אַרבעטער האָבן זיי געשטופּט אין טויער פון דער פאַבריק. אויפן הויף האָבן זיך שוין אויסגעמישט די אַרבעטער מיט די זעלנער. די פאַבריק האָט זיך אָפּגעשטעלט.

* * *

אויפן פינפטן טאָג פון שטרייק איז געקומען צו אַ שיסעריי מיט מיליטער. דער „בעאָ״ האָט זיך געשאָסן מיט די זעלנער פון די פּריסטאַוועס יערעמאָוו און קורליאַנדסקי. די זעלנער האָבן פיר מענטשן דערהרגעט, אַ סך — פאַרוווּנדעט. מענדל האָט אַראָפּגעצויגן אַ פאַרבלוטיקט העמד פון אַ דערמאָרדעטן און געמאַכט פון אים אַ פאָן. מיט דער דאָזיקער פאָן האָט מען געזאַמלט דעם עולם.

אַ מאָדנע קראַפט האָט דער טויט! — ווען מען האָט גענומען די פיר טויטע אויף ברעטער און זיי געטראָגן איבער דער שטאָט צום בית־עולם, האָבן די טויטע רעוואָלוציאָנערן אַזוי ווי איינגענומען די גאַנצע שטאָט. צוואַנציק טויזנט מענטשן זענען מיטגעגאַנגען מיט די טויטע.

פּאָליציי און זעלנער האָבן פאַרהאַלטן דעם צוג. דער פּריסטאַוו יערעמאָוו האָט געשריִען:

— גייט אייך פונאַנדער!... אַז איר וועט נישט אויפהערן זינגען, שיסט מען!...

דער עולם איז געשטאַנען. פאָרויס איז געווען דער „בעאָ״.

— גייט אייך פונאנדער!...

דער עולם שטייט. הערט מען ווי עס שיטן זיך פונאנדער קלעפ פון א פויק. דאס איז א וואָרנונג פון טויט. דער עולם שטייט ווייטער. ער שטייט און זינגט. עס קלאפט ווייטער די פויק. א צווייטע וואָרנונג. די קלעפ שיטן זיך פונאנדער איבער דער גאס, אין חלל, ארום דער מאסע. די מאסע זינגט, ווי זי וואָלט מיטן געזאנג וועלן פארטויבן די פויק.

איצט קלאפט די פויק צום דריטן מאָל.

דער פריסטאוו יערעמאָוו אונטערהאנדלט מיטן קאָפּ פון דער לוויה. א פּאָליציאנט נעמט אראָפּ פון הויכן שטעקן דאס פארבלוטיקטע העמד.

— איצט גייט צום בית־עולם...

* * *

פערציק ארבעטער זענען געלעגן פארוואונדעטע אין שפיטאָל. פיר זענען געלעגן אין קברים. נאָך צוויי ארבעטער האט מען געשאסן אין דער פארגאנגענער נאכט.

שווייגן קאָן מען נישט. עס רופט די נקמה. מענדל און מולקע האָבן נאָכגעשפּירט יערעמאָוון. זיי האָבן אים געפּאַקט נישט ווייט פון כאוועקע דער זאָקנמאכערקעס דירה. עס איז געווען אקוראט צוועלף אזייגער אין מיטן טאָג. זיי האָבן זיך באגעגנט פּנים אל פּנים:

— א, דו, כּלב דו!...

— מערדער!...

צוויי רעוואָלווערן קנאלן. דער פריסטאוו יערעמאָוו שיסט צוריק. א קויל האָט זיך אריינגעשטעקט אין זיין קאָפּ און איבערגעדרייט זיין מארך. ער איז אויפן אָרט משוגע געוואָרן. ער האָט געבילט אזוי ווי א הונט:

— הו... הו... או... הו...

די גאס איז אוועק מיטן קאָפּ אראָפּ און די פיס ארויף. יערעמאָוו ליגט אן אויסגעצויגענער און עס זעט אויס, ווי ער וואָלט מיט זיין גוף פארנעמען די גאנצע גאס. פּאָליציאנטן פייפן, מען

לויפט, מען יאָגט. אויף דער דריטער גאַס האָט מען מענדלען גע־כאַפּט. מען האָט אים אָפּגעפירט אין פּאָליציי־פאַרוואַלטונג.

— אייער נאָמען, פאָטערס נאָמען און פאַמיליע?

— איך בין אַ מיטגליד פון באַיעוואָי אָטריאַד.

— דרך־ארץ! מיט אייך רעדט אַ זשאַנדאַרמעריע־ראָטמיסטער און געהילף־פּראָקוראָר.

— איך בין אַ מיטגליד פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע פון דער שטאָט דווינסק.

— צי אָנערקענט איר זיך פאַר שולדיק אין אַטענטאַט אויפן פּריסטאַוו יערעמאָוו?

— ניין. איך האָב געשאָסן אַ מענטשן, וואָס האָט געטריבן חוזק איבער די אַרבעטער און געשאָסן אין אומשולדיקע מענטשן.

— ווער איז געווען מיט אייך צוזאַמען?

— נישט אייער דאגה.

— איר וועט שויןריידן!... מירן אייך צווינגען צו געבן לשון!

— דאָס זייט איר נישט בכוח.

— איך ווייס דאָך, ווער איר זייט, איר זייט דאָך אַנטלאָפן פון דווינסקער טורמע. וועט איר געבן דערקלערונגען?

— ניין.

מען האָט אים אָפּגעפירט אין תּפיסה, צום צענטן קאַמער, וואָס האָט טאָפּעלע קראַטעס.

פּאָליציי האָט אַרעסטירט אויך מולקען, אויף אים האָט זי גע־האַט נאָר אַ חשד. ער האָט באַוויזן זיין אַליבי. גייט מענדל פאַר־ביי דעם טורמע־קאָרידאָר און זעט דאָרט מולקען. ווילט זיך אים צוגיין צו אים, אַ וואָרט זאָגן, כאַטש אַ גרוס, אַ שאָקל מיטן קאָפּ. ער האָט זיך אָבער געכאַפּט, אַז ער דאַרף זיין פרעמד און קאַלט. ער קען נישט קיין מולקע. דאָס האָט די פּאָליציי בכיוון צוגעגרייט אַזאַ טייוולשע שפּיל.

דאָס מיליטער־געריכט איז שנעל פאָרגעקומען. עס האָט גע־רעדט דער פּראָקוראָר, עס האָבן גערעדט אַדוואָקאַטן, דאָס גע־ריכט האָט געמשפּט:

— פארמשפט צום טויט דורך הענגען. דאס קאסטן פון שטריק אויפן חשבון פון דער מלוכה.

מענדל האט זיך צעלאכט און נאכדעם געזאגט:

— מיין נישט, אז איך לאך מיט א געלעכטער פון א היסטע־ריקער. איך פיל זיך דא, ווי אין א צירק. איך זע פאר זיך קלאו־נען, לאך איך...

מען האט אים אפגעפירט אין פעסטונג־ארעסט. דא וועט ערווארטן אויף דער תליה.

דארט האט מען אים געזאגט, אז זיין שוועסטער וויל דער־לאנגען א ביטע צום קייסער וועגן באגנעדיקונג. האט ער געשיקט איר זאגן:

— אן אומזיסטע טרחה. איך וועל זיך אפזאגן פון חסד.

פערצן טעג איז ער אפגעזעסן אין פעסטונג־קאמער. אין בא־גינען פון פופצנטן טאג האט זיך געעפנט די טיר פון זיין קאמער און עס זענען אריין אהין פיל מענטשן — דער געהילף־קאמענ־דאנט, א נייער פריסטאוו, פאליציאנטן, קאזאקן.

— שטיי אויף!...

מענדל ליגט.

— הויב זיך...

ער ליגט ווייטער. ער טוט א ביטערן שמייכל און זאגט:

— א ביסעלע געדולד, מיינע הערן, א קאפיטשקע, נישט גע־איילט זיך. באלד וועל איך דאך שוין זיין אין גאנצן אין אייער רשות.

ער האט זיך אויפגעהויבן און אנגעטון. ער האט געוואלט זיך וואשן.

— מען דארף זיך נישט וואשן.

ער האט נישט געפאלגט. ער האט זיך זייער לאנגזאם געוואשן און גרייט געמאכט צום עשאפאט. קוקנדיק אויף דעם שטיקל הימל, וואס האט זיך געזען פון צווישן די קראטעס, האט ער אנגעטון דאס רויטע העמדל, וואס די דווינסקער בונדישע ארגאניזאציע האט אים צוגעשיקט.

ער האט גענומען זיינע זאכן און געגעבן דעם קאמענדאנט:

— איך בעט אייך — האָט ער געזאָגט — צעטיילן די זאכן צווישן אַרבעטער.

זאָגט דער פּריסטאַוו:

— פירט אים!... אויב דו וועסט זינגען, וועל איך פאַרשטאָפּן דאָס מויל...

מענדל האָט נישט געפאָלגט און געזונגען די „מאַרסעליעזע".
אין קאָרידאָר האָט ער ביי די טירן פון די קאַמערן זיך געזעגנט מיט די אַרעסטאַנטן. זיי האָבן געזונגען פון די קאַמערן מיט אים צוזאַמען.

אויפן הויף האָט געוואַרט אַ פאַרמאַכט טורמע־קעטשל. מען האָט זיך אין אים אַריינגעזעצט און געפאָרן.

פאַרוואָס פאָרט מען אָבער נישט צו דער פאָהולאַנקע? פאַר־וואָס פאָרט מען צו דער דאַמבע? —

מענדל קוקט דורכן קעטשל־פענסטערל זייער אָנגעשטרענגט. עפּעס איז נישט גלאַט. ער פּרוּווט אַראָפּלייענען פון די קאַזאַקן־צורות. ער פּרוּווט עפּעס זען אויף די געזיכטער פון די פּאָליציאַנטן — אָבער ער זעט גאָרנישט.

דאָס קעטשל איז געבליבן שטיין.

— קריך אַרויס!...

ער קוקט זיך אַרום: מען איז ביי דער תּפיסה. די פּאָליציאַנטן האָבן זיך חוזקדיק צעלאַכט.

— מען האָט דיך באַגנעדיקט, גייסט אין טורמע, נישט אויף דער תּליה, אַ שאָד, בנאמנות.

— באַשיבוזוקן!... — האָט מענדל צו זיי געזאָגט — ווילדע חיות זייט איר!...

מען האָט אים געפירט אין טורמע־הויף. אַרעסטאַנטן האָבן אים דערזען. איבער די קאַמערן איז געוואָרן אַ גערודער. מען האָט עס אָנגעזאָגט איינער דעם צווייטן, דורך די ווענט. די אַרעסטאַנטן האָבן געשריגן, נישט וויסנדיק אַליין די ווערטער, וואָס זיי שרייען. עס איז געווען אַ געשריי פון פרייד.

— ווייזט אונז מענדלען, מיר ווילן אים זען!... — האָבן די אַרעסטאַנטן געשריגן צו די וועכטער. די אַרעסטאַנטן האָבן גע־

קלאַפּט אין די טירן, אין די קראַטעס. דער אַלטער קאָמענדאַנט האָט מסכּים געווען. דער וועכטער האָט אַרויסגעפירט מענדלען אויפן הויף. אַלע אַרעסטאַנטן האָבן אַרויסגעקוקט פון צווישן די קראַטעס. מען האָט גערופן, געשריגן, געמאַכט מיט די הענט. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און די דווינסקער טורמע האָט אָנגעהויבן זינגען. מענדל האָט געזונגען מיט דער גאַנצער תּפיסה:

— עטאָ בודעט פּאָסלעדני אי ריעשיטעלני באָי!...

פיראונדרייסיקסטעס קאַפּיטל

# פּויערים

עמיץ מוז דאָך פירן די בוכהאַלטעריע פון דער רעוואָלוציע. האָט נח פאַרצייכנט, אַזוי ווי מען פאַרצייכנט די גראַדוסן פון טערמאָמעטער, און האָט זיי אָפּגעשיקט צום אויסלענדישן קאָמיטעט — די איבערטראַנספּאָרטירונגס-סטאַציע פאַר דער וועלט:

— מאַזירער חברים האָבן אָרגאַניזירט אַ שטרייק פון די באַטראַקעס אין דודיטשי: „נישט צאָלן קיין שטייערן, נישט געבן קיין פּריזיוווניקעס". קאַפּולער חברים האָבן אין סלוצקער אויעזד זיך פאַרבונדן מיט די פּויערים. אַ פאַרזאַמלונג אין וואַלד פון צוויי הונדערט פּויערים. אין האָרקער אויעזד האָט אַ פּויערים-פאַרזאַמלונג באַשלאָסן, אַז די פּריצים זאָלן אומקערן די שטיקלעך ערד, וואָס זיי האָבן צוגענומען, און אַז מען זאָל אַרויסטרייבן דעם פּאָפּ. אין דווינסקער געגנט, אין דיסני, אין סווענציאַן — אַגראַראומרוען. די נעוועלער אָרגאַניזאַציע פאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס אין די דערפער. אין רעטשיצער געגנט רעדט מען צו די פּויערים אויף די יארידים. פון קרעסלאַווקער געגנט קומען פּויערים אין שטאָט אַריין און זוכן פּראָקלאַמאַציעס. זיי ווילן צאָלן פאַר זיי געלט. אויפן מאַרק אין קרעסלאַווקע איז פאָרגעקומען אַ מיטינג פון צוויי הונדערט פּויערים, מען האָט גערעדט קעגן קייסער, רעגירונג, רעליגיע און אייגנטום. די פּרוזשאַנער אָרגאַניזאַציע האָט

זיך פארבונדן מיט די ארומיקע דערפער. עס פעלט איר ליטעראַ־טור...

* * *

איז געווען אין דונאַיעוויץ אַזוי:

מען האָט געקלונגען אין גלאָקן פון די צערקווען. האָבן די פויערים פון צען דערפער שוין געוווּסט, וואָס מען דאַרף טון. מען איז זיך צונויפגעפאָרן אויף דעם דונאַיעוויצער קרייז־וועג. אפשר טויזנט פויערים — אין סערמיגעס, אין לאַפּטשעס, מיט ווינטן אין די קעפּ. און מען האָט זיך געלאָזט צום פּריץ איוואַן קאַלעסני־קאָוו.

— נאָר נישט פאַרגיסן בלוט!... — האָט געשריגן אַ געווע־זענער דיאַקאָן, אַ מיטליאָריקער פויער מיט אַ קלויסטערדיקן פּנים, מיט אַ קול, ווי ער וואָלט קומען פון אַן איקאָנע.

— אָבער ברויט מעג מען נעמען...

— דאָס יאָ....

האָט איינער אַזוי גערעדט:

— ברידערלעך, די ערד איז ווי לופט און וואַסער. קאָן עמי־צער צונעמען די לופט? קאָן עמיצער צוכאַפּן דעם ים? — די ערד מוזן צונעמען די פויערים. וועד עס וויל צולייגן זיין האַנט צו דער ערד, דאַרף קאָנען.

האָבן זיך טויזנט פויערים געלאָזט צום דונאַיעוויצער פּריץ איוואַן קאַלעסניקאָוו.

* * *

דורותדיקער הונגער פון רוסלענדער דאָרף איז געקומען מיט זיין גרויסער תּביעה, מיט אַ שוואַרצער ברעט אויף דער פּלייצע. מיט אַ פאָן אין דער האַנט.

פי פאַלט פון הונגער. קאָנסטו צוקוקן, ווי עס שטאַרבט אַ הונ־געריקע שעפּס? — ס'פאַלט אוים אויף אַ פויער אַ קנאַפּער פוד תּבואה אַ יאָר — קאָנסטו זען, ווי עס לייגט זיך דאָס הונגעריקע ווייב דיינס און שטאַרבט אוועק?

צוערשט זענען געגאַנגען די שטאַמיקע תּביעות פאַראיינצלט—

האָבן באַטראַכטעם פאַרשטערייקט און נישט געמאָלקן קיין קי, נישט אַרויסגעפירט די בהמות אויף פּאַשע, האָבן פּויערים זיך אָפּגע־זאָגט צו צאָלן אַרענדע־געלט, האָט מען געפאָדערט, דער פּריץ זאָל באָרגן תּבואה ביז איבעראַיאָר, האָט מען געצונדן פּריצישע הויפן, איז מען באַפאַלן מיט קאָסעס און מיט ביקסן, פאַרבּרענט פּריצישע מאַיאָנטקעס, די פּריצים זאָלן נישט קאָנען מער זיך אומ־קערן, אויסגעהאַקט וועלדער... — און נאָכדעם זענען זיי געקור־מען אין די גרויסע מאַסן, גאַנצע אויעזדן, גאַנצע גובער־ניעס, דער גאַנצער „טשאַרנאָזיאָם״...

אין מסטיסלאַוו, ביי משה דעם וואַסערפירער אין שטוב, איז פאָרגעקומען אַ קאָנספּיראַטיווע זיצונג פון „בונד״ מיט „איס־קראַ״.

— פון ווילנע קומט אַ פּאָלק סאָלדאַטן צו דערשטיקן די אַגראַר־אומרועןן... — דאָס איז געווען די ידיעה, וואָס מען האָט באַקומען און צוליב איר געמאַכט די זיצונג.

אומרועןן זענען געווען אין גאַנצן מסטיסלאַווער קרייז. דאָ זענען געווען ביז דרייסיק טויזנט פּריצישע קנעכט, וועלכע פלעגן אַרבעטן אויף די פּריצישע הויפן, פעלדער און וועלדער און אויס־אַרבעטן פאַר זיך אַ לעבן פון געשלאָגענע הינט. די פּריצים האָבן געוואָרגן די דערפער. און שנאה האָט דאָ געברענט גאַנצע דורות.

זי איז פלאַמיקער געוואָרן ביי די פלאַקערן פון די אונטער־געצונדענע פּריצישע שייערן. אין דאָרף וויסאָקע האָבן די פּויערים דערהרגעט דעם פּאָפּ, וועלכער האָט אַלץ אַרויסגעגעבן דעם סטאַ־נאָוואָי פּריסטאַוו. אַזוי האָבן אויך געטון די פּויערים פון דאָרף קאַליעסניק — זייער פּאָפּ האָט געווויגן אַכט פּוד, האָבן זיי אים אָוועקגעלייגט אַ טויטן דאָרט, וווּ עס פאַרקרימט זיך דער וועג פון קאַליעסניק קיין מסטיסלאַוו. איז געלעגן אַ גאַנצע צערקווע אַ טויטע. דאָס דאָרף קאַראַבטשינא האָט זיך אָפּגעזאָגט צו גיין אַרבעטן ביים פּריץ פון גוט קאַזימיראָווע. עס זענען געקומען צוואַנציק סאָלדאַטן מיט אַ קאָנאָוואָי און ס׳האָט נישט געהאָלפן:

— ער איז נישט חולה אַליין...

— זאָל ער זדעכנען...

איז געקומען אין מסטיסלאוו די ידיעה, אז עס זענען ארויס אהערצו סאָלדאטן פון ווילנע. אויף דער זיצונג איז דעריבער גע־בליבן: געפינען א פארבינדונג מיט די סאָלדאטן. מען האָט באַ־שטימט, ווער עס דאַרף דאָס טון. סוף חודש איז דער פאָלק גע־קומען און זיך באזעצט אין די שטעטלעך כיסלאוויטש, שאַניעוו, קרעטשעוו און טאטארסק. די סאָלדאטן זענען איינגעקוואַרטירט געוואָרן אין פויערשע כאַטעס. עס איז געוואָרן נענטער דער וועג צו זיי. מען איז אפילו אריינגעקראָכן אין דער זעלנערישער באָד און דאָרט גערעדט.

א קורצע צייט איז געווען שטיל. די סאָלדאטן האָבן גאָרנישט געטון. עס האָבן געוואַרט, זעט אויס, סיי די סאָלדאטן און סיי די פויערים. אָבער דאָס אויסוואַרטעניש האָט לאַנג זיך נישט געצויגן. אין קאַדין האָט מען אונטערגעצונדן דעם פּריצס הויף. זענען אהין אָפּגעשיקט געוואָרן צוויי באטאליאָנען סאָלדאטן, זיי זאָלן מאַנען פארן פייער.

דער קאָמאַנדיר, דער קאַפּיטאַן סילאַנטשוק, האָט זיך געגרייט צו מלחמה. ער האָט געוואָלט אָפּנעמען זיין רעשט פון הינטער פּאָרט־אַרטור. ער האָט צונויפגערופן אַלע ראָטנע קאָמאַנדירן און פאר זיי געהאַלטן א רעדע:

— איר גייט קיין קאַדין — האָט ער זיי געזאָגט — אויף מלחמה, איר גייט פארטיידיקן דעם גלויבן, דעם צאַר און דאָס פאָטערלאַנד. איר גייט פארניכטן די בונטאָווטשיקעס.

— הורא!... — האָבן געשריגן די קאָמאַנדירן און די אונ־טעראָפיצירן.

ביינאַכט זענען זיך צונויפגעקומען די חברים פון מסטיס־לאוו. עס זענען געווען בונדיסטן און איסקראָווצעס. עס איז גע־בליבן:

— פאָרן אַנזאָגן אין קאַדין, איידער די סאָלדאטן קומען אהין.

דאַרף מען דינגען א פור. האָט אָבער קיינער נישט קיין געלט. האָט געזאָגט מענדל דער שטעפּער:

— מיין ברודער וועט שפּאַנען די פור.

ליוויק דער פורמאַן האָט פיינט געהאַט אַ סך צו ריידן. אים דאַרף מען נאָר זאָגן: — „ליוויק שפּאַן!...” ווייסט ער, וואָס מען מיינט און וואָס מען דאַרף טון.

— וויפל אַזייגער? — האָט ליוויק געפרעגט.

— שוין...

— מיט וועלכן וועג?

— קיין קאָדין...

אין דער סוף־יוניקער נאַכט איז געפאָרן קיין קאָדין אשר דער שניידער מיט ליוויקן. זיי האָבן ביידע דעם גאַנצן וועג כּמעט ווי געשוויגן. ליוויק האָט נאָר געוואָלט דערציילן, ווי אַזוי דער אור־יאַדניק אין קריטשעוו האָט אַריינגעוואָרפן צו אים אין וואָגן צוויי בוטלעך ספּירט און אים געמאַכט אַן אַקט. דער אוריאַדניק האָט זיך אָן אים נוקם געווען, פאַרוואָס ער האָט זיין קאָבילע, די אור־יאַדניטשעכע, נישט געוואָלט פירן אומזיסט. ער, ליוויק, האָט גע־מוזט אָפּזיצן פיר חדשים. ער איז נישט לאַנג אַרוים. ער האָט נישט געהאַט קיין געלט צו באַצאָלן פאַר די געריכטס־קאָסטן, וואָס מען האָט אים דאָס אויך צוגעמשפּט, האָט ער פאַרקויפט זיין מאַמעס פיר לייכטער, איבער וועלכע זי פלעגט בענטשן, און אַ קישן.

— ביי אונז אין שטוב... — האָט ער דערציילט אין יענער נאַכט — איז געבליבן נאָר איין קליין קישעלע...

דאָס אַלץ האָט ער אויסדערציילט אין יענער נאַכט. אַט דער אוריאַדניק איז געווען פאַר ליוויקן — ראָססיאַ, דאָס קליינע קי־שעלע — זיין בידנע לעבן.

דורך גערטנער זענען זיי אַריינגעקומען אין שטעטל.

עס איז געווען אַזאַ גוטער זומערדיקער טאָג, ווען אשר איז געגאַנגען אין דאָרף אַריין צו כאַרסייעוון, צו אַנדריי כאַרסייעוון. ער איז, אייגנטלעך, מער געגאַנגען צו אַנדריי כאַרסייעווס שוועס־טער.

וואָס טראָגט אשרן אַהינצו? — פאַרוואָס דוכט זיך אים, אַז עס גייען מיט אים די פעלדער פון ביידע זייטן וועג? פאַרוואָס

דוכט זיך אשרן, אז דער וועג לויפט מיט אים צוזאמען און מאכט זיך אליין קורצער? —

ערשט נישט לאנג, אין רעכטן ברעג פון דער פעלד־ארבעט, ווען קיינער, אויסער די קליינע קינדער, זענען נישט פארבליבן אין איוואן כארסייעווס כאטע, זענען געקומען סטראזשניקעס און געזוכט אנדרייען, איוואנס זון. זיי האבן דאס געטון דערפאר, ווייל אנדריי האט אנגעפירט מיטן שטרייק אין קאדינער הויף, ביים פריץ גאלינסקי.

די סטראזשניקעס האבן אנדרייען אפגעוואַרט, ווען ער איז געקומען פון פעלד אין דארף אריין. זיי האבן אים געכאפט און אפגעפירט צום פריץ אין הויף אריין. דארט האט מען אנדרייען געשלאגן, זאל ער ווייטער וויסן. נאכדעם האבן די סטראזשניקעס אים געבונדן, אים אריינגעלייגט אין א וואגן, אים פארדעקט מיט א פאק היי און אפגעפארן מיט אים קיין שאמאוו.

אנדרייס שוועסטער, נאטאליע, מיט די קורצע האר און בלויע אויגן, מיט דעם אימפעט פון אלע אירע ניינצן יארן, וואס צוועלף פון זיי האט זי אוועקגעגעבן דעם פריצס שעטשקע, איז אוועקגע־לאפן אין שטעטלשן קלויסטער און דערלאנגט אין גלאק. מען רופט! — האבן די פויערים געווארפן זייערע כאטעס און, רייטנ־דיק אויף פערד, זענען זיי געקומען אין שטעטל אריין, מיינענדיק, אז מען קלינגט אויף א שרפה.

פון גלאקן־טורעמל האט נאטאליע געשריגן, ווי זי וואלט אליין זיין א שטיק שרפה:

— זיי הרגענען אנדרייען!... ראטעוועט אים!...

האבן זיך א לאז געטון פויערים אויף זייערע פערד צום שא־מאווער וועג, זיי האבן דעריאגט די פור מיט די צוויי סטראזשני־קעס. און נאטאליע קומט פארויס:

— מערדער, ווו איז אנדריי?!...

— אנדרייען גיט, ראזבאיניקעס!...

— פריצישע הינט!...

דערוויל האט א געשריי געטון אנדריי פון אונטערן היי:

— ברידערלעך, ראטעוועט מיך!...

האָבן די סטראַזשניקעס אַרויסגעכאַפּט די רעוואָלווערן, האָבן די פּויערים אַ הויב געטון די דרענגער. די פּויערים זענען געווען פיל, די סטראַזשניקעס — נאָר צוויי. האָט נישט לאַנג געדויערט און די סטראַזשניקעס זענען געלעגן טויטע. זיי האָבן אָפּגעבונדן אַנדרייען פון אונטערן היי און מיט אַ געשריי געלאָזט זיך אין הויף אַריין.

מען האָט שוין די פּויערים נישט געקאָנט איינגעמען. גיי נעם־איין צעיאָגטע רייט־פערד. זיי זענען מער קיין פּויערים נישט געווען, נאָר מורדים, וואָס האָבן זיך געלאָזט מיט קאָסעס און העק איבערן גאַנצן אויעזד. ביז זיי האָבן באַצאָלט און זיך געשטילט. האָט אַ פאָלק זיך געלאָזט נאָך נקמה.

לויפט אשר אין דאָרף אַריין צו אַנדריי כארסיי, צו נאַטאַליע כארסיי, אָנזאָגן, אַז סאָלדאַטן קומען.

* * *

עס זענען געקומען מער סאָלדאַטן, ווי אשר האָט געמיינט. עס זענען געקומען פינפהונדערט סטראַזשניקעס, צווייהונדערט קאָזאַקן און דריי באַטאַליאָנען סאָלדאַטן. מען איז געקומען אַהער פון סמאָלענסק, פון קראַסנאָיע, פון מסטיסלאַוו, פון שאַמאָוו, פון האָרקי. די פּאָליציישטשינע איז געקומען!

מען האָט געשלעפּט פּויערים פאַר די קעפּ און צעהרגעט ביז טויט. פּויערים האָבן געלאָזט זייערע כאַטעס אויף הפקר און גע־לאָפן אין וואַלד אַריין. דערפער זענען אַרומגערינגלט געוואָרן דורך קאָזאַקן און סטראַזשניקעס. גאַנצע טעג האָט מען געשלעפּט אויף אַלע וועגן צעשלאָגענע, צעבלוטיקטע, פּויערים מיט הענט פאַר־בונדענע אויף הינטן. קאָזאַקן און סטראַזשניקעס האָבן גערויבט חזירים פון די שטאַלן. רייטנדיק אויף פערד, דורך די דערפער, פלעגן זיי צעהאַקן די חזירים מיט די שווערדן, טייל אַוועקשלעפּן מיט זיך, טייל לאָזן קוויטשען אין זייער אייגענעם בלוט.

איז אשר געקומען צוריק אין מסטיסלאַוו האָט ער דער־ציילט:

— חברים, זיי וועלן די שׂרפה מיט בלוט נישט איינלעשן.

איוואַן און לוקאַ כאַרסייעוון, פיאָדאָר זובקאָוון, מיכאַאילן און שיינונען, זאָגט מען, האָט מען אָפּגעשיקט אויף קאַטאָרגע. אָבער די רעוואָלוציע פאַרשיקט מען נישט אויף קאַטאָרגע.

אַנדריי כאַרסייעוון האָבן זיי נישט געכאַפּט.

צוויי־און־דרייסיקסטעס קאַפּיטל

# איך וועט ענטפערן פאַר גאָט

זיבן טעג האָט זיך פאַרצויגן די קאָנפערענץ, אויף וועלכער עס זענען געווען פינף־און־צוואַנציק דעלעגאַטן. די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן. אירע כוואַליעס פאַרגיסן די קאַפּיטאַנען־בריקלעך. — מען דאַרף האַלטן די קאָמפּאַסן, קירעווען, רודערן די שיף.

עס איז נויטיק נענטער און קאָנקרעטער צוקומען צו די מאַסן. מען דאַרף איינשטעלן נייע פאָרמען פון אָרגאַניזירן די רעוואָלוציע, איבערשטעלן די וואַכן, פונאַנדערוואַרפן די אָנפיר־כוחות, געווינען די נישט־אָרגאַניזירטע. דער צאַריזם וועט נאָך פּרוּוון צו געבן אַן אַנטשיידענע שלאַכט, דאַרף מען פאַרלויפן, מען דאַרף אַרויסרופן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, געבן מער זעלבסטשטענדיקייט די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס, טיפער אַריינדרינגען אין די ווייטערע שיכטן. מען דאַרף זיך גרייטן צום לעצטן מיטל — צום גענעראַל־שטרייק. מען דאַרף פאַרשיטן די פּויזע פון דער רעוואָלוציע מיט ליטעראַטור, געפונען דעם וועג צו די קאַזאַרמעס, דער צאַריזם וועט זיך אָפּצאָלן מיט יידיש בלוט, מיט פּאָגראָמען, מוז מען אָרגאַניזירן זעלבסטשוץ...

זיבן טעג איז די קאַיוטע מיט די פינף־און־צוואַנציק קאַפּיטאַנען געשווימען איבער דעם ים פון רוסלאַנדס רעוואָלוציע. איצט דאַרף מען זיך פונאַנדערגיין. ווער ווייסט, ווען און ווו און צי וועט מען זיך נאָך טרעפן.

— רוסלאַנד איז איצט באַלויכטן פון פלאַמען — האָט נח געשלאָסן די קאָנפערענץ — דאַרף מען זיין שטאַרקער פונאַנדער־

בלאָזן, איך האָף, חברים, אַז מיר וועלן טון, וואָס נאָר אין אונ־זערע קרעפטן!..

שטורם־טעג און שטורם־נעכט זענען געפלויגן איבערן לאַנד. פּאָגראָמען און זעלבסטשוץ אין זשיטאָמיר און — וואונדערלעכער ערשטער מאַי אין דער גאַנצער טשערטאַ, אין פּעטערבורג, אין מאָסקווע, אין אָדעס, אין קיעוו. זיבן טעג בלוטיקער אויפשטאַנד אין לאָדזש, באַריקאַדן אויף פּעטריקאָווער, פּוילקן זעלנער צע־שטעלט אין די גאַסן, הונדערט טויזנט מענטשן אין דער דעמאָנס־טראַציע, רעגירונגס - געביידעס ברענען, און — עס ברענען אויך פּריצישע פּאָלוואַרקן, פּויערים גייען המונים־ווייז מיט קאָסעס אויף די פּריצים און זייערע מאַיאָנטקעס... —

ראָססיאַ האָט אַ שפּרייז געטון — אָט אַזוי אין די לאַפּטשעס און פּאַסטאַלעס, מיט אירע לאַנגע דערפער און ברייטע שטעט, מיט אירע געשמיסענע פּויערים און פאַרביטערטע באָסיאַקעס, מיט אירע הונגעריקע באַטראַקעס און געבונדענע פּראָלעטאַריער. זענען אַוועק אַ גאַנג סיביר און פּעטראָפּאַוולאָווסק, תליות און ריטער. זענען מיטגעגאַנגען, ווי די מאַנאַכן און פּירושים, בענקשאַפטן פון קידוש־השמ'ניקעס, שטילקייט פון בעלי - תעניתים, בלויכקייט פון פּאָעטן... —

האָט זיך פונאַנדערגעשפּילט אַ ים, אַ שוואַרצער ים, און האָט געוויגט אויף זיינע וועלן הונדערט - יאָריקע אָפּקלאַנגען פון צערקווע - גלעקער, מיליאַרדן אויסקנאַלן פון מאַנאַפּאָלקעס, פּיי־ניקונג־געשרייען, כוואַשטשעניש פון נאַהייקעס, בראַזגערייען פון שפּיגלען און שויבן, כאָרן פון סאָבאָרן, מאַרשן פון קאַוואַלעריע, פון קאָזאַקן, געזאַנגען פון פּולקן:

— באָזשע צאַריאַ כראַני!..

האָט זיך פונאַנדערגעשפּילט אַ ים און ער האָט אויפגעהויבן אויף זיינע כוואַליעס אַזעלכע מעכטיקע, ביז איצט נישט געזעענע ריזן. טראָגן זיך המונים, המון נאָך המון, הויבן זיך זיילן ביז די העכסטע הויכן, ביז די וואָלקנס, ביז דער זון. —

איבער דעם דאָזיקן ים איז אַרויסגעשוווּמען דער מעכטיקער אַלבאַטראָס פון דער רעוואָלוציע:

— פּאָטיאָמקין!..

איבער אָדעס, וואָס איז שוין געווען אַרומגענומען אַ האַלבע וואָך מיט אַן אַלגעמיינעם שטרייק, איז דורך אַ בשורה, ווי אויף פליגלען. אין געציילטע מינוטן האָט עס געוווּסט די גאַנצע שטאָט:

— אויף דער גרעסטער פּאַנצער־שיף פון דער עסקאַדרע פון שוואַרצן ים, אויפן „פּאָטיאָמקין‟, האָבן זיך צעבונטעוועט די מאַטראָזן. זיי האָבן געהרגעט אַלע אָפיצערן!..

אויפן ברעג פון פּאָרט האָבן די מאַטראָזן פון „פּאָטיאָמקין‟ אונטער אַביידל אַוועקגעלייגט זייערן אַ טויטן ברודער.

ער איז געווען איינער פון דער וואַך־קאָמענדע פון „פּאָטיאָמ־קין‟, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאָלגן דעם קאָמאַנדיר. ער האָט נישט געוואָלט שיסן אין די מאַטראָזן, וואָס האָבן נישט גע־וואָלט עסן ווערעמדיק פלייש. דער קאָמאַנדיר האָט אַרויסגעריסן פון מאַטראָזס הענט די ביקס און אים דערשאָסן. דער טויטער מאַטראָז האָט אויפגעהויבן דעם בונט פון „פּאָטיאָמקין‟. די מאַטראָזן האָבן זיך געוואָרפן צו זייערע ביקסן און דערשאָסן דעם קאָמאַנדיר מיט זיבן אָפיצערן. גלייך נאָכדעם האָבן זיי אויפן מאַסט־בוים אַרויפגעצויגן אַ רויטע פאָן. צום ברעג האָבן זיי גע־בראַכט זייער טויטן, אים דאָרט אַוועקגעלייגט אונטער אַ ביידל און אויף זיין האַרץ צוגעשפּילעט אַן אויפרוף צו גאַנץ רוסלאַנד:

— לאָמיר אַלע זיך אויפהויבן קעגן די טיראַנען און בלוט־זויגער און דערוועראַבן די פרייהייט!..

אָדעס איז אַרויסגעקומען צום ברעג. טויזנטער האָבן זיך גע־שטעלט אויף די קני פאַרן געהרגעטן און תּפילה געטון. זיך גע־צלמט אַפילו, רעדנער האָבן גערעדט צו צענדליקער טויזנטער אומ־באַקאַנטע. אויפן אָפענעם ים איז געשטאַנען „פּאָטיאָמקין‟ מיט דער רויטער פאָן. עס איז געשטאַנען די רעוואָלוציע.

— די זשידעס זענען שולדיק!.. שלאָגט זיי!.. — האָט גע־שריגן ביים פּאָרט אַ באָסיאַק. האָט דער עולם אים „אָפּגעטונקט‟ אין ים:

— זאָלסט ביים הייליקן לויתן געפונען דיין רו!.. האָב קיין פאַראיבל נישט!..

איבערן פּאָרט, אויפן ניקאָלאַעווער בולוואַר, זענען געשטאַנען סאָלדאַטן און קאָזאַקן, ווען אין פּאָרט איז אַריינגעשוווּמען „פּאָטיאָמקין‟. דרייסיק טויזנט מענטשן האָבן אים באַגריסט. אויף דעם אויבערשטן דעק פון שיף זענען אַרויף דעלעגאַציעס פון די אָדעסער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס:

— נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט!..

— אורא!..

— זאָל לעבן די רעוואָלוציע!..

— אורא!..

מען האָט זיך געגריסט אַרומגענומען, געקושט. רעדעס געהאַלטן. קלויבן זיך די אויפגעבונטעוועטע מאַטראָזן אַרום דער יינגער פרוי מיטן קאָפּ שוואַרצע געדיכטע האָר, וואָס רעדט אַזוי:

— אין נאָמען פון אָדעסער קאָמיטעט פון „בונד‟...

מען האָט זיך געקנוילט אין געזעמלעך, דערציילט, געטיילט זיך מיט נייעס. אומבאַקאַנטע זענען חברים געוואָרן. געשטופּלטע און גלאַטע פּנימער, בלאָנדע קעפּ און שוואַרצע, פון זון אָפּגעברענטע הויטן און בלויבע געזיכטער... —

— ברידער, איר האָט די האַרמאַטן, האַקט אַריין די שונאים!..

אַוונט צו איז „פּאָטיאָמקין‟ אָפּגעשוווּמען פון פּאָרט און אַריין אין אָפענעם ים. דער קאַנאָנען־שיף „וויעראַ‟ איז צו אים צוגעשטאַנען און מיט געשוווּמען.

האָט „פּאָטיאָמקין‟ געשיקט שטאַפעטן צו די שיפן פון פלאָט:

— קומט צו אונז, פאַראייניקט זיך!.. לאָמיר צוזאַמען!..

האָט געציטערט אָדעס, עס האָט געקלאַפּט אומרואיק דאָס האַרץ פון דער שטאָט: יאָ, צי ניין?.. וועלן זיי צושטיין צי נישט?..

דורך אַנדראָטיקן טעלעגראַף האָט געשריבן דער אַדמיראַל קריגער צום „פּאָטיאָמקין‟:

— דאָס רעדט איך, אַדמיראַל קריגער, מאַטראָזן פון שוואַרצן ים, וואָס זייט איר, הסר־דעה?.. קומט צו זיך. איר וועט זיך מוזן פאַרענטפערן פאַר גאָט און לייט!..

האָט „פּאָטיאָמקין" געענטפערט דורכן זעלבן אַנדראָטיקן טע־לעגראַף:

— פאר גאָט ווייסן מיר נישט, פאר לייטן זענען מיר גרייט זיך צו פארענטפערן. נישט מיר פארגיסן בלוט, נאָר איר!.. מאַ־טראָזן, שטייט צו...

מער איז קיין תשובה נישט געווען. די עסקאַדרע האָט זיך גענגרייט באָמבאַרדירן „פּאָטיאָמקינען".

אויפן דעק פון דער שיף האָט זיך צונויפגעקליבן די גאַנצע קאָמענדע. איינער אַן אומבאַקאַנטער מאַטראָז פון דער רעוואָלוציע האָט אַזוי געזאָגט:

— צוזאַמען זענען מיר אַכטהונדערט. דריי הונדערט זענען סאָציאַל־דעמאָקראַטן. איר קאָנט אונז אַלעמען בינדן און דער־שיסן און דערפאר וועט איר באַקומען אַ דאַנק פון אַדמיראַל. איר קאָנט אונז אויך אַרויסזעצן אויפן ברעג און זיך אונטערגעבן, פאר דעם וועט איר אויך באַקומען פלעשער בראָנפן און חזיר־פלייש אָדער — איר קאָנט קעמפן מיט אונז אינאיינעם פאר דער פרייהייט פון פאָלק. ווער עס איז מיט אונז — זאָל צוגיין אַהער. ווער עס איז קעגן אונז — זאָל טון מיט אונז, וואָס ער וויל!..

— זאָל לעבן די פרייהייט!.. — האָבן געענטפערט אַלע אַכטהונדערט מיט אַמאָל.

„פּאָטיאָמקין" האָט געשאָסן מיט אַ קאַנאָן. דער קנאַל פון קאַנאָן מיט דעם געשריי פון אַכטהונדערט ברוסטן האָבן אויפגע־נומען די כוואַליעס פון שווארצן ים.

די סירענעס פון שיף האָבן זיך צעשריגן. דער ווינט האָט לעבעדיק געמאַכט די פאָן, וועלכע האָט געפלאַטערט, ווי אַ נשמה וואָלט אין איר געלעגן, אויף פולער פארע איז „פּאָטיאָמקין" אַוועק אין די וואַסערן.

— איר וועט ענטפערן פאר גאָט!.. — האָט דורך דעם אַנ־דראָטיקן טעגלעגראַף געשריבן צו זיי דער בעסדיקער אַדמיראַל קריגער — קערט אייך אום!

ביינאַכט האָבן אומבאַקאַנטע אונטערגעצונדן דעם פּאָרט.

דער גאַנצער פּאָרט מיט אַלע זיינע געביידעס האָבן געברענט. גאַנץ רוסלאַנד האָט געברענט מיט אים צוזאַמען.

— — — — — — — — — — — — —

דער שמועס אין דער אונטערערדישער דרוקעריי איז געווען אַזאַ:

— דו מיינסט, שלום, אַז מען מוז זיין אין אָדעסער פּאָרט און זען דעם „פּאָטיאָמקין" — האָט ליזע געזאָגט — און דו מיינסט, אַז מען האָט אים געקאָנט זען נאָר דעם אַכטאונצוואַנציקסטן יוני. ס'איז נישט אַזוי. דער „פּאָטיאָמקין" איז שוין אַריינגעשוואומען אין דער צייט, און די צייט איז גרעסער און מעכטיקער, ווי דער שוואַרצער ים, די צייט איז פּסדר אין באַוועגונג, און זי שווימט פאַרביי אונז און מיט אונז און עס שווימט פאַרביי אונז און מיט אונז דער „פּאָטיאָמקין"... פאַרשטייסט, שלום?..

— ניין.

— פאַרוואָס פאַרשטייסטו נישט אַזאַ איינפאַכע זאַך? — מינוט מיט מינוט גיסט זיך צונויף, ווי כוואַליע מיט כוואַליע, מען קאָן נישט אָפּשניידן אַ מינוט און אַריינלייגן אין רידיקיול...

— טאָ דעריבער?..

— דעריבער אויב עס איז אַוועקגעשוואומען אַ „פּאָטיאָמקין" אין דער צייט אַריין, שווימט ער שוין, שווימט ער שוין פּסדר, ער שווימט שוין אין אונז, ווי עס שווימט אין אונז די צייט...

— פונדעסטוועגן, ליזע, וואָלט איך גלייכער געשוואומען אויפן „פּאָטיאָמקין", איידער שווימען דאָ אויף דער פאַנטאַזיע...

— דאָס איז שוין ענגאַאיזם... — האָט ליזע געזאָגט.

זעקסאונדרייסיקסטעס קאפיטל

# פון דער וואלגע ביז דער ווייסל

פון דער וואָלגע ביז דער נעווא, פון דער נעווא ביז דער ווייסל שפּרייזט די רעוואָלוציע. באַנען שטייען און — שטעט גייען. גענעראַל־שטרייק! — עס האָט זיך אַ הויב געטון דער היינט און איז אוועק צום מאָרגן.

קרעכצט דער זייגער פון דער אַלטער צייט, באַלד וועט ער זיך אָפּשטעלן. שלאָפן אין זייערע ראַמען, אונטער גלעזער, די מענטשן פון נעכטן. באַלד וועט מען זיי פון די ווענט אַראָפּנעמען.

פאַבריקן שטייען. קיין רויך פון קיין פאַבריק־קוימען. אויפ־געדרודערט האָבן זיי מצבות נאָך זיך. עס שטאַרבט דאָס אַלטע לעבן אין די אַלטע שטעט. סטרוזשעס קערן אים אַראָפּ פון די ברוקן. גאַסן כאַפּן זיך אויף צו אַ ניי, צו אַן אויסטערליש ליכט.

האָט מען צעבראָכן אַלטע געטער און זייערע איקאָנעס און געוואָרפן צו די הימלען — רויטע פענער, אויסרופן. גייען המונים אונטער פענער, באַגאָסענע מיט ליכט, מיט פרייד, ווי שטיקער באַגינענס, און זינגען:

— אויף די באַריקאַדן!

זע: מאַמעס מיט קינדער אויף די הענט. גרויע זיידעס. „שטייט אויף איר אַלע!"... — יונגע פּראָלעטאַריער, פּויערים פון דערפער, קינדער פון וואַרשטאַטן — עס וואַקסן נסים, שמשון־הגבור און אליא מוראָמעץ גייען צוזאַמען.

— נישט מיינט, נישט מיינט!.. — שרייט דער רעדנער אין דער גאַס— נישט מיינט, אַז איר וועט פאַרניכטן אַלע מענטשלעכע הייליקייטן און בויען עשאַפאָטן פאַר די הונגעריקע!..

מיליאָניקע מאַסע — די סטיכיע — האָט זיך גערירט. אונ־טערן איינפלוס פון איין אימפּולס, פאָלגנדיק איין רוף, האָט זי זיך אַ שטעל געטון אויף די פיס און אַ הויב געטון איר מיליאָן־אויגיקן און מיליאָן ־ מאַרכיקן און מיליאָן ־ אויערדיקן קאָפּ. אויף דעם ריזיקן שטח פון אַ זעקסטל פון ערד־קוגל האָט זיך

אויסגעשפרייט א גראנדיעזע רעוואָלוציאָנערע פּאַנאָראַמע.

אין צווישן האָבן זיך געצויגן לוויות. מען האָט געפירט אויף די בית־עולמס די, וואָס זענען דורך קאָזאַקן צעשטאָכן געוואָרן פון באַנגעטן. צווישן פרייד האָבן זיך געהערט שטילע געוויינען פון אבלים, פון טאַטעס, מאַמעס און כּלות, וואָס האָבן זייער בלוט־כּופר געפירט אין אייביקייט ־ קריגעלעך אונטער א שוואַר־צער דעק איבער די גאַסן. צווישן פרייד פון המונים האָבן זיך דורכ־געריסן קרעכצן פון פאַרוואונדעטע, וואָס ווילן נישט מער, ווי לעבן, קאָנוואָלסיעס פון שטאַרבנדיקע און — פּיפּערייען פון קוילן.

איבער די טעלעגראַף ־ דראָטן זענען געלאָפן די בשורות פון רוסלאַנד אין דער וועלט אַריין: — עס האָט זיך אָנגעהויבן דער נייער אַקט פון דער רעוואָלוציאָנערער דראַמע: דאָס פייער פון רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך איינגעלאָשן אויף עטלעכע חדשים, האָט אויסגעפלאַקערט מיט א מוראדיקער קראַפט. א מעכטיקער שטורם־ווינט איז אַוועק איבערן לאַנד!

די באַנען שטייען. פּאָסט און טעלעגראַף האָט פאַרשטרייקט. פאַבריקן שטייען. דאָס גאַנצע לעבן איז אַרויס אונטערן הימל.

צענטויזנט פאַרזאַמלונגען. צוואַנציק טויזנט. רעדן די רעדנער:

— א סוף מוז נעמען!.. אַרויס צום קאַמף! א סוף צו דער רעגירונג פון בלוטיקער „פרייהייט" און פרייער בלוטדורשטיקייט!

ענטפערט די מאַסע מיט א ווידער־קול:

— א סוף מוז נעמען! אַרויס צום קאַמף!..

רעדט א רעדנער:

— הונדערטער וועלף, בייזע, בלוט־דורשטיקע, זענען אַרויס־געלאָזט געוואָרן אויף דעם אַרבעטער־קלאַס — זיי דאַרפן צע־פּליקן זיינע פרייהייטן און רעכט, צעבּרעכן זיין מאַכט — גייט־זשע אַרויס, ברידער, צו קאַמף!..

ענטפערט די מאַסע:

— מיר גייען!.. מיר גייען צום קאַמף!..

רעדט א רעדנער:

— חברים! זעט דאָס מיליטער גייט איבער פּאָלקנווייז, באַ־

טאַליאָנענווייז אויף אונזער זייט. אונזערע כחות וואקסן! די רע־גירונג גוססט. גיט־זשע איר דעם לעצטן קלאַפּ!

ענטפערט די מאַסע:

— דעם לעצטן קלאַפּ!..

פון אָקטאָבער האָט זיך געוויגט דאָס לאַנד אין אַ פּייערדיקער וויג. דער פּחדן דער צאַר האָט אַ נאַכט געפּלאַטערט פון שרעק אין זיין ווינטער־פּאַלאַץ, און אויפן צווייטן טאָג געשפּינט, ווי עס שפּינט די שפּין, שווארצע שפּינוועבס.

ארומגעלעקט זיך מיט בלוט, ווי עס לעקט זיך ארום אַ טכויר, און געשטונקען מיט גיפט.

— חברים!.. —

אזוי שרייט די פּראָקלאַמאַציע פון צעקאַ אויף אַלע שפּראַכן— זי שרייט פון שמחה אויף קולי־קולות:

— חברים! די שעה האָט געשלאָגן! דער טאָג איז געקומען! אַ גענעראַל־שטרייק אין רוסלאַנד! —

די גלאָקן קלינגען, די גלאָקן רופן! פון פינלאַנד ביז קאַווקאַז, פון פּוילן ביז וולאַדיוואָסטאָק קלינגט אַ מעכטיקער רוף:

— די גערודלד האָט געפּלאַצט! אויפן גאַס צום קאַמף!..

און אין כאָר, און אין גלאָקן־קלאַנג, האָט זיך געטראָגן אַ קלאַנג און אַ רוף פון ווילנע און פון זשיטאָמיר, פון ביאַליסטאָק און פון ווארשע, פון מינסק און פון פּינסק:

— זעקס מיליאָן יידן זענען בארויבט פון יעדע רעכט, זעקס מיליאָן מענטשן געפינען זיך אויסערן געזעץ, זייער לעבן איז הפקר פאר יעדן כוליגאַן, זייער בלוט איז אַ שפּילעכל פאר יעדן טיראַן!

גלייכבארעכטיקונג פאר אַלע פעלקער! אַראָפּ די אויסשלים־לעכע געזעצן פאר יידן! אַלע מוזן זיין גלייך פארן געזעץ!..

און אַ לאַנד האָט געשריגן פון שמאַכטונג:

— פריי זאָל ווערן!.. לאָזט ארויס אַלע ארעסטירטע קעמפער, אַלע פארשמאַכטע פּאָליטישע ארעסטאַנטן. אַלע אַלע — ביז איינעם!

צום משפט, צום פאלקס־משפט אלע שולדיקע אין די בלוט־בעדער!

באפרייט אלע שמאכטנדיקע העלדן אין סיביר, אויף די קאַטאָרגעס, געשמידטע אין קייטן, די קעמפנדיקע מאטראכן, די אויפגעשטאנענע פויערים!..

תהו־ובוהו. הימל, ערד און וואסער איז צונויפגעמישט. גייסט שוועבט איבערן כאָאס באלד וועט זיך הערן די שטים: זאל זיין דער ערשטער טאָג!..

* * *

אין דער גרענעץ ־ טאמאזשנע, אין אלעקסאנדראָווגע, האָט מען ביי די פאסאזשירן קאנטראָלירט די דאָקומענטן. זשענעוו און בערן האָבן זיך געלאָזט א היים. אין צוג פאָרט אויך וואָלאדימיר.

מען האָט גאָר קיין דאָקומענטן נישט געדארפט האָבן. עס איז געווען א וועלכע־ס׳איז „פאָעזיע״, אפילו א באגאזש־צעטל. דער זשאנדאר האָט אליין געזאָגט:

— ווערסט גאָרנישט מאכן, אייערע האָבן איינגענומען...

ער האָט נאָר פון יוצא־וועגן געפרעגט:

— האָט איר ביי זיך געווער?..

— ניין... — האָט וואָלאדימיר געענטפערט.

דער זשאנדאר האָט נישט גענוכט אפילו. ווען ער וואָלט גע־זוכט, וואָלט ער א רעוואָלווער יאָ געפונען. פון דווינסק, פון צעקאַ, האָבן זיי געשריבן, אַז עס שאדט נישט מיטצוברענגען א כלי און זיך טאקע פריער אויסלערנען שיסן.

א „טשודאַק״ דער לגנו. ער איינער האָט נישט געוואָלט פאָרן אהיים.

— ווייל עס איז נאָר א פּראָוואָקאציע די גאנצע מעשה... — האָט ער געזאָגט — דאָס ווילן זיי אויף אזא אופן ארויסבאקומען אלעמען אויף דער האַנט...

פאָרט וואָלאדימיר צוריק דורך דער וואָלבער גרענעץ, דורך וועלכער ער האָט זיך דעמאָלט, מיט יאָרן צוריק, גענגבעט. ער פאָרט נישט אליין.

אין פעטערבורג וועט מען ארויסגעבן דעם „יעוורייסקי ראַ־

באַטשי'', אין ווילנע וועט מען ארויסגעבן דעם ,,וועקער''. מען וועט עפענען די גרויסע מיטינג־קאמפּאניע. דערלעבט, דער־לעבט!..

פּאַרט דער צוג אין רוסלאַנד אריין. אזוי ווי עס וואָלט זיך פרייען די וואָקזאַלן, אזוי ווי עס וואָלטן זיך פרייען די רעלסן פון די באַן־וועגן.

ביז דווינסק פאַרט וולאַדימיר. דאָ זיצט איצט דער צעקאָ. דאָ ווארטן נח און אַלעקסאנדער, רחמיאל און יונה. —

אויך די פּראָקלאַמאַציע ־ שרייבער חיים ־ יאַנקל און אַלגין.

— וואָס מאַכט איר וולאַדימיר?..

איר זייט דאָך... וואָס? אָ?.. — א סוף צו די סוואָלאָ־טשעס?... אָ?..

* * *

גייט מען פון סיביר קיין ראָסיי. עס רופט אָקטאָבער, עס רופט נאָוועמבער. אויף דער שוועל איז דער דעצעמבער.

אויפן וועג איז פרייד און — בלוטיקע, פינסטערע מיאזמען פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע. אויף דער סטאַציע טאיגא האָבן די שווארצמאהניקעס באמערקט א מיטינג פון אייזנבאַן ־ אָנגעשטעלטע, און אין מאָסקווע — אַלגעמיינער שטרייק.

דערציילט מען אין באַן, אויפן וועג קיין דווינסק, וועגן יידישע פּאָגראָמען. די קאָנטר־רעוואָלוציע וויל זיך וואשן אין יידיש בלוט, און רויטע בעדער פון דער טשערטאַ, און די אייזנבאַנער דערציילן, אז א ליאַדע טאָג שטעלן זיי זיך... —

רוקן זיך אָן אויף רוסלאַנדס אָקטאָבער ־ הימל די פינסטערע וואָלקנס פון נאָוועמבער:

— ארעסטירט כרוסטיאלאָוו־נאָסאַר, דעם פּאַרזיצער פון פּע־טערבורגער ארבעטער ־ ראַט, וועלכער איז געקליבן פון צוויי הונ־דערט טויזנט ארבעטער...

און עס קלינגען גלעקער:

— די שעה האָט אויסגעשלאָגן!.. גענעראַל־שטרייק!.. באַ־ריקאַדן אין מאָסקווע!..

* * *

אין דווינסק איז געווען די זיצונג פון צעקא פון „בונד".
אויף די גאסן זענען פארגעקומען סיי מיטינגען און סיי שיסע־רייען. אקוראט ביים הויז פון דער זיצונג פון צעקא האט זיך אוועקגעשטעלט א ראטע סאלדאטן צו שיסן. און זיי האבן גע־שאסן ריכטיק אין די פענסטער אריין. מען האט געמוזט ארונטער־בויגן זיך אונטער די פענסטער, כדי קיינעם פון צעקא זאלן נישט טרעפן קיין קויל.

* * *

האט זיך אויפגעהויבן דאס „הויז פון די ראמאנאווס" צום לעצטן מאל. אויפגעהויבן מיט זיינע קייטן און נאהייקעס, מיט זיינע פולקן און פולקאווניקעס, מיט זיינע זשאנדארן און פי־לארן: לאמיר זיך ראטעווען און זיך — אפרעכענען!..

— זשידי!.. בונטאווטשיקי... —

שארפט די מעסערס, רייניקט די ביקסן, קלינגט אין די סאָ־בארן, עפנט די מאנאפאלן... —

— פרייהייט ווילט איר? — בליי וועט איר באקומען!..

* * *

אכראנע, פאליציי, זשאנדארמעריע, פאליציי - דעפארטא־מענט — ביי זיי איז דארט א מיש־מאש. גיי כאפ איינציקע, ווען עס זענען דא צענטליקער טויזנטער. גיי זוך איצט א דרוק, ווען גאנץ רוסלאנד ווערט פארפלייצט מיט לעגאלע און אומלעגאלע בלעטער און בלעטלעך.

ישראל־מיכל האט איצט געדענקט איינס: מען דארף זיין רואיק, נאר רואיק, לאנגזאם. דעם קאפ טאר מען נישט פארלירן. באלד וועט זיך דער פלאנטער ענדיקן. עס וועט זיך ענדיקן מעד־ניקאוו, ניעמעץ...

געווען, געווען און — אויס. עס קומט אן אנדער צייט. אזוי ווי עס שווימט ארויס א באגינען פון דער נאכט. מען דארף עפע־נען דאס מויל און אריינשעפן א סך לופט.

אבער אפשר וועט מען דעמאלט עפענען אלע באהעלטעניש]ן און אלץ וועט אויפגעדעקט ווערן? — דארט ביי זיי זענען דאך דא זיינע בריוו, קארטלעך, קוויטירונגען, פאטאגראפיע...

— וואָס וועט דעמאָלט זיין?
עס איז שרעקלעך!

— אנטלויף, ישראל־מיכל! ביזט געבליבן א נאר. די רעוואָ־לוציע איז געקומען און דו האָסט פארשפילט. א קויל אין קאָפּ!...

און אפשר וועט זיך גאָר ענדיקן אנדערש? — אפשר וועט זיך נאָך פארציען א לאנגע צייט? — עס קאָן זיין, אז יאָרן. דער פּאָליציי־דעפּארטאמענט קומט צוריק צו זיך.

— אויף די ערטער, זעמליאַקעס!...

און עס וועט זיך אָנהויבן די אַלטע געשיכטע: קאַרטלעך מיט צוויי צייכנס, טעלעגראַמעס וועגן שלעסער, ניעמעץ רופט קיין ווילנע. אפשר וועט זובאַטאָוו צוריק קומען אין פּאָליציי־דעפּאר־טאַמענט?

ווי איז גלייכער? ווי ווילסטו, ישראל־מיכל?

עס מאַטערן די געדאַנקען. עס פּלאָנטערט זיך. לאָמיר זיך באַרואיקן. לאָמיר נישט כאַפּן פאַרויס. דערווייל דאַרף מען זיין פאַרזיכטיק, קוקן מיט ביידע אויגן, אויף ביידע זייטן.

ער האָט זיך געגליטשט, ווי א פיש. אויפן פּנים זיינעם האָט ער אָוועקגעלייגט א זויערלעכן שמייכל, וואָס האָט אַלץ געדאַרפט פאַרשטעלן. ער האָט כּסדר זיך אומגעקוקט אין די זייטן. ביי־נאַכט איז זיין שווערער שלאָף געווען פול מיט פּחדים. זיין קול איז געוואָרן נידעריקער און הייזעריקלעך. זיין בלאָנד בערדל איז געווען אָפּגעלאָזן. פון די צייטן פון אונטער־שמשעריי אין וויל־נער קלויז איז ארויסגעשווומען אים אַנטקעגן א געשטאַלט:

— יהודה איש ־ קריות...

---

רוסלאַנד האָט געברענט. א פייער, וועלכער איז אונטערגע־לייגט געוואָרן א האַלב יאָרהונדערט, איז פונאַנדערגעבלאָזן גע־וואָרן דורך די ווינטן פון דער געשיכטע.

עס איז געווען א שׂרפה פון דער וואָלגע ביז דער ווייסל.

זיבנאונדרייסיקסטעס קאַפּיטל

# גייען אנא און אנמאַן אהיים

גייען אַנאַ און אַנמאַן פון די קאַטאָרגע־וועגן — פון מאַגאַן, פון יאַקוטסק, פון אירקוטסק, זיין ווערן געטראָגן אַהיים אויף דער אָקטאָבער־כוואַליע.

צוזאַמען מיט זיי גייט „ראָמאַנאָווקע”, אַט יענע אַנדערויט־האַלבן שטאָקיקע הילצערן הויז פון יאַקוטסק, וועלכע האָט מיט חדשים צוריק זיך אויפגעהויבן פון זיין סיבירער ערד און אַוועק איבער גאַנץ ראַסיי: „ראָמאַנאָווקע, יאַקוטסקער פּראָטעסט!”... — טראָגן איצט, אַנאַ און אַנמאַן, אויף זייערע קעפּ, ווי איין געמיינזאַמע קרוין, — אַט די —

— ראָמאַנאָווקע...

געלאָזן הינטער זיך די גרייטע צוועלף יאָר קאַטאָרגע, דעם קלאַנג פון קייטן, וואָס וועגן „בלויז” זעקס און אַ האַלב פונט, געלאָזן עס דאָרט —

אין לאַנד פון זאַוואָיעס און שנייען,
אויפן ברעג פון לענאַ דער ברייטער...

אויף דער פּאָרטאָווער גאַס פון יאַקוטסק שטייט איצט דאָס ברייטע הילצערנע הויז פון יאַקוט ראָמאַנאָוו, שטייט מיט דער פּלייצע צו דער לענאַ. די זאַלפּן זענען שוין לאַנג פאַרשטומט, די קרבנות — שוין לאַנג פון הויף אַראָפּגעטראָגן — איצט טראָגט זיי אויף זיך די אָקטאָבער־כוואַליע, איצט טראָגן זיי מ י ט זיך און א י ן זיך אַנאַ און אַנמאַן.

עס איז געווען מיט קנאַפּע צוויי יאָר צוריק. אין סיביר האָט מען איינגעשטעלט אַ שווערן רעזשים. איבער גאַנץ ראַסיי איז געגאַנגען דער מיניסטער פאָן פּלעווע. ער איז געגאַנגען מיט שטיוול אין פּאָדקאָוועס. איז ער דערגאַנגען ביז יאַקוטסק. דער גובערנאַטאָר קוטאַאיסאָוו האָט געדאַרפט „מאַכן אָרדענונג” און לערנען מיט די פּאָליטישע דרך־ארץ. דיסציפּלין! צופיל אַנטלויפט מען פון דאָרטן, צופיל רודערן די פאַרשיקטע. מען האָט דאָרט געמאַכט

א רעוואָלוציאָנערע נעסט, פון וואַנען רעוואָלוציאָנערע פויגל פליען אין גאַנץ רוסלאַנד... —

אין אוסט־קוטע האָט מען פּאָליטישע געשלאָגן. הונדערטער האָט מען פארשיקט אין אַזעלכע ווייטעניש, פון וואַנען מען קומט זעלטן צוריק. אָט האָט מען געשיקט קיין ווערכאָיאַנסק לעווינסאָנען און רודערמאַנען, אָט האָט מען קיין קאַלימסק פאַראָרדנט מענדל באַסן. אָט האָט מען פארשיקט ווייטער פון זייערע ביז־איצטיקע פאַרשיקונגען איזראַעלסאָנען, געלפּאַרדן, וואַרדאַיאַנצן. אָט האָט מען אַראָפּגעבראַכט פון זנאַמענקי, פון אירקוטסקער געגנט, אהרן זאַלקינדן, און מען האָט אים נאָך צוגעוואָרפן נייע פינף יאָר פאַרשיקונג. מען האָט אויך געבראַכט שאַדאָווסקין און ווענדען. פון אילומסק האָט מען געפירט לייקינען.

— ווי נאָר עס האָט זיך איינגעשטעלט דער ווינטער־וועג איבער דער איינגעפרוירענער לענא — האָט אַנמאַן געזאָגט — זענען געטריבן געוואָרן פּאַרטיעס נאָך פּאַרטיעס, עס האָט אויסגעזען, ווי אַ פעלקער־איבערוואַנדערונג...

— דער מערב האָט געשיקט אויפן מזרח...

קיין ווערכאָיאַנסקער געגנט, קיין קאַלימסקער געגנט — עס האָט געהייסן שיקן מענטשן אויף זיכערן אומקום. ס'איז דעריבער געוואַקסן דער צאָרן. דאָס אייזן איז געווען אָנגעגליט, דער האַמער האָט איבער אים געהאַקט, זענען געפלויגן פונקען, דער פלאַם האָט זיך אַרויסגעכאַפּט.

— וואָס זאָל מען טון? —

זענען געווען דריי פלענער: איין פלאַן איז געווען צו מאַכן אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד פון אַלע פאַרשיקטע און פאַרכאַפּן יאַקוטסק. דאָס וועט זיין אַ סיגנאַל פאַר גאַנץ רוסלאַנד. די רעוואָלוציע וועט זיך אָנהויבן פון סיביר. דער גאַנצער יאַקוטסקער גאַרניזאָן באַשטייט פון הונדערט און פופציק פערזאָן, וועט מען אַרומרינגלען, אַנטוואָפענען און פאַרכאַפּן די מאַכט.

דאָס איז געווען קאַסטיושקאָס פלאַן. ער האָט געגליט אינגאַנצן, ווען ער האָט זיין פלאַן פאָרגעשטעלט פאַר די פאַרזאַמלטע.

— ער איז גרייט געווען אַט שוין זיך צו שטעלן אין דער שפּיץ פון אויפשטאַנד.

דער צווייטער פּלאַן איז געווען — זאָל זיך „סיביר" אויפהויבן און גיין, אַ מאַסן־אַוועקגאַנג פון סיביר. מען זאָל גיין איבער דעם נעלקאַן צום פּאָרט איאַנאַ, פאַרכאַפּן אָט דעם פּאָרט און זיך פאַרבינדן מיט די יאַפּאַנער. מען זאָל זיך פון דאָרט אַריבערקלויבן קיין יאַפּאַן.

— דאָס איז געווען משה לוריעס פּלאַן...

דער דריטער פּלאַן איז געווען צונויפקלויבן זיך צוזאַמען אין איין הויז, זיך פאַרבאַריקאַדירן, זיך באַוואָפענען, די ווענט באַשיצן פון קוילן, קאָלעקטיוו פּראָטעסטירן, נישט אַרויס פון הויז, ביז עס וועלן נישט נאָכגעגעבן ווערן די אַרויסגעשטעלטע פּאָדערונגען. עס וועט זיין אַ הילכיקער פּראָטעסט, עס וועט זיך אויפהויבן אַ טומל, ער וועט העלפן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

— און אויב עס וועט אויסקומען אומצוקומען, איז אויך פאַרפאַלן.

— מיט אַ לעגענדאַרער שנעלקייט האָט די שרפה זיך פונאַנדערגעפּלאַקערט...

— דעם 18־טן פעברואַר 1904 האָבן צווייאונפערציק רעוואָלוציאָנערן זיך פאַרדעקט מיט די הילצערנע ווענט פון יאַקוט ראָמאַנאָוו און אַרויסגערופן די רוסלענדער רעגירונג אויף אַ שלאַכט.

— „נאַ באָי!..."

— לכתּחילה זיך פאַרמשפּט אויף אַ זיכערן טויט.

צוויי פון די „טויטע" ווערן איצט געטראָגן מיט דער אָקטאָבער־כוואַליע. צוזאַמען מיט איר ווערט אויך געטראָגן דאָס הילצערנע הויז פון יאַקוט ראָמאַנאָוו.

געווען איז דעמאָלט אַזוי:

אין ראָמאַנאָווקע זענען שוין געווען פאַרשפּאַרט פינפאונפופציק מאַן (דרייצן זענען צוגעקומען). ווען מען האָט אין דער פרי אַרויסגעקוקט פון דער ראָמאַנאָווקע, האָט מען געזען, אַז זי איז אינגאַנצן באַלאַגערט. זי איז געווען באַוואַכט פון צוואַנציק פּאָליי־

ציאַנטן און קאָזאַקן. אינעווייניק, אונטער דער אָנפירונג פון באָד־ניעווסקי, זענען פיבערהאַפט געמאַכט געוואָרן פאַרפעסטיקונגען אויפן פאַל פון אַ שטורם־אַטאַקע. אַלע האָבן געלעבט אין איין דערוואַרטונג. הגם קיינער האָט נישט געצווייפלט אין זיין אומקום, איז דאָך די אַרבעט געגאַנגען אין אַ שנעלן טעמפּ. דער הויפּט־קו־כער, חיים זאַקאָן, האָט געאַרבעט מיט זיינע געהילפן, געלמאַן, טריפּאָנאָוו און צוקער. זיי האָבן געטון זייער אַרבעט, נישט ווי מען וואָלט דערוואַרטן דעם טויט אַ ליאַדע מינוט.

מיטן געווער האָבן זיך פאַרנומען אַנדערע. 47 שטיק געווער זענען געווען — פון פאַרשידענע קאַליבערן, פון פאַרשידענעם על־געמאָסטן די פּאַדלאָגעס און געלערנט ווי זיך צו לייגן בעת דער קאַמפּס־גרופּע איז געווען באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן און קינ־זשאַלן עס זענען געווען אין איר פינף נאַציעס: יידן, רוסן, פּאָ־ליאַקן, אַרמענער און גרוזינער.

— געדענקסטו צוקערן, דעם רעוואָלוציאָנערן קוימענקערער פון ווילנע?...

דער צוזאַמענשטויס איז דערוויל נישט געקומען. ביידע צדדים האָבן אויסגעוואַרט, דעם צאַרס רעגירונג פון איין זייט און פּיראַונפּופּציק סאָציאַליסטן — פון דער צווייטער זייט.

ביים גובערנאַטאָר האָט מען זיך געסודעט, אין ראָמאַנאָווקע האָט מען די ווענט באַלייגט מיט זאַמד און מיט האָלץ, מען האָט געמאָסטן די פּאָדלאָגעס און געלערנט זיך ווי צו לייגן בעת דער שיסעריי. אין צווישן־צייט האָט מען געזונגען לידער. דער הויפּט־זינגער איז געווען חיים זאַקאָן. דער פּאָליאַק זשאָנץ האָט פון מאָל־צו־מאָל געזונגען פּוילישע רעוואָלוציאָנערע לידער, וואַרדאַראַנץ האָט אונטערהאַלטן דעם עולם מיט אַרמענישע קופּלעטן:

וויִלסטו זיין אַ גוטער יאַט
זאָלסטו עסן מאַרמעלאַד,
ווילסטו אָבער גליקלעך זיין
ווילסטו אָבער גליקלעך זיין,

צענטעראַדזע האָט פלינק און שיין געטאַנצט אַ טשאַרדאַש.
טעג זענען געגאַנגען און דער שטורעם האָט זיך דערנענטערט.

אַן אָנזאָג אויף שטורעם איז געווען דעם 26־טן פעבּרואַר. דעמאָלט איז צום ערשטן מאָל אויפגעהויבּן געוואָרן איבּערן דאַך פון ראָ־מאַנאָווקע א רויטע פאָן. אויף בּיינאַכט האָט מען זי אַרונטערגע־נומען, זעקס פאַרטאָג האָט מען זי אויפגעהויבּן.

— עפּעס פייערלעכעס איז געווען אין דעם איינציקן הויז פון אויפשטאַנד — איין הויז אויף דעם גאַנצן ערד־קוגל, איבּער וועלכן עס הענגט אומבּאַשטראָפט א רויטע פאָן. א פאָן, צו וועל־כער מען האָט געזונגען אַזויפיל הימנען. מען האָט זי געזען אי־בּער דער גאַנצער שטאָט, זי איז געווען דער סימבּאָל פון עקשנות־דיקן קאַמף פאַר מענטשלעכער ווירדע און ליכטיקער צוקונפט. פריי האָט געפלאַטערט אָט די פאָן...

איצטער גייט־מיט די פאָן מיט אַנע און אַנמאַן, מיט דער אָקטאָבּער־כוואַליע.

ראָמאַנאָווקע איז געווען פעסט בּאַלאַגערט. עס איז געווען דער דריטער מערץ און עס האָט געשמעקט מיט — פּולווער. די סאָלדאַטן, וואָס האָבּן בּאַוואַכט דאָס הויז, האָבּן זיך שוין דער־לויבּט אָנגריפן. זיי האָבּן צוגעקלאַפּט די לאָדנס פון הויז. אונ־טער פאַרמאַכטע לאָדנס האָבּן געקאָנט די סאָלדאַטן אַלץ גרייט מאַכן צום שטורם, זיי האָבּן זיך געקאָנט נאָכדעם אַריינרייסן אי־בּערראַשנדיק. אַ זיי האָבּן געקאָנט נאָכדעם אריינרייסן אי־ געוויינלעך, אויסשיסן אַלעמען, אויסקוילענען... האָט מען די לאָדנס צוריק אויפגעריסן.

4־טער מערץ. פון צוועלף בּיז צוויי בּיינאַכט איז געשטאַנען אויף דער וואַך טעפּלאָוו. ער האָט געהערט א פאַרדעכטיקע בּאַווע־גונג אַרום הויז. מען האָט געטראָגן שווערע זאַכן, קלעצער, בּרעטער און זיי אָנגעוואָרפן בּיי די ווענט פון ראָמאַנאָווקע. יענער צד, הייסט עס, מאַכט זיך פאַרטיק.

בּיזן מיטן פון צווייטן טאָג האָט נאָך דער שטורעם אַלץ נישט אויסגעבּראָכן. עס איז געווען דריי בּייטאָג. עס האָבּן זיך געהערט צוויי שאָסן. בּאַלד — א בּהלה. אַלע ראָמאַנאָווצעס געפינען זיך אויף זייערע ערטער. פון דרויסן קומען א פּאָר זאַלפּן, איינער נאָכן צווייטן.

— אויף דר'ערד!...

אלע ליגן אויף דער ערד.

איין מאטלאכאוו ליגט נישט. ער איז אויף זיין פאסטן, ווי באשטימט, מיט דער ביקס אין האנט. א רגע שטיל. באלד נאכ־דעם — א ווילדע זאלפעריי. מאטלאכאוו איז אויף זיין פלאץ ביים בריקל.

טאראראך — טארא—ראך! עס שיסט רוסלאנדס רעגירונג. איבער ראמאנאווקע איז א רויטע פאן. א טויב אין מבול. פיראונ־פופציק זענען אויפגעשטאנען, כדי צו שטארבן פאר מענטשן־ווירדע, פאר פרייהייט! די זאלפן ווילן אוועקלייגן די פאן.

עס שיסן צארישע ביקסן. דארט שיסט דער גובערנאטאר, דארט שיסט פאליציי. דארט שיסן פינסטערע זעלנער. —

מאטלאכאוון האט געטראפן א קויל. ער האט זיך איבערגע־קערט. אנמאן איז צו אים צוגעקראכן. די קוילן שלאגן זיך אפ אין די ווענט. דא זוכט אנמאן ביי מאטלאכאוון שפורן פון לעבן.

— ער איז טויט...

די שיסעריי גייט. אלע ליגן ווייטער. אין מיטן זיצט דער קאמאנדיר פון ראמאנאווקע, באדניעווסקי. ער זיצט מיט א ביקס אין דער האנט און — ווארט.

— ליג זיך!.. — שרייען צו אים די איבעריקע — א קויל וועט דיך טרעפן!...

ער וויל נישט הערן. ער באשטימט נאכפאלגער אין פאל פון זיין טויט:

— קורנאטאווסקי... — זאגט ער — און אנמאן...

די שיסעריי ווערט איבערגעריסן און ווערט צוריק באנייט אין פינף מינוט ארום. ווערט ווידער איבערגעריסן און ווידער באנייט...

— רווישט זי איצט אין דער אקטאבער־כוואליע...

דאס שיסן האט זיך סוף־כל־סוף איבערגעריסן. דארט אויף יענער זייט, ביים צאר צופוסנס, זענען געלעגן צוויי טויטע זעל־נער. קורנאטאווסקיס ביקס האט אריינגעטראפן. דא, אין הויז, איז געווען איין טויטער און איין פארוווּנדעטער — מאטלאכאוו און באצקעלעוויטש.

האט זיך איצט געקליבן ארום ראמאנאווקע גאנץ יאקוטסק.

מער האָט מען אין דעם טאָג נישט געשאָסן. איינער פון די ראָמאַ־גאָווצעס איז ארויסגעקומען אויפן דאַך. ער איז געגאַנגען צו דער פאָן. ער איז געגאַנגען אַנצוטון שווארצס אויף דער רויטער פאָן. אין ראָמאַנאָווקע ליגט דאַך אַ טויטער. האָט גאַנץ יאַקוטסק געזען, ווי ער גייט. זענען געווען אין זיין גאַנג טריט פון די גבורים.

— גייט ער איצט מיט דער אָקטאָבער־כוואַליע...

ווידער אַ הפסקה און — ווידער זאַלפּן. שטייט אַנאַ פון צוויי אַזייגער בייטאָג אויף דער וואַך, זי קוקט צו דער גאַס. ערשט זי זעט צווישן פאַרקאַן אַ ריי פון ביקסן, ביקסן, וואָס צילעווען זיך גלייך צום הויז, צילעווען זיך אין איר. עס הערט זיך אַ זאַלפּ. אַ קויל לויפט אין פענסטער. אַ קויל לויפט פאַרביי איר באַק. אַ קויל האקט זיך אריין אין אויוון. זאַלפּן, זאַלפּן — איינע נאָך די אַנ־דערע. אַלע ליגן ווידער אויף דער ערד. וואַך־חברים זענען אויף די פּאָסטנס. וועט דער צאַר וואַגן אויפרייסן די טירן, וועלן זיך אַלע אַ הויב טון. מיט די רעוואָלווערן, מעסערס, העק.

די שיסעריי גייט איצט פון אַלע זייטן. דערווייל שיצן נאָך די ארומגעזעענע ווענט. מען שיסט פון הויף און פון דער גאַס. וואָס וועט זיין, אויב זיי וועלן זיך אריינרייסן אין פּאַרטער פון הויז און וועלן ארויפשיסן דורך דער פּאָדלאָגע, וועלכע איז נישט באַ־זאָרגט? — אָט דאָס האָט מען אין גאַנצן ארויסגעלאָזט פון זין!...

אַנאַ איז אויף איר וואַך. זי האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, זי איז אָבער אַליין אויף איר פּלאַץ.

— אַנאַ, ווי פילסטו זיך, לעבסט?... — שרייט צו איר אַנ־מאַן.

— גלענצנד!... — ענטפערט זי.

אַ הייסער טעם איז אַזאַ דיאַלאָג. עפּעס פון אַן אנדער וועלט איז דאָ אין אים. עס הערט זיך אין אים דער חתוך־הדבור פון אַ נייער שפּראַך.

— ווערט ער איצט, דער ווידער־קול, געטראָגן אויף דער אָק־טאָבער־כוואַליע...

קאַסטיושקאַ איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. ער ברענט. די

קויל זיצט אין זייט. אנמאן באנדאזשירט אים. אפשר וועט ער אים ראטעווען?...

וואונדערלעכע טעג פון דער ראמאנאווקע. האבן די דאזיקע טעג ארויפגעזעצט אויף זייערע קעפ רויטע פענער און זענען אוועק איבער רוסלאנד, אריבער די גרענעצן און אוועק איבער דער וועלט.

האבן זיך פארזאמלט די ראמאנאווצעס אין די דאזיקע טעג און דארפן באשליסן: ווייטער אויסהאלטן, אדער — לאזן זיך אנטון קייטן, זיך אונטערגעבן?...

שווער צו באשליסן. דארט ווילן זיי אויסשיסן די ראמאנאווצעס איינציקווייז. עס איז נישט קיין קאמף, אין וועלכן מען פאלט פנים אל פנים, נאר — אין וועלכן מען ווערט דערמארדעט לאנגזאם. אפשר אויפעפענען די טיר און ארויס מיט די העק און מעסערס און פאלן אזוי טויטע אונטערן הימל?... אפשר בלייבן ווייטער איינגעשלאסן און זיך ווערן און אומקומען, אומקומען ביזן לעצטן? אפשר זאלן אלע צוזאמען פארענדיקן זייער לעבן, זאל אריינקומען דער גובערנאטאר און געפינען אלע טויט, און זאל דער דאזיקער טויט שרייען איבער גאנץ ראסיי?...

אומקומען? — פארוואס? צוליב וואס? — די רעוואלוציע דארף האבן די מענטשן. דאס לעבן איז א גרויסער אוצר!... — דער פראטעסט האט זיינס געטון. קרבנות זענען געפאלן. איצט דארף מען גיין צום משפט. דארט וועט מען אויפדעקן די גאנצע מערדעריי. שטארבן וועט מען באוויזן נאכן משפט — אויף די תליות.

— הייסט עס זיך אונטערגעבן? ארויסהענגען א ווייסע פאן און שיקן „פארלאמענטאריער” צום שונא? — האט אנמאן געזאגט — פארוואס זאלן מיר עס טון גראד היינט? וואס איז געשען? ווער און וואס צווינגט אונז צו דעם? עס זענען געפאלן אייניקע קרבנות? — איין טויטער און דריי פארוואונדעטע? — דאס איז, פארהעלטנישמעסיק, נישט פיל. האבן מיר זיך דאך געריכט אויף קרבנות!... ראמאנאווקע איז איצט א פעסטונג פון דער רעוואלוציע — א פעסטונג קאן פאלן, קאן גענומען ווערן מיט

שטורם, קאָן געגומען ווערן דורך באַלאַגערונג, דורך אויסהונגע־רונג — די אַלע פאַלן זענען איצט נישטאָ. מען מוז ווייטער אויס־האַלטן. מיר פירן אַ פּאַסיוון קאַמף? — דאָס איז נישט ריכטיק. אונזער פאַרטיידיקונג איז אַן אַקטיווע און דווקא דעריבער זענען ביי אונז פאַראַן ווייניק קרבנות. מיר האַלטן זיך שוין צוויי און אַ האַלבע וואָך, אַזוינס איז נאָך נישט געהערט געוואָרן אין דער כראָניק פון דער רעוואָלוציע און יעדער ווייטערדיקער געוווּנענער טאָג פאַרגרעסערט דעם רום פון ראַמאַנאָווקע. פאַרוואָס זאָלן מיר אַליין פאַרטונקלען די ליכט פון ראַמאַנאָווקע? — אויב מיר זענען פאַראורטיילט זיך אונטערצוגעבן, דאַרפן מיר עס טון דעמאָלט, ווען עס וועט שוין ווירקלעך נישט זיין קיין שום מעגלעכקייט ווייטער זיך צו האַלטן.

דאַרף מען אָבער פאָרט באַשליסן: וואָס זאָל מען טון? —

זענען אָפּגעגעבן געוואָרן צוויי־און־צוואַנציק שטימען פאַר ווייטער קעמפן, צוויי־און־דרייסיק שטימען — פאַר קאַפּיטולירן.

— זאַלקינד אהרן, פאַר, צי קעגן?

— קעגן קאַפּיטולירן!

— חיים זאַקאָן? —

— פאַר...

— צוקער, קוימענקערער צוקער! — פאַר וואָס ביסטו — קאַפּיטולירן, צי קעמפן ווייטער?

— קעמפן ווייטער!...

— אַנאַ?

— קעגן קאַפּיטולירן!...

— משה לוריע?

— פאַר!...

— קאָסטיושקאַ, פאַרווונדעטער קאָסטיושקאַ, קאַפּיטולירן, אָדער ווייטער?...

— ווייטער!...

— און דזשאַראַדזע?

— קעגן קאַפּיטולירן. ווייטער!...

— דאָבראָסמיסלאָוו?

— קעגן!...
— זשמורקין!
— קעגן!...
— מעציאנוק?
— קעגן!...

וויקער — פאר, געלמאן — פאר, ברוידע — פאר, גינז־בורג — פאר, גאבראנידזע — פאר, דריונאוו — פאר, אלד־שטיין — פאר, קודרין — פאר, רזשאנץ — פאר, רובינטשיק רבקה — פאר, טעפלאוו — פאר, פריד — פאר, באצקעלעוויטש— פאר, צעטעראדזע — פאר...

— אונזער געגנט איז אָרים!... — האָט געזאָגט צעטערא־דזע — און פינסטער, מענטשן זייער ווייניק, אפשר וועל איך נאָך קאָנען קומען אהין און דערציילן אלץ, וואָס דאָ איז געווען? — מען דאַרף דאָך ביי אונז האָבן מענטשן!...

פון דעם איז ווארים געוואָרן אלעמען — סיי די, וואָס האָבן געשטימט פאר, און סיי די, וואָס האָבן געשטימט קעגן. די צוויי פארוואונדעטע קאסטיושקא און מעדיאנוק האָבן געשטימט פאר וווייטער קעמפן.

— אין די פארצווייפלטסטע מאָמענטן איז דאָס, אנא, געווען דאָס מוטיקסטע און דירנדסטע. די צוויי פארוואונדעטע האָבן דאָך זיכער געוווסט, אז וווייטער בלייבן אין ראָמאנאָווקע הייסט פאר זיי — שטארבן אין די וווּנדן, אין די שרעקלעכסטע יסורים!...

— ווערט די דאָזיקע מוטיקייט געטראָגן אויף דער אָקטאָבער־כוואליע...

עס איז געקומען די לעצטע נאכט פון ראָמאנאָווקע. —

— אין דער נאכט האָט קיינער נישט צוגעמאכט קיין אויג. מען האָט ארומגעבראָדזשעט, ווי דערהרגעטע. טרערן פון פאר־צווייפלונג האָבן געשטיקט אין האלז, עס האָט געשטיקט דאָס גינ־אנטע בילד פון מאָרגנדיקן טאָג...

— קורנאטאָווסקי האָט באשלאָסן צו באגיין דערפאר זעלבסט־מאָרד...

— ווי דעלעקליוז האָט נישט געוואָלט איבערלעבן דעם אונ־טערגאַנג פון דער פּאַריזער קאָמונע.

עס איז געקומען דער טאָג. איצט האָט געוואַרט געריכט און תּליה, און קאַטאָרגע. —

עס איז געקומען דער משפּט. פּראָקוראָר, פּאַרטיידיקער, פּסק, קאַסאַציע, לעצטע וואָרט, לעצטער אורטייל:

— צו צוועלף יאָר קאַטאָרגע...

— געדענקסטו, ווי דער לאַנגער משה לוריע האָט זיך אויפ־געהויבן פון דעם ענגן געלעגער אין ערגסטן טורמע־קאַמער און געזאָגט: „נעמט עס דער טייוול, עס איז דאָך נישטאָ אפילו, ווו אַ שפּיי צו טון!..."

— געדענקסטו, אַנאַ, אַקוראַט מיט דריי יאָר צוריק האָט מען אונז אַרעסטירט אין ביאַליסטאָק נאָכן צוזאַמענפאָר פון דער עסדע, אָפּגעפירט קיין גראָדנע?... צי געדענקסטו?...

— מען דאַרף איינלייגן דאָס אַפּטייקל אין די קוישלעך... —

— — — — — — — — — — —

וואָס איז עס? פאַרוואָס זענען אַלע אַזוי פריילעך? פאַרוואָס שרייען אַלע געזיכטער מיט אַ התלהבות? — פאַרוואָס פאָכעט עפּעס ווער מיט אַ גרויסן פּאַפּיר? — דאָס הארץ קלאַפּט אַזוי שטאַרק און פילט עפּעס פריידיקעס, עפּעס אויסטערלישעס!...

— מאַניפעסט!... מאַניפעסט פון אָקטאָבער!

טראָגט זיך איצט די אָקטאָבער־כוואַליע, טראָגן זיך מיט איר אויך אַנאַ און אַנמאַן.

אַ סוף! אַ סוף מיט די קייטן, אַ סוף מיט סיביר, אַ סוף מיט די טורמע־ווענט, אוים מיטן ליד:

ווּיכרי ווראַזשדעבּניע וועיוט נאַד נאַמי,
טיאָמניע סילי נאַס זלאָבּנאָ גנעטוט...
ווּ באָי ראָקאָוואָי מי ווסטופּילי ס׳ ווראַגאַמי,
נאַס יעשטשאָ סודבּי בעזוועסטניע זשדוט.

גייען אַנאַ און אַנמאַן אהיים, זיי גייען פון מאַגאַן, פון יאַ־קוטסק, פון אירקוטסק.

אַכטאונדרייסיקסטעס קאַפּיטל

# איינגעטונקט אין בלוט די שמיי-דריי זיינע, ד קאָנסטיטוציע...

אויף די רעלסן זענען געשטאַנען צוגן און נישט געטראַכט זיך צו רירן פון אָרט. זיי זענען שוין אַזוי געשטאַנען מעת-לעתן.

— זעסט אָ... — האָט נתן אָנגעוויזן אַוראַמען אויף די צוגן — רוסלאַנד שטייט..

— און דער סעמאַפאָר איז אָפן.

— ס'וועט זיך נישט רירן, ביז מען וועט נישט הייסן...

„ביז מען וועט נישט הייסן" — האָט געהייסן: ביז עס וועט נישט וועלן אָט דער, וואָס האָט איצט מיט זיך פול געמאַכט דעם גרויסן וואָקזאַל־זאַל פון דריטן קלאַס, פול געמאַכט דעם גרויסן אָפענעם פּלאַץ ארום וואָקזאַל, אָט דער פיל־טויזנט־קעפּיקער המון, וואָס האָט דאָך איבער זיך איין קאָפּ און נאָך מער — איין האַרץ, דעם קאָפּ און דאָס האַרץ פון דער רעוואָלוציע, פון פינפטן יאָר, פון גרויסן אָקטאָבער.

דאָ איז פאָרגעקומען דער מיטינג פון די אייזנבאַנער, אייגנט־לעך — דער מיטינג פון די אַרבעטער פון מינסק.

אויף דער פּראָוויזאָרישער טריבונע האָבן זיך באַוויזן רעד־נער נאָך רעדנער. ווער האָט זיי געקענט, ווער האָט געוווסט זייערע נעמען? — נאָר איינצלנע. עס האָבן גערעדט אָסיפּ, סעמיאָן, אַבראַם, קאַמענעוו, מיכאל. אָט ערשט האָבן זיך ארויסגעשריבן נעמען, ווי קורצע היראָגליפן, אויף די בלעטער פון דער רעוואָ־לוציע, נעמען, ווי די הונדערטער פייערלעך ביינאַכט אין אַ גרויסן פאָרט, צו וועלכן עס פאָרן גרויסע אָקרענטן.

— זאָל מען באַפרייען די אַרעסטירטע!.. — דאָס האָט פון דער טריבונע סעמיאָן אַריינגעוואָרפן אין המון. די מאַסע האָט עס אַ כאַפּ געטון, ווי אַ פלאַם כאַפּט אָן שטרויענע דעכער.

— באַפרייען!..

— גיין פאָדערן פון גובערנאַטאָר!..

— פון קורלאָוון!..

— פון הינטישן זון!..

— באַפרייען!.. פון די טורמעס ארויסלאָזן!..

— דאַלאָי מיט די טורמעס!..

דער גרויסער עולם, וואָס האָט זיך געוויגט אויפן גרויסן אָפענעם פלאַץ ארום וואָקזאַל, האָט נישט גוט דערזען און נישט גוט דערהערט, וואָס עס טוט זיך דאָרט אויף דער טריבונע. די איינצלנע ווערטער, וואָס זענען דערגאַנגען, האָבן אַליין געמאַכט אַ לעבן פאר זיך און עפעס זייערס אייגנס גערעדט צו דעם המון. עס זענען אָנגעלאָפן די נעמען פון די רעדנער. מען האָט איבער־געפרעגט: ווער רעדט? — ווער?.. ווער איז ער?.. אַ?.. ווי זאָגט איר?.. — עפעס לייענט מען פון אַ צעטל זייער הויך:

— דענישעווסקי!.. מעטלין!.. זשאַבאַ!.. בענטים.. וואָלינסקי!..

וואָס איז? ווער? וווהין?.. — דאָס זענען די שליחים, וועמען דער מיטינג שיקט צום גובערנאַטאָר קורלאָוו, ער זאָל ארויס־לאָזן די ארעסטירטע.

דער מיטינג איז ווייטער געגאַנגען. מען האָט גערעדט וועגן קאָנסטיטוציע, וועגן וואַכזאַמקייט. איין רעדנער, אַ צווייטער, אַ דריטער. מען וועט נישט ענדיקן ביז זיי וועלן נישט קומען אהער מיט די ארעסטירטע.

— לאָמיר דאָ וואַרטן, חברים!.. מען דאַרף זיי די סאַטראַפּן האַלטן ביים גאָרגל!.. — האָט געשריגן אַ רײַנער מיט אַ שוואַרץ־קאַצאַפּישער באָרד — די רעכטלאָזיקייט פון פאָלק וועט נאָך נישט פאַרריכט ווערן דורכן שלימזלדיקן מאַניפעסט. דער קאַמף דאַרף זיך ערשט אָנהויבן!... די באַנען וועלן נישט גיין ביז...

אין דער מאַסע איז געוואָרן שטאַרקער די באַוועגונג. עפעס ווייזט מען מיט די הענט. הונדערטער געזיכטער קערן זיך הינטער זיך.

— זיי גייען!..

— זיי גייען אהערצו!..

זיי גייען מיט די ארעסטירטע, וואָס זענען באפרייט געוואָרן.
דער המון האָט אָנגעהויבן יובלען.

— נידער מיט דער זעלבסטהערשונג!..

— זאָל לעבן די רעפובליק!..

— נידער מיט די טורמעס!..

— זאָל מען די טורמעס אונטערצינדן, וואָרום די כּלבים וועלן נאָך אונז צוריק אהין שלעפּן!...

איינער פון די דעלעגאַטן — ווער ווייסט דען זיין נאָמען? — האָט שוין פון דער טריבונע דערציילט, ווי אַזוי די זאַך איז פאָרגעקומען:

— זאָגט אונז דער גובערנאַטאָר קורלאָוו: „מיט וואָס קאָן איך אייך דינען?" — זאָגן מיר אים: „אין צוזאַמענהאַנג מיטן מאַניפעסט דאַרף מען באַפרייען די אַרעסטירטע". מאַכט ער אַ פאַרוואונדערט פּנים, פּלומרשט שטוינענדיק, אַז ער ווייסט גאָרנישט וועגן דער קאָנסטיטוציע. מער נישט, ער וועט גיין אַנטקעגן דעם פאָלק און באַפרייען אויף זיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט. זאָגן מיר אים: „אויב אַזוי, גאָספּאָדין גובערנאַטאָר, דאַרף מען שוין דאָס טון, מירן גיין צוזאַמען", זאָגט ער צו אונז...

דער פאָרזיצער פון מיטינג זשאַבאַ האָט איבערגעריסן דעם רעדנער און הויך אַריינגעשריגן אין עולם אריין:

— דער מיטינג איז געשלאָסן!.. צעגייט אייך!.. שנעלער!..

— וואָס איז?

— פאַרוואָס?..

— איך זאָג, אַז מען זאָל זיך שוין צוגיין!.. מען זאָל אויסמיידן אַ בלוט־פאַרגיסונג!..

דער שוואַרץ ־ באָרדיקער זשאַבאַ האָט באַמערקט אַרויפצו, ווייט פון מיטינג, אַ באַוועגונג. ער האָט געזען, ווי עס דערנענטערן זיך מיליטער־טיילן. דער עולם איז נאָך נישט געקומען צו זיך פון דער פּלוצימדיקער, אומגעריכטער פאַראָרדענונג, און עס האָט זיך דערהערט דער ערשטער זאַלפּ.

די מאַסע האָט אַ געשריי געטון, און באַלד איז דאָס געשריי צעריסן געוואָרן אין טויזנטער איינצלנע געשרייען. קולות, קרעכצן,

מענטשן פאלן אום אויף דער ערד. מען לויפט אין אלע זייטן. נאָך א זאלפּ. מען ווארפט זיך אהין, צוריק. נאָך א זאלפּ. מען קריכט אויף פּאַרקאַנעס. אנדערע שטייען צעטומלט, פארשטיינערט, קאָנען זיך נישט רירן פון אָרט. עפּעס אזא גוואלטיק וויכטיקע און גרויסע זאַך איז צעלעכערט געוואָרן, צעשאָסן. דער אָקטאָבער פון „פינפטן".

— סאָלדאַטן, פאראייניקט אייך מיטן רעוואָלוציאָנערן פאָלק...

— סאָלדאַטן!.. שיסט נישט...

נאָך א זאלפּ. נאָך איינער.

אין פארלויף פון איניקע מינוט איז דער פּלאַץ פּוסט געוואָרן. אויף די שטיינער האָבן זיך געוואלגערט היטלען, דאַמען־היט, קאַפּעלושן. עס זענען געלעגן פארוואונדעטע און — געקרעכצט. עס זענען אויך געלעגן טויטע.

אויפן פּלאַץ האָט מען מער נישט געשאָסן. מען האָט אריבערגעשאָסן אויף מיכאילאָווער גאַס, אויף וואסילעווסקי געסל, ווו דער עולם איז געלאָפן. אָט ליגט דאָרט יענטים א טויטער, אָט דער יענטים, וואָס האָט נישט לאַנג גערעדט מיטן גובערנאַטאָר וועגן באַפרייען די ארעסטירטע. א מענטש מיט א רעוואָלווער אין האַנט האָט זיך געיאָגט אויף סעפּיראָווער גאַס נאָך מעטלינען. „פעדקא דער גבור" האָט ארויסגעהאַקט דעם רעוואָלווער פון יענעמס האַנט.

יענטימען האָט מען א טויטן געבראַכט אין זיין וווינונג. עס זענען אהין געקומען איניקע חברים. מען האָט דערציילט, אז גלייך, ווי די דעלעגאַציע איז פון קורלאָווען אוועק, האָט ער באַפוילן זיי איינציקווייז דערשיסן אין גאַס. מען האָט געזאָגט, אז נאָך היינט ביינאַכט וועלן זיך אָנהויבן ארעסטן. מען דאַרף ארויסלאָזן א געמיינזאַמע פּראָקלאַמאַציע — פון עסדע, עסער און „בונד".

אויפן הויף פון אלטן יידישן הקדש זענען געלעגן צוויי און־פופציק טויטע קערפּערס. איניקע מתים זענען געווען אזוי צעשעדיקט, אז מען האָט זיי גאָרנישט געקאָנט דערקענען. אהעה

האָט געצויגן דעם המון, ווי די מתים וואָלטן רופן. מען האָט נישט געקאָנט אָפּהאַלטן דעם שטראָם פון מענטשן.

נתן איז געגאַנגען צווישן די מתים צוזאַמען מיט דעם שוואַרצן איטשע. ער האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט:

— אָט דאָ איז שאַפּקאַ איסאַק... אָט די איז שאַבאַד ראָזאַ און די — שאַבאַד נאַדיאַ... אָט איז שאַשע פעדער... משה סטאַראָבין... אַנטאָן וויקענטעוויטש...

נתן איז געבליבן שטיין פאַרשטומט נעבן דעם לעצטן מת. נאָכדעם האָט ער געזאָגט צום חבר איטשע:

— אָט האָט מען אַריינגעכאַפּט אין דער פּאַסטקע...

— באַפאַרבט מיט בלוט די שמיי־דריי זיינע, די קאָנסטיטוציע...

— אַ חיה, אַפילו ווען זי פּגרט — האָט געזאָגט נתן — דאַרף מען זי אויך וואָס גיכער דערשלאָגן...

— און איך זאָג דיר, נתן, אַז מען וועט אים אוועקלייגן, וועסטו שוין זען...

נייַנאונדרייסיקסטעס קאַפּיטל

# די רעוואָלוציע איז נישט קיין שפּילכל

— ביי זשידאָוו!.. ביי — זשי — דאָ — וו — וו —

ווי צערקווע גלאָקן: — ביי — ביי — זשידאָ — וו — וו —

מיט צענטויזנט פּיסקעס האָט דער פאַרבלוטיקטער צאַרישער בער געברומט איבער גאַנץ ראָסיי. ער האָט זיך געטראָגן איבער רוסלאַנדס וואַלד מיט שטראָף־אָטריאַדן, פייער און שווערד, אונטער כוואַשטשעניש פון נאַהייקעס און קוילן.

אין די יידישע שטעט האָט אַריינגעקוקט מיט איבערגעקערט־אויסגעגלאָצטע, בלוטיק־פאַרלאָפענע אויגן —

— דער פּאָגראָם!..

אין אָדעס האָט ער אַכזריותדיק צעפּליקט אויף טויט טויזנט

נײַנהונדערט ייִדן, פינפטויזנט — פאַרווונדעטע. אין בלוט און גוואַלד האָט דער שיכּורער מחבל אײַנגעטונקט די אויסגעחלומטע פרײַהייט. איר צעבלוטיקטער קאָפּ איז געווען באַשאָטן מיט פוך פון ייִדישע קישנס.

אויף קיעווער ערד איז געלעגן הונדערט פופציק דערהרגעטע ייִדן און דרײַהונדערט פאַרוווּנדעטע. —

די פּאָגראָם־כוואַליע האָט זיך געטראָגן איבערן גאַנצן ייִדישן תּחום, איז באַגליט געוואָרן סײַ מיט רחמנות־בעטנדיקע געשרייען, געוויינען און סײַ מיט גבורה פון זעלבסטשוץ. זי האָט געטראָגן אויף זיך די שרעק פון קאַסטיליע און פון פּראָג, פון נעמעראָוו און פון — רוים. אָבער עפּעס נײַעס און גרויסעס — קוילן און מעסער־גלאַנץ פון זעלבסטשוץ, וואָס קומט פון טשודנאָוו, פון האָמעל, פון ביאַליסטאָק.

די ראַנדן פון דער כוואַליע זענען באַלויכטן געוואָרן מיט דער שײַן פון שײַטער־הויפנס — פון באַרצעלאָנאַ און קאָרדאָוואַ. —

עס האָבן זיך געעפנט די טירן פון בתּי־מדרשים און פון דער טונקלקייט איז געקומען צום עמוד דער אַלטער קדיש, אַ גרויאיִנ־קער און אַ טלית אויף זײַן קאָפּ, מיט אַ „שמיה־רבא" אויף די בלייכע ליפּן, אויף דינע און קליינע פּיסלעך איז אַרײַן די אימת־מות. האָבן מגידים גערעדט פון די בימות:

— זינדיק זענען מיר, דאַרף מען תּשובה טון...

מענטשן זענען שטויב געוואָרן. פּחד־ליפּן האָבן געבעטלט אַ ביסל לעבן. און לעבן איז אויסגעגאָסן געוואָרן, ווי מוטנע וואַסער.

איז געריטן אָרלאָוו איבער דער באַלטישער געגנט און גע־ברענט דערפער, געשמיסן פּויערים, געשאָסן רעוואָלוציאָנערן, גע־פירט צום טויט. איז געגאַנגען די „שוואַרצע סאָטניע" איבער ייִדישע שטעט. —

* * *

דרײַ טעג האָט זיך אין שטאָט געצויגן דער פּאָגראָם. אַלץ איז געווען, ווי באַשטימט: די צערקווע האָט געקלונגען, די פּראַ־

צעכיע איז געגאנגען, עס האָט זיך געהערט א שאָס, מען האָט צוגעקלאַפּט אין בהלה די טירן פון די קראָמען, מען האָט אָנגע־הויבן לויפן, פּאָליציאַנטן — צו פייפן, די ערשטע באגעגנטע יידן האָט מען געשלאָגן — א ראָטע זעלנער איז געלאָפן. די שטאָט איז אָפּגעשטאָרבן אין א פערטל שעה. א קאַוואַלעריי פון ביקסן האָט צעיאָגט די חלומות פון דער רעוואָלוציע, זיי האָבן געזוכט א באהעלטעניש, געלאָפן, געפלויגן, ווי עס פליען די מעוועס, פארטריבענע פון פּאָרט.

גרופּעס שכורים זענען אוועק איבער דער שטאָט. זעט אויס— נאָר פרעמדע באָסיאַקעס, אראָפּגעבראַכטע פון אנדערע שטעט. מען האָט ארעסטאַנטן ארויסגעלאָזט פון טורמע. אויף די ראָגעס איז געשטאַנען רעגולער מיליטער און געשאָסן סתּם אזוי. פון די ביקסן האָט געשאָסן דעם צאַרס שרעק.

מיט קלענערע גרופּעס כוליגאַנעס האָבן אָנגעפירט איבער־געטוענע זשאַנדאַרן. איז געגאַנגען דער הויכער געשטופּלטער המן, דער פּאָליציאַנט, וואָס שטייט שטענדיק ביי מוראַוויאָווס דענק־מאָל, אין שפּיץ פון דער באַנדע, ער מיט א שטעקן, זיי אַלע מיט גרויסע שטעקנס, און האָבן געקנאַקט די פענסטער...

און געלאַכט און געהירזשעט.

אין אָוונט איז זיך דער פּאָגראָם צעוואַקסן. גרופּעס כוליגאַ־נעס זענען אָנגעפאַלן אין געשלאָסענע רייען אויף באזונדערע גאַסן, יעדע גאַס אָפּגעשלאָסן פון ביידע זייטן און זיך געלאָזט דאָרט אויף רויב און טויט.

א פייף — און מען לויפט זיך פונאנדער. שטיל. ווידער א פייף — מען לויפט שוין צוריק, מען איז שוין צוזאַמען און מען פּאָגראָמירט. —

און סאָלדאַטן, ווי געזאָגט, זענען געשטאַנען אין די ראָגן פון די גאַסן און סתּם־אזוי געשאָסן, געצילעוועט אין די פענסטער, געצילעוועט אין יעדן יידישן קאָפּ, וואָס האָט זיך באוויזן. —

— גוואַלד!.. גוואַלד! — — — — .

דאָ און דאָרט האָט געשריגן א הויז, א גאַנצע, א הויף, א גאַנצע גאַס.

און אין דער נאכט האט דער גוואלד־געשריי אפגעקלונגען אימהדיק און לעולם־ועד'יק. אן אלטער, א גרויער און גרויליקער געשריי:

— גוואלד!.. — גוו—א—א—ל—ל—ד—ד!..

שריי צום הימל, שריי צו דער נאכט, שריי צו זיך אליין. קיי־נער וועט נישט העלפן.

אין מארק איז געגאנגען א רויבעריי. די רויבעריי איז אנגע־לאפן אין הויכע פארבלוטיקטע שטיוול, מיט הונדערט לאפעס, מיט אזוי פיל בראנפן - שטינקנדיקע מיילער, געליארעמט, געריסן, די טירן פון די געוועלבער זענען געעפנט געווארן, — געשלעפט פון זיי פילדערנדיק יידיש האב און גוטס. באבעס זענען געלעגן אויף די געוועלבער, ווי דיקע, גראבע שפינען, עס זענען געלאפן באבעס פון פארשטעט, באבעס מיט זעק, ווי די מכשפות אין דער נאכט, און מען האט געלאכט, מען האט געקוואלן, געכיכיקעט, געליא־רעמט — א גארדאגאריע!..

אויפן „זאמד" איז געגאנגען א געפעכט. לכתחילה זענען דא אנגעלאפן די כוליגאנעס, זיך א צי־געטון צו די יידישע הייזער, אריינגעריסן זיך אין די דירות, זיך געכאפט צו די פרויען, צו ווארעם ווייבער־פלייש, און צו די פעדערן פון די קישנס צו די עטרות פון פאגראם־גרויל, צו די אלטע יידן און קליינע קינדער. בלוט און — שטיקער געשריי, בראזגעריי פון שויבן און — עס פליט פוך און פעדערן!..

— שלאג די יידן און ראטעווע ראסיי!..

— מ'עט אייך ווייזן, זשידי פארכאטי!..

עס האט אבער לאנג נישט געדויערט. די זעלבסטשוץ האט טאקע נישט געקאנט קעגנשטעלן זיך רעגולערע מיליטער, זי האט אבער געארבעט, ווי עס ארבעטן די פארטיזאנער. גרופן זעלבסט־שיצער האבן זיך באוויזן דא ביי סטאטשעק און דא ביי פעלד־גאס, דא אויפן שולהויף און דא — אויפן זאמד, געקומען, דאס לעבן מפקיר־זייענדיק, מיט רעוואלווערן אין די הענט, מיט קינ־זשאלן און נאהייקעס. —

גודל איז געלאָפן מיט א באַמבע. ער האָט אליין געמאכט אין זיין איבערשטיבל צוויי טעג נאכאנאנד באמבעס.

— טראַך!.. — טאַראַראַך!.. —

אַן אויפרייס קלינגט אָפּ אין דער גאנצער שטאָט. א גרוס פון דער רעוואָלוציע. און דאָ גייט מען איינס אויף איינס. אָט אזוי שטייט מען אונטער א האָגל קוילן. מען רינגלט ארום כוליגאנעס און — מען ווערט ארומגערינגלט.

איז געקומען צולויפן די זעלבסטשוץ אויף דעם „זאמד". דאָ האָט זי זיך איינגעביסן מיט די ציין. דאָ איז נישט דאָס סוחרים־געסל, דאָ איז נישט די ניקאָלאַעווער גאַס, דאָ וווינט די אָרעמקייט. וווינען די ארבעטער.

דער שווארצער גודל האָט ארייננעוואָרפן אין דעם קלומפּן כוליגאנעס זיין „קאַוואַן", ער האָט אויפגעריסן. „זאמד" האָט אויפגעציטערט און שויבן זענען געפלויגן פון אלע פענסטער.

— שיסט, ברידער!.. דערלאַנגט!..

— חברים, דאָס זענען נישט נאָר פּאָגראָמשטשיקעס, דאָס איז נאָכמער — די קאָנטר־רעוואָלוציע!...

אַצינד ביינאכט אויפן „זאמד" זעען אויס די פּאָגראָמשטשיקעס, ווי געשפּענסטער. דער הויכער איז — גענעראַל פּולאַן. דער גראָבער, וואָס שטייט מיטן ווייסן שטעקן איז — פּאַן־וואָל. אָט יענער אויפן בריקל — איז גענעראַל קורלאָוו. אָט דער דאָזיקער מיט די וואָנסעס איז — קרושעוואַן. אלע זענען זיי אהערגעקומען אויפן „זאמד" צו פּליקן קישנס און עפענען בייכער.

— דערלאַנגט, ברידערקעס, שיסט אריין!..

אין געדרייטן און טונקעלן לאַבירינט האָבן זיך די כוליגאנעס דערשראָקן. אָט איז איינער געפאלן אין זיין בלוט. נאָך איינער האָט א צעשפּאָלטענעם קאָפּ. וואסילי מיטן פארפּוילטן נעזל איז געפלויגן מיט דער באַמבע.

דוכט זיך, אז אלע יידן פון דער גאנצער שטאָט זענען געקומען אהער שיסן. אין וועלכער פּאַסטקע איז מען דאָ ארייננעקראָכן! — ווי דרייט מען זיך ארויס?.

— שיסט, ברידערקעס!.. — שרייט גודל דער שווארצער

מיט די געקרויזלטע האָר — האקט אריין דעם צאַרס ממזורים!..

מען הערט אַ שווערן געלויף און עס קלינגט ביים לויפן. זעלנער לויפן אהערצו. מסתמא האָט מען זיי אָנגעזאָגט.

— גודל, האָסט נאָך אַ קנוידל?... האַק אריין!

גודל האָט זיך ארויסגערוקט צום אָנהויב גאַס. עס ווארט איצט נישט איין גודל מיט אַ „קאַוואַן" אין האנט. עס שטייט איצט ביים קווער גאַס אַ גאַנצער דור. די גרופּע זעלנער דערנענטערן זיך. אַ סעקונדע. זיי שטעלן אָן די ביקסן, ער — הויבט אויף דעם „קאַוואַן":

— נו, נאַט אייך!.. אין אַ מזלדיקער שעה!..

עס האָט אויפגעריסן. עס פליען זעלנער מיט ביקסן אין דער הויך. עס האָט אָבער אויפגעריסן אויך אים — גודלען!.. —

ווייט פון דאַנען, אין אַן אַנדער געסל, איז געשטאַנען אויף זיין אָרעם הויפל גודלס טאַטע, איטשע דער סטאָלער. אַ נידערי־קער, ברייטלעכער ייד, מיט אַ גרוי און קורץ בערדל. מיט מוטנע אויגן, וואָס האָבן זיך אריינגערוקט טיף אין זיין אויסגעהאָרעוועטן באַלמעלאָכישן קאָפּ, מיט אַ צעשראָקענעם גוף, פון וואַנען דאָס האַרץ איז שוין ארויסגעפאַלן — אַזאַ איז ער געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט אויף זיין הויפל.

ער האָט געגלויבט, אַז זיין גודל וועט היינטיקע נאַכט קומען פון שטאָט. ער האָט געוווּסט, אַז ער לויפט דאָרט ארום צווישן די פּאָגראָמשטשיקעס מיט אַ רעוואָלווער. דאָס איז זיכער. אָבער ער לעבט געוויס. היינט ביינאַכט וועט ער קומען. דאָס האַרץ האָט אַזוי אָפּגענאַרט גודלס טאַטן. דורכן טויער וועט ער נישט קאָנען אריינקומען, ווייל דאָרט שיסן די סאָלדאַטן ער וועט געוויס קו־מען פון הינטן, איבערן פּארקאַן. האָט איטשע דער סטאָלער צוגע־שלעפּט צום הילצערנעם, הויכן פּאַרקאַן אַ לייטער. זאָל גודל קאָ־נען אריבערקומען דורכן לייטער. עס וועט אים לייכטער זיין. ער האָט געוואַרט אַ גאַנצע נאַכט אויפן הויף. דוכט זיך אים פון מאָל צו מאָל, אַז אָט הערט טאַקע, ווי גודל דראַפּעט זיך אויפן פּאַרקן:

— גודל, דאָס ביזטו?..

אָבער גודל מיט דעם קודלעוואַטן קאָפּ שוואַרצע האָר איז שוין געלעגן אַ טויטער אויפן „זאמד". זיין אייגענע באָמבע האָט אים דאָך אויפגעריסן. — ·

פאַרטאָג איז שטיל געוואָרן. מען האָט נישט געהערט קיין שיסעריי, קיין געשריי. מען האָט טאַקע געזאָגט, אַז אויפן דריטן טאָג וועט זיך דאָס ענדיקן. אזוי איז טאַקע געווען. די זעלנער, די כוליגאַנעס, די איבערגעטוענע זשאַנדאַרן זענען אַראָפּגענומען געוואָרן פון דער גאַס.

אין שטאָט איז שטיל געווען. זייער שטיל. די געמיינהייט האָט געשטומט. מען האָט געעפנט די פענסטער און געזען די שטילקייט. — ליידיקע גאַסן, צעטראַסקעט גלאָז אויף די טראָטואַרן, אויפן ברוק, אָפענע טירן פון געוועלבער. דער צעשטופּלטער גאַרדאַוואַי, דער גרויסער המן איז געשטאַנען אויף זיין וואָך, אזוי ווי מיט דריי טעג צוריק.

דעמאָלט האָבן די יידן ארויסגעשאָטן פון די הייזער, ארויס אין די גאַסן און זיך געקליבן צו דער לוויה פון זעקסאונפערציק קדושים. גודל צווישן זיי.

* * *

בענציע דער בעקער האָט אַרויפגעטראָגן אויף אַ דראָזשקע דעם שוואַרצן נחמן — דעם וועבער, אָדער ווי מען האָט אים גערופן: „דער למדן". ער האָט געהייסן דעם דראָזשקאַזש, ער זאָל לאַנגזאַם פאָרן אין יידישן שפּיטאָל. בענציע האָט געהאַלטן נחמנען אין זיינע הענט.

— אַזאַ זאַך זאָל ער אָפּטון...

נחמן האָט זיך אַליין אריינגעשאָסן אַ קויל אין האַרצן. ער האָט באַוויזן צו זאָגן, אַז ער האָט עס נישט געטון, ווייל מען האָט אסתּרן דערמאָרדעט. ניין, נישט דערפאַר. אין אַ מלחמה מוזן דאָך פאַלן קרבנות, אפילו אַזאַ קרבן, ווי אסתּר. ער האָט עס געטון דערפאַר, ווייל ער האָט געוואָלט דערשיסן די ווונד פון זיין אייגן הארץ.

— בענציע, מען קאָן מער נישט לעבן...

ער איז די פינף טעג נאָכן פּאָגראָם און נאָך דער לוויה אומגעגאַנגען, ווי אַ מטורף: ווי זעצן זיך מענטשן צוריק אַריין אין פאַבריקן?.. ווי אַזוי?.. ווי גייען ווייטער יידן אין די בתּי־מדרשים דאַווענען — ווי אַזוי?..

נחמן האָט עס נישט געקאָנט.

— פאַרשטייסט, בענציע, — האָט ער געזאָגט און געוויזן אויף זיין האַרץ — דאָ איז מיר אַ גרוב, אַ פינסטערע גרוב..

און אויף זיין קאָפּ האָט ער געוויזן:

— דאָ דרייט זיך אַ ליידיקע ווינט־מיל...

מען האָט אים גערופן: „נחמן דער למדן". ער איז טאַקע געווען אַ למדן. ער האָט געשטאַמט פון בית־המדרש, פון סלאָבאָדקער ישיבה, פון „חובת־הלבבות", איצט איז ער ענלעך געוואָרן צו אַ פרוש אַ בעל־תּענית.

— בענציע... — האָט ער גערעדט — מען האָט דאָך געשאָכטן בלויז יידן, מען האָט דאָך געקוילעט בלויז דאָס יידישע מיידל אסתּר...

— די קאָנטר־רעוואָלוציע האָט זיך געוואָרפן אויפן אוואַנגאַרד... — האָט בענצל דער בעקער געזאָגט.

— אפשר אַזוי, אָבער וואָס איז דען דער אונטערשיד פאַר דעם שמש פון חיי־אדם־בית־מדרש, וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן?.. — דאָס האָבן מיר, איך און דו, געבראַכט אויף אים דעם טויט...

— טויזנט וועלן פאַלן, אָבער אַ מיליאָן וועט פריי ווערן... — האָט בענצל זיך געוועדט.

— די טויזנט וועלן אָבער זיין אויפן „זאַמד" און דער מיליאָן — אין פעטערבורג, אין מאָסקווע, אין טאַמבאָוו...

— סיי די רעוואָלוציע און סיי די פרייהייט ווינט נישט אויף איין גאַס, אָדער אין איין שטאָט, שטייט נישט איין ביי איין פאָלק...

נחמן איז געוואָרן אַ שאָטן. ער האָט געקוקט אויף בענציען, וואָס האָט געוווינט מיט אים צוזאַמען, ווי פון אַ ווייטער וועלט

ארויס. ער האָט די דאָזיקע נאַכט נישט געשלאָפן, נישט געלאָזט אויך בענציען שלאָפן.

— ווייסט, בענציע, אָט די מעסערס, מיט וועלכע זיי האָבן געשאָכטן, שטאַמען דאָך נאָך פון כמיעלניצקים ציַיטן. האָסטו געהערט, בענציע, פון ת״ח און ת״ט?..

— אָבער די רעוואָלווערן, מיט וועלכע מיר האָבן געשאָסן, גודלס באַמבע, שטאַמען פון די נייע צייטן, פון היינט...

און בענצל האָט נאָך צוגעגעבן:

— און פון מאָרגן....

ווי א רעפריין אין נחמנס שמועסן איז אריינגעקומען אסתר.

— איז זי טאַקע טויט...

אָדער:

— דו ווייסט, בענצל אז איך האָב זי געזען ליגן צווישן די זעקסאונפערציק טויטע יידן, האָט זי מיר אויסגעזען, ווי א צדק־ניות, ווי א שרה בת־טובים...

— הער שוין אויף, נחמן, וועגן דעם נאָכצוטראַכטן. וואָס האָסטו געמיינט? — האָסט געמיינט, אז די רעוואָלוציע איז א שפּילעכל?.. — — — — —

— — — נחמן האָט שוין מער בענצלען נישט אויפגעוועקט מיט רייד. נאָר דער רעוואָלווער־שאָס האָט א ריס געטון בענצלען פון אייזערנעם בעטל:

— נחמן!.. ביזט משוגע?!.. נחמן!.. אזוי טוט א רעוואָלוצ־יאָנער? — א, נחמן!..

בענצל דער בעקער האָט גענומען נחמנען מיט דעם קויל אין הארצן אויף זיך. ער האָט אים געטראָגן אויף זיינע הענט א האַלבע גאַס אין מיטן דער נאַכט, ביז ער האָט געפונען די ערשטע דראָזש־קע, איז ער ארויף מיט אים אויף איר, זיך איינגעזעצט, געהאַלטן נחמנען אויף זיך און עס האָט זיך ארויסגעריסן פון זיין מויל:

— אי, למדן דו, למדן איינער...

פערציקסטעט קאַפּיטל

# דעם שונא אנטקעגן

א גוט און עסטעטיש צוגעקליבענע, צוויי־צימערדיקע דירה אויף נאַוואַליפּיע זיבעצן אין ווארשע. קיין סימן פון ספּעציעלער פּראָלעטאַרישקייט. די באַלעבאָסטע פון דער דירה — א יינגע אינ־טעליגענטע פרוי. א שווארצער קאָפּ פון א יינגער דאַמע, וועלכע שטייט אויף אירע אייגענע פיס. אויפן פּנים — א שטיל און דין שמייכעל. א געקומענע פון דער ליטע, א פּארפּוילישטע אין ווארשע, קוקט זי מיט אירע בולטע אויגן ווייטער פון דאַנען, דו ווייסט נישט געגוי וואוהין. בערטאַ.

ווען האָט געקאָנט איינפאַלן אַז זי איז נישט לאַנג געקו־מען צו פאָרן פון א דרייסטער שטיקל אַרבעט, וועלכע איז דורך בשלום: זי האָט געפירט ליטעראַטור קיין גראָדנע און ווילנע. דאָס קוישל, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר גראָדנע, איז דורך א טעות אָפּגעגעבן געוואָרן אין גראָדנער פעסטונג אריין. און דאָס קוישל פון גראָדנער פעסטונג — איר. האָט מען געדאַרפט דאָס עסק צורעכט מאַכן: צוריק אויסטוישן די קוישלעך. האָט זי דאָס גלאַטיק דורכגעפירט.

— עס איז געווען אַן איינשטעלעניש...

אָבער איצט איז שוין נאָך אַלעמען. איצט וועט קיינער אין איר נישט דערקענען א ליטעראַטור־טראַנספּאָרטלערין. איצט איז זי א יינגע באַלעבאָסטע און וועט זען, אז אויפן טיש זאָל זיין גו־טער טיי.

דער באַלעבאָס פון דער דירה, אַבראַם, איז פארנומען מיט צי־פערן. ער ציט זיי צונויף אין א פּאָר רעכן־ביכלעך:

| | |
|---|---|
| וו. ליבקנעכט „שפּינען און פליגן“ — | 20.000 עקז. |
| ק. קויטסקי „ערפורטער פּראָגראַם“ — | 5000 „ |
| „וואַרשעווער אַרבעטער“ — | 15.000 „ |

איצט דאַרף מען זען די הוצאות: פּאַפּיר... דרוק... איינ־

בינדן — שטימט צי נישט? — דאַרף מען אויפציען נאָכאַמאָל. באַלד וועט עס אַרויסקומען. —

— נו יאָ, ריכטיק, מען זעט דאָך...

דער חשבון וועט אָבער נישט אַנטלויפן. זאָגט זי צו אים:

— וועסט גיין צו טיי...

זיי זענען נישט אַליין אין שטוב. אויסער זיי איז שוין דאָ אַ היפּשער עולם. מען האָט אָפּגעלאָזט אַביסל די קאָנספּיראַציע. מען פאַרכאַפּט רעכט און מען שטעלט פאַר פאַקטן. אַזוי איז מיטן פאַרלאַג פון ביכער. אָט גיט מען אָן דעם ריכטיקן אַדרעס פון:

— סאַפּיעזשינסקאַ 19...

— נאָוואָליפּיע 17...

קומט מען היינט אַריין אַהער און מען היט זיך ווייניקער. פּאַמעלעכקע זענען שוין דאָ דאַן אין שטוב אַ מאַן צען־צוועלף.

מען איז דאָך נישט געקומען אַהער סתּם־אַזוי, צו פאַרברענגען. נישט נח קומט סתּם אַזוי, נישט עזרא, נישט ליזע, נישט שלמה, נישט מאיר. עזרא איז דער „פאָרשטייער” פון וואַרשעווער קאָמיטעט. אין וואַרשע איז אַ זון מיט אַ רעגן, אַלץ איז פונאַנדערגעאַקערט, די אַרבעטערשאַפט איז אויפגעוירט, מען זואָרט אויף נייע געשעענישן, און דאָך — דאָך איז כמאַרנע אויפן הימל, איז אַ צערודערונג, עפּעס פילט מען, אַז עס וועט זיך נישט גוט ענדיקן, עפּעס גרייט זיך, עפּעס קומט אָן אומגליק פון פּעטערבורג. נח איז אין וואַרשע, וויל זיך עזרא זען מיט נחן. צוויי בערדיקע מענטשן. בלאָנד און שוואַרץ.

די אַרבעט אין דרוק אויף גזשיבאָווסקע האָט מען דערווייל אָפּגעשטעלט. מען קאָן נוצן לעגאַלע דרוקערייען פאַר באַצאָלט, דאַרף מען נישט האַלטן די אייגענע אומלעגאַלע דרוק. ליזע איז אַרויס פון דרוק. איצט זי אויפן עולם־התּהו, נישט דאָ און נישט דאָרט, זי האָט זיך נאָך קיין אָרט נישט געפונען. איז זי געקומען אַהער, זיך זען — געוואָר ווערן, וואָס ווייטער.

צביה איז [illegible] אויך פאַראַן. צביה איז פון די ערשטע אָנהויבער. אויף דעם ווילנער בוידעם־שטיבל פון יאָר נײַנציק זיבן

איז זי שוין געווען. לעצטנס איז זי געווען אין לאָדזש און אין ווילנע. איצט איז זי געקומען צו „אַרבעטן" אין וואַרשע. דאָ דאַרף זי זיך טרעפן מיט נחן.

שפּעטער איז געקומען נזה. ער וועט זיך דאָ לאַנג נישט פאַר־האַלטן. עס דאַרף זיך דאָ אַראָפּכאַפּן ניקאָדים — גראָסער — דער אַלטער. ביי אים געפינט זיך די קאַסע. נח דאַרף זיך מיט אים צונויפרעדן. פאַרוואָס האָט ער זיך פאַרשפּעטיקט, ניקאָ־דים? ———

עלע מאַטאַלסקי איז אויך געקומען וועגן אַן ענין. ער איז דער „פאָרשטייער" פון ראַיאָן־קאָמיטעט. ביי עזראַן דאַרף ער געוואָר ווערן וועגן דער געפּלאַנטער נסיעה אין ראַיאָן. ער איז געווען זיכער, אַז אויף נאָוואָליפּיע וועט ער אים באַגעגענען, און— טאַקע געטראָפן.

דאָ איז פאַראַן ישראל־מיכל. ער איז לעצטנס אין וואַרשע. דער קילער, פאַרגליווערטער שמייכל גייט נישט אַראָפּ פון זיין פּנים. ער האָט זיך געדאַרפט צונויפרעדן מיטן נחן וועגן דער געפּלאַנ־טער רייזע קיין ווילנע. אָט טאַקע וועט מען כאַפּן אַ שמועס.

— נו, גייט צום טיש. טיי איז שוין דאָ... האָט גערופן די באַלעבאָסטע.

— אדרבה... — האָט נח געזאָגט.

ער האָט זיך געזעצט דער ערשטער צום טיש.

שמועסט מען. דער שמועס איז וועגן די שטראָף־עקספּעדיצ־יעס. אָט איז געקומען אַ חבר פון דווינסק און האָט דערציילט, ווי אַזוי דער אָפיצער אָרלאָוו האָט זיך אויפגעפירט אין אַ דער־בייאיק שטעטל

— עס איז דאָך שווידערלעך!.. אויף וועמען ער האָט נאָר געהאַט אַ חשד, אַלע איינס — אַ פרוי, צי אַ מאַן, האָט ער צו־געבונדן צום עק פון פערד און געלאָזט געטראָגן ווערן פון צע־יאָגטע קאַוואַלעריע־פערד...

און די וואַסערדיקע אויגן פון ישראל־מיכלען, — אויגן פון אַ פיש — האָט זיך עפּעס אַ שפּיל געטון, אַ שאָטן האָט אַ מיניע געטון, באַלד זענען זיי צוריק פאַרגליווערט געוואָרן.

מאַטאַלסקי האָט דערציילט וועגן איניקע נייע ארעסטן אין ווארשעווער ראיאָן.

— די „פּאַפּקעס" כאַפּן זיך אויף, אָט די „שמעטערלינ־גען"... — האָט נח געזאָגט — עס שאַדט נישט פּאָרזיכטיקייט.

— עס ווילן זיך אָנהויבן די אַלטע מעשיות, אזוי ווי פריער... — האָט ישראל־מיכל געזאָגט.

קיינעם האָט גאָרנישט געקאָנט איינפאַלן, אַז דאָס רעדט ער צו זיך אַליין וועגן זיך.

מען האָט צוגעוואָרפן ווערטער, גערדאנקען וועגן דער שטי־מונג ביי די ארבעטער, ביי די נאָכלויפער, עס מערקט זיך אַן אי־בערברוך, דער עולם ווערט אָנגעשראָקן.

— די געסט ווילן גיין אהיים, פארשטייט זיך... — האָט עמעץ ביים טיש געזאָגט וועגן די טויזנטער אָנגעלאָפענע, געקו־מענע צום גרייטן, צו דער חתונה פון דער רעוואָלוציע — אָבער מאַן און ווייב, מחותנים, זיי בלייבן.

— און מען וועט דארפן אָנהויבן נאָכאמאָל פון דאָס ניי?

— קיין זאַך הויבט נישט אָן נאָכאמאָל. צוויי מאָל אָנ־הויבן — דאָס נישט. וואָס עס איז געטון געוואָרן, וואָס עס איז געשען, קאָן מען נישט אָפּווישן. איצט האנדלט זיך עס נישט וועגן „אָנהויבן", נאָר וועגן — ווייטער.

רעדט ליזע:

— דער קעניג עדיפּוס האָט געזאָגט: „וואָס ווייסטו אזוינס וועגן דיר"... מיר ווייסן אויך אזוי ווייניק וועגן אונז אַליין. עזרא, צי ווייסטו, וואָס מיט אונז אַליין איז פאָרגעקומען אין פארלויף פון לעצטן יאָר — אָט פון פינפטן יאָר. פריער — יאַנואר, נאָכ־דעם — פעברואר - געשעענישן, נאָכדעם דער אָקטאָבער... „וואָס ווייסטו אזוינס וועגן דיר".

— ליזע וואָס געווען איז געווען, שטענדיק מוזן מיר געדענ־קען וואָס וועט זיין.

— אַז איך בין ארויס פון דרוק... — האָט זי ווייטער גע־זאָגט — האָב איך דערפילט, אַזאַ אויבערשטע ליכט איז איבער אונז.

— צוזאמען מיטן ליכט איז געווען — קאזאקן, נאהייקעס, שטראף - עקספּעדיציעס, קאנסטיטוציע - שווינדל...

— פּאליטישע סיסטעמען ווערן נישט פארטווישט, ווי אפּ־טיארן אויף דער סצענע, ארויף און אראפּ, עס איז א קאמף, גאנץ פּשוט.

גייט אריבער דער שמועס פון איינס אויפן צווייטן. נח איז אומרואיק, וואס ניקאדים גראָסער איז נאך נישטא. ער מוז זיך היינט מיט אים זען, נאך היינט ביינאכט דארף ער, נח, אפּפארן. ביים טיש רעדט שוין עמעצער וועגן —

— יידן...

— יא מאדנע מיט די יידן. יארן נאכאנאנד זענען מיר געווען ביי די יידן עוכרי־ישראל. מורדים. מיר מאכן אומגליקלעך דאס יידישע פאלק. אט האט זיך די באוועגונג א הויב־געטון, האט האבן מיר אויף אירע כוואליעס אויך ארויפגעטראגן די יידישע לײדן, אט האבן מיר זיי איינגעפּאקט אין אלגעמיינעם זאק און געבראכט, ווי יענער צדיק צום ארון־קודש: נא דיר, רבונו־של־עולם, דאס זענען סיי יידישע און סיי גויישע צרות!... — מאדנע, ווי דאס פאלק האט זיך א צי געטון צו אונז...

— דאס זעלביקע פאלק קאן זייער שנעל צוריק צופאלן צו דער תחנה, צום מה־יפית, צוריק קומען צום רבונו־של־עולם.

— געדענקסטו אבער היינעס ליד וועגן אדם הראשון, וואס האט געגעסן פון עץ־הדעת און איז ארויסגעטריבן געווארן פון גן־עדן? —

פארפאלן, הערסטו! איך ווייס שוין גוט,
ווי קליין ביזטו און שפל,
קאנסט מאכן זיך ווי גרויס און בייז,
מעגסט דונערן כאטש כפלים כפל...

האט מען איינמאל פארזוכט פון עץ־הדעת, איז פארפאלן, איז מען קאליע געווארן.

נח האט געשוויגן די גאנצע צייט. איצט האט ער אבער עפּעס געזאגט־

— עץ־הדעת, וואס וואקסט אין גן־עדן, איז א מעשה. גע־

וויקסן וואקסן פשוט אויף דער ערד. אויך דאס געוויקס פון דעת. א וועלכע ערד, אזעלכע בוימער. וועט די ערד זיין אונזערע, וועלן מיר זי צעאקערן און באמיסטיקן, וועלן וואקסן אונזערע פירות. אט וועגן דעם דארף מען זארגן.

אן עוולה פון ניקאדימען, וואס האט זיך אזוי פארשפעטיקט. נח וועט ווארטן נאר נאך א פאר געציילטע מינוטן. דער עולם איז אפ פון טיש. ווער מיט וועמען האט געשמועסט, אפגערעדט. מען האט דערציילט וועגן דעם דערפאלג פון „ווארשעווער אר־בעטער". עמעץ האט פאר זיך אונטערגעברומט א באקאנט לידל, אונטערגעברומט פון געוווינהייט:

עס פליט אום דאס שיפל, דער טיש טאראראכט,
מיר וועבן, מיר וועבן דורך טאג און דורך נאכט —
אלט־רוסלאנד! מיר וועבן תכריכים פאר דיר —
א דרייפאכע קללה אין זיי וועבן מיר...

— חבר ראטהויז, זינגט עס נאכאמאל!
— אז איך בין נישט קיין זינגער.

ביים טיש איז געזעסן ישראל־מיכל אליין. נח האט עפעס גערעדט מיט דער באלעבאסטע פון הויז. עזרא האט געשמועסט מיט אבראמען וועגן די אויסגאבן. ליזע האט זיך צוגעהערט צום ליד. —

איצט האט מען געקלונגען. מסתמא גייט ניקאדים. דריי שארפע קלונגען — איינער נאכן צווייטן. די באלעבאסטע איז געגאנגען עפענען די טיר און געבליבן שטיין ביים פארשפילעטן קייטל. זי האט שוין געזען, ווער עס שטייט פון יענער זייט. זי האט געוואלט צוריק צוקלאפן — יענע האבן אבער נישט גע־לאזט.

זי האט באוויזן אנצוזאגן אין צימער אריין:

— פאליציי...

ישראל־מיכל האט א ציטער געטון. דאס גאנץ פארפלאנ־טערט, פאלש און פאסקודנע לעבן האט א ציטער געטון.

— איר זייט נקי? — האט נח געפרעגט עזראן.

— נקי... — האט עזרא געענטפערט.

— אבראם, קוקט איך דערווייל גוט ארום...

די פאליציי־אפטיילונג איז געווען א באזונדערס גרויסע. דער זשאנדארמען־אפיצער האט פארוואס עפעס געזוכט דווקא געווער.

— דא דארף זיין געווער, נישט אנדערש... — האט ער געזאגט.

— אפשר דארף, דאס וויים איך נישט... — האט נח געזאגט — אבער עס איז פארט נישטא.

פאליציי, זשאנדארן און די פארהאלטענע זענען געווען צוזאמען א פאר שעה. מען האט באוויזן זיך דורכצווווארפן מיט ווערטער, וועגן וואס מען איז אהער, אויף נאוואליפיע, געקומען:

— נאך אן עקזעמפלאר „ערפורטער פראגראם״, געווען א מודעה אין צייטונג...

— פארקויפן פאפיר פאר א ביליקן מקח...

ארומגערינגלט מיט א גרויסער שמירה האט מען אלע אפגעפירט אין ארעסט. אויף דער גאס איז געגאנגען ישראל־מיכל מיטן נחן. ישראל־מיכל האט שטיל געפרעגט נחן:

— זייט איר מיט דעם ראטהויז זיכער?

— איך קען אים וויניק...

* * *

דער נאטשאלניק פון דער ווארשעווער אכראנע זאווארדין האט טעלעגראפיש צו וויסן געטון אין פעטערבורג וועגן גרויסן ארעסט. עס זענען דא ידיעות — האט ער געשריבן — אז זיי האבן זיך געגרייט אויף א גרויסער עקספראפריאציע.

— געווער נישט געפונען, אבער די אויספארשונג וועט אלץ אויפדעקן.

עס האט אין זשאנדארם אויער בעסער געקלונגען: „אן עקספראפריאציע!״... — פופצן עקספראפריאטארן האט ער געפאקט! — הויפט־פירער!.. אזוי פיל עקספראפריאציעס אין דער „נאדוויסלאנער געגנט״ און ענדלעך — געכאפט!

איצט וועט ער פירן די אויספארשונג. ער וועט נישט כאפן. א פאר טעג מעגן זיי ווארטן אויף דעם „דאפראס״. זיי האבן געמיינט, אז עס איז שוין אלץ הפקר, און מען מעג שוין אלץ. ער,

זאַוואַרזין, ווייסט עס גוט, אַז זיי האָבן געהאַט אַ ביטערן טעות. די באַפעלן, וואָס ער באַקומט פון פעטערבורג, רעדן גאַנץ קלאָרע און גאַנץ פעסטע דבורים. ער, זאַוואַרזין, מעג זיכער זיין, ער מעג האַנדלען קאַטעגאָריש!..

מען האָט דערווייל די אַרעסטירטע געהאַלטן צוזאַמען. מען האָט זיך געבראָכן די קעפּ וועגן אַרעסט. וואָס עפּעס געוואָר?.. וואָס זוכן זיי?.. וויסן זיי, וועמען זיי האָבן?..

ישראל־מיכל איז געלעגן כּסדר אויף דער נאַרע. ער האָט ביי זיך נישט קיין שום דאָקומענט, קיין פּאַס. מען ווייסט נישט, ווער ער איז. ער קאָן זיך אָנרופן — יתרו, משה־בער. נישטאָ מער אויף דער וועלט ישראל־מיכל. געשטאָרבן.

— ווי הייסט איר? — וועט מען אים פרעגן אויף דער אויס־פאָרשונג.

— משה בער.

— פון וואַנען זייט איר?

— איך ווייס נישט.

וועט מען משה־בערן דעם בראָדיאַגע מיטן בערדל אָפּשיקן קיין סיביר. וועט ער נאָכדעם פון דאָרט אַוועק מיט אַ נייער כּתיבה — אַ נייער מענטש, משה־בער!...

עס רעדט זיך אַזוי, אָבער עס מאַכט זיך נישט אַזוי. ערשטנס— גייט מען נישט אַליין מיטן גוטן ווילן קיין סיביר. צווייטנס — ווייב און קינדער, דריטנס — וועט מען דאָך אָפּשיקן זיין פאָטאָ־גראַפיע אין דעפּאַרטאַמענט, וועט מען אַ קוק טון, אַ זוך טון און מען וועט באַלד זאָגן:

— ישראל־מיכל קאַפּלינסקי...

— אונזער מייסטער יאָעלס!..

סיביר? — איצט סיביר? — ווי קאָן מען נעמען זיך אַליין אויף די מיטעלע יאָרן און באַגראָבן אין קאַלטן סיביר: „פון עס ווילט זיך נישט. און אפשר וועט געלונגען נאָכאַמאָל צו פאַר־דרייען און אַרויסדרייען. אַ קנויל, אַ קנויל... אָבער צי דען האָט ער שוין קאַרג מאָל זיך אַרויסגעקנוילט?.

סיביר שיקט דיין פאָטער דיר אַ גרוס, מיין קינד״... — ניין,

באלד איז געקומען די יראה אין דער טומאה אריין:

— אפשר וועט מיר געלונגען, ווי דעמאָלט אין דווינסק, בעת מען האָט באפרייט דעם גאנצן קאָמיטעט צוליב מיר. מען האָט דאָך נישט געקאָנט מיך באפרייען און אַלעמען לאָזן זיצן? — אפשר וועט איצט ווידער אזוי געשען. וועל איך באפרייען נחן, עזראן?..

ווערט טונקעלער און גערדיכטער, שווערער אויפן געמיט. קריכט די פארפינסטערטע נשמה טיפער אין די בלאָטיקע שטיוול אריין.

— לאָמיר פאָדערן אַן אויספאָרשונג!.. — האָט ישראל־גען. עס איז דאָך נישט געהערט געוואָרן, מען זאָל סתם אזוי האַלטן.

דערביי האָט ער נאָכאמאָל שטיל א פרעג געטון עזראן:

— וואָס ווייסט איר עפּעס, וועגן ראָטהויזן?..

נח האָט כסדר שפּאַצירט אַהין און צוריק איבערן ארעסט־קאמער. א נארישער און אידיאָטישער ארעסט. גראַדע איצט אריינצופאַלן!.. — אָנהויבן מיט דעם אייגענעם ארעסט א נייע תקופה, די תקופה פון — „נאָכן פינפטן”. ציט זיך א שנור פון ניינציק זיבנאונניינציק ביז ניינצן פינף. אויף דער דאָזיקער שנור איז געגאַנגען די אויסערגעוויינלעכע צייט, איז געגאַנגען א לאַנד, זענען געגאַנגען פעלקער. הויבט זיך איצט אָן א ניי קאַפּיטל? —

זיי כאַפּן זיך צוריק, זיי ווילן ווידער אריינקריגן די לייצעס אין די הענט. די נקמה איז זיס. זיס איז זי געווים אויף די גומענס פון פאָליציי־דעפּארטאמענט, פון די זשאנדארמסקע פולקאָווניקעס, דארף מען ווערן זייער קיי־גומע.

— ווי אָפּשטויסנד דאָס איז...

זיצט עזרא, זיצט צביה, זיצט ליזע... — מען דארף זיי אַלע נויטיק האָבן דאָרטן. די ארבעט דארף פונסניי איינגעשטעלט ווערן. מען וועט זיך דארפן אומקערן צו די דרוקן. צו פרי, זעט אויס, ליקווידירט. ווי האָט זי געזאָגט ליזע? — אַז זי איז ארויס פון דרוק, האָט זי דערשפּירט איבערן לאַנד אַזא אויבערשטע ליכט.

איצט ווערט צוריק כמארעדיק. געווים איז פריילעכער, ווען דרויסן שטייט א גוט וועטער. אָבער די וועטערן לאָזן זיך נישט מאַכן, מען מוז זיי נעמען אזוי ווי זיי זענען. עס וואָלט זיין גלייך ארויס־צוכאַפּן זיך פון דאַנען, ווייל פון טורמע קאָן מען געווים גאָר־נישט אויפטון. מען דאַרף טראַכטן וועגן נעמען דעם וועג.

— ויברח, מאַכט רש״י: מיט די פיס אויף די פּלייצעס...

שמייכלט נח צו זיך אליין. אזוי שמייכלט די האָפנונג, אזוי שמייכלט דער גלויבן.

* * *

מען האָט ענדלעך גערופן צו דער אויספאָרשונג. מען האָט דעם ערשטן גערופן ישראל־מיכלען.

אַלע אין קאַמער האָבן אומגעדולדיק געוואַרט אויף זיין צו־ריקקער. מען האָט זיך פּאַרטיק געמאַכט מיט דער „תורה״ — וואָס מען האָט צו דברן פאַר די „קנעפּלעך״.

אין טורמע־קאַנצעלאַריע האָט ישראל־מיכל געזאָגט דעם טורמע־נאַטשאַלניק:

— איר וועט אזוי גוט זיין ארויסרופן דעם נאַטשאַלניק פון דער אָכראַנע...

דער טורמע - נאַטשאַלניק האָט זיך צעלאַכט:

— אַן אויספאָרשער איז אים ווייניק...

— איך בעט נישט לאַכן. איך דאַרף דרינגנדיק דעם שעף פון דער אָכראַנע, דעם פּולקאָווניק זאַוואַרזין.

וויכטיקעס איז געווען אין זיין שטימע. דאָס האָט געצוווּנגען טעלעפאָניש זיך צו פאַרבינדן מיטן שעף. יענער האָט געבעטן צורופן דעם ארעסטירטן צום טעלעפאָן.

– טעלעפאָניש איז אוממעגלעך... — האָט ישראל־מיכל געזאָגט — איך בעט אייך אַראָפּקומען אַהער. מירן רעדן פער־זענלעך.

דער זשאַנדאַרמען - פּולקאָווניק האָט דערפאַרונג. ער ווייסט, מיט וואָס אַזעלכע זאַכן שמעקן. א יאַגד־הונט האָט דערשפּירט א היה אין וואַלד.

— קום איך שוין... — האָט ער געזאָגט.

* * *

— איך בין גרייט צו הערן... וואָס פארלאַנגט איר?... — האָט דער זשאַנדאַרמען־פּולקאָווניק געפרעגט.

— אַ קלייניקייט, מיין הער. איר וועט זיין אַזוי געפעליג און צוווייסן טון אין פּעטערבורג, אַז ישראל־מיכל קאַפּלינסקי איז אַרעסטירט. דאָס אַלץ. איך הייס אַזוי — קאַפּלינסקי. איך בעט אייך דאָס טון טעלעגראַפיש.

דער זשאַנדאַרמען - פּולקאָווניק האָט נישט געדאַרפט איבער־פרעגן. עס איז געווען געגוג דער קורצער זאַץ און דער בליק פון די פּאָר גרויסע פיש־אויגן:

— טעלעגראַפיש...

דעמאָלט איז ישראל־מיכל צוריק אָפּגעפירט געוואָרן אין טורמע־קאַמער. מען האָט אים דאָרט אויסגעקוקט מיט ביידע אויגן.

— וואָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט?.. וואָס האָבן זיי גע־פרעגט?..

— זיי האָבן געהייסן וואַרטן אויף זאַוואַרזינען. ער האָט נאָר געפרעגט דעם נאָמען, פאַך, ווי לאַנג אין ווארשע.

— דאָס אַלץ?..

— אַלץ...

עס איז געווען אַ חידוש, פאַרוואָס זיי האָבן אין דעם טאָג מער קיינעם נישט גערופן.

* * *

פון פּעטערבורג איז אַראָפּגעקומען דער געשיקטער פון פּאָלי־צײ־דעפּאַרטאַמענט קלימאָוויטש. לפנים־וועגן האָט מען פאַר יש־ראל־מיכלען ארויסגערופן ראָטהויזן, ליזען, אַבראַמען. שפּעטער איז געקומען די ריי צו ישראל־מיכלען. קלימאָוויטש איז געווען אַליין אין קאַבינעט.

— נו, יאָ, קאַפּלינסקי, זדראַסטווויטע!... ווי אַזוי איז דאָס געשען? אַן עקספּראָפּריאַציע גאָר?..

— נאַרישקייטן. אַ צופעליקער אַרעסט. עס חלומט זיך די זשאַנדאַרמען אַן עקספּראָפּריאַציע.

— נו, פאַרשטייט זיך, די אָכראַניקעס... — האָט נאָך באַ־

נוצט קלימאָוויטש דעם אַלטן זובאַטאָוו־סטיל — וואָס איז אָבער געווען באמת?..

— גאָרנישט, אַ גלעזל טיי פון באַקאַנטע...

— אָבער ביים טיי זענען דאָך געווען קעפּ...

— די קעפּ זענען איצט גאָרנישט ווערט. זיי זענען אויסגע־צוואָגענע. ריין... גאָרנישט געפונען.

אַ פּויזע. ביידע האָבן לאַנג געטראַכט. קלימאָוויטש האָט זיך אָפּגערופן דער ערשטער:

— מען דאַרף אייך איצט נויטיק... — האָט קלימאָוויטש גע־זאָגט זיין אַלטן באַקאַנטן ישראל־מיכל — מען דאַרף אייך נויטיק, קאַפּלינסקי.

די רעדער פון דער צאַרישער מאַשין דרייען זיך ווייטער. זיי ווערן אונטערגעשמירט מיט בלוט. מען מוז ווידער האָבן „באַ־לוויכטער".

— זיבעציק טויזנט זענען אַרעסטירט געוואָרן לעצטנס אין גאַנץ ראָסיי... — האָט קלימאָוויטש זיך באַרימט — אַ סברה, אַז זובאַטאָוו קומט ווידער...

איצט איז קלימאָוויטש צוגעקומען צום וויכטיקסטן פּונקט.

— איר זאָגט, קאַפּלינסקי, אַז גאָרנישט?... אַ צוזאַמענקום ביי אַ גלעזל טיי?... רעכט. איך נעם עס פאַר אַ גוטע מטבע. הייסט עס, אַז מען דאַרף אַלע אַרויסלאָזן, צוליב אייך מוז מען אַלעמען אַרויסלאָזן. מען דאַרף דאָך אייך געבן די מעגלעכקייט צו אַרבעטן... ריכטיק, ריכטיק... אָבער, איצט איז אַ נייע צייט, הער קאַפּלינסקי, נייע באַדינגונגען. נישטאָ מער יענע צעפּיעשטשעטקייט. איר פאַר־שטייט?...

— איך וויל הערן.

— מען מוז פון אייך באַקומען פיל מער, וויפל מען האָט באַ־קומען. דאָס שפּיל אין „בלינדע באַבע" מוז אויפהערן...

— קלאָרער, וואָלט איך בעטן.

— איר פאַרשטייט, הער קאַפּלינסקי, אָדער־אָדער. מיר מוזן וויסן, מיט וועמען מיר גייען צום טיש.

— אַט מיט אַזאַ, ווי איך בין.
— דאָס טויג נישט. וועלן מיר מוזן די קנופּ איבערהאַקן.
— נישטאָ וואָס צו האַקן.
— וועלן מיר אייך אויפדעקן און אַרויסוואַרפן.

אַט דאָ האָלטסטו איצט, ישראל־מיכל!... אַט דאָס האָסטו אויס־געשפּילט!... זיין קאָפּ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט טיפער. די אויגן זענען געוואָרן קאַלטער און פאַרגליווערטער. ער האָט איצט אויסגעזען, ווי אַ גרויסער, פאַרפרוירענער פיש. באַלד דאַרף מען אים דעם קאָפּ אָפּהאַקן.

— איר וועט עס נישט טון, מיין איך, — האָט ישראל־מיכל געצויגן די ווערטער — אַן פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט.

נאָכדעם האָט ער אַ טראַכט געטון, אַזוי ווי עס טוט אַ טראַכט אַמאָל אַ קראָ אינמיטן פליען:

אפשר אויפרייסן דעם אייטער!... אפשר אַרויפגיין אין קאַמער און אַלץ־אַלץ דערציילן און זאָל נח הייסן? —

— מען וועט מיר מוחל זיין...

אַט דעם געדאַנק צו טראַכטן האָט געדויערט נאָר אַ סעקונדע. עס איז אָבער פון אים רעכט היים געוואָרן. שטיל זאָל זיין, רויק. מען דאַרף יעדע זאַך באַטראַכטן. מען טאָר נישט כאַפּן. וואָס הייסט זיך מודה זיין?... דאָס איז שרעקלעך!... דאָס איז אוממענ־לעך. נח וועט זאָגן:

— מצורע...

און דער גוטער און שטילער נח קאָן אויך זאָגן עמיצן:

— מיר זענען קעגן טעראָר בכלל געווען, אָבער ווען עס שטייט אויף עמיצער פון דער מאַסע, נו, פאַרשטייט זיך...

ער האָט טיפער זיך אַריינגערוקט אין זיך, ווי עס רוקט זיך אַריין אַ פלעדערמויז אין דער ערד. —

דערוויילע האָט דער פּולקאָווניק געזאָגט:

— אַוודאי וועלן מיר עס נישט טון אָן פּאָליציי־דעפּאַרטאַ־מענט, איך האָף, אַז עס וועט צו דעם נישט קומען. איר וועט זיך באַזינען. איר דאַרפט וויסן, אַז איר האָט איבער זיך אַ באַלעבאָס. פון היינט בין איך דאָס.

איצט האָט קלימאָוויטש געוואָלט דערפירן דעם שמועס צו א גוטן סוף.

— מיר'ן צונויפשטעלן א פּראָטאָקאָל. — האָט ער געזאָגט.

ער האָט גענומען פּאַפּיר און פעדער צו שרייבן.

— איך וואָלט אייך בעטן אָנרופן די נעמען פון די ארעסטירטע, וואָס זיצן צוזאמען מיט אייך, די ריכטיקע נעמען. אלזאָ...

האָט ישראל־מיכל געשלעפּט פון זיך ווערטער, ווי הינער דערוואָרגענע דורך א טכויר.

— שלמה ראָזענפעלד איז א מיטגליד פון װארשעווער קאָמיטעט פון „בונד". מאיר סאָראָקא איז אַן ארבעטער אין בונדישע אומלעגאלע דרוקערייען. ליזע אמסטערדאם איז א דרוקערין פון דער געוועזענער דרוקעריי אויף גזשיבאָווסקע, איצט ליקווידירט...

— אָט דאָרט איז דאָס געווען די דרוקעריי!... אָט דאָרט!...— האָט זיך קלימאָוויטש געפּאטשט אין אייגענעם קופּערנעם שטערן.

געענדיקט. דער גורל איז באשטימט. די באפרייאונג פון די ארעסטירטע וועט פאָרקומען בהדרגה. צוליב ישראל־מיכלען וועט מען מוזן באפרייען די איבעריקע. ישראל־מיכל מוז גיין אויף דינסט.

ער האָט זיך ארויפגעשלעפּט צום טורמע־קאמער. עס הויבט זיך אָן, הייסט עס, ווידער. ווידער שלעפלעך, קאָרטלעך מיט צוויי ציפערן, הונדערט פופציק גילדן א חודש, נסיעות קיין פּעטערבורג...

עס איז ברודיק. די טרעפּ פון טורמע זענען ברודיק. דער הימל, וואָס קוקט דורך די קראטעס, איז ברודיק. און נאָך ברודיקער איז אינעווייניק אין זיך. אָט דער זשאנדאַרן־פּולקאָווניק האָט אָנגעשפּיגן א גאנצע אָכראַנע, די אָכראַנע פון ראָסיי, האָט ארייַנגעבראַקעט מיט זשאנדארמישע מעקענע, מיט פּאָגראָם־פּוך, מיט צאַרישן טינוף...—

---

די ארעסטירטע האָט מען באפרייט איינציקווייז. צום שפּעטסטענס איז געקומען די באפרייונג פון נחן.

ווען ער איז ארויס פון תּפיסה, איז געווען סאמע פרילינג. אין לאַנד האָבן פּויערים געמאַכט אילומינאציעס פון פּריצישע פּול־

ווארקן. קאוואלעריע פון שטראף־אטריאדן איז געריטן איבער שטעט און דערפער און געטראגן פארניכטונג. אויף די סיבירער וועגן האט זיך געצויגן א קאראוואן אין קייטן. אייזן האט ווידער געקלונגען איבער ווייסן שניי.

עס איז געווען ערשטער מאי. טויזנטער ארבעטער זענען ארויס דעמאנסטרירן, און עס איז געווארן א חוט־המשולש פון ליכטיקער זון, רויטע פענער און פארבלוטיקטע שווערדן פון „וואלינצעס".

נח איז געשטאנען אויף דעם גזשיבאוו, וווּ עס פארגעקומען א גרויסע מאי־דעמאנסטראציע. דער עולם איז געווען גרויס געווען, אבער נאך גרעסער איז געווען — די האפענונג. די זון האט איר גאנצע ליכט אריינגעווארפן אין די צוויי רויטע פענער, וואס האבן זיך אזוי שנעל און אזוי מעכטיק אויפגעהויבן איבערן פלאץ.

עס האבן זיך געהערט טריט פון קאוואלעריע־פערד.

נח האט זיך אויסגעגלייכט. ער איז אזוי ווי העכער געווארן און — רויקער.

דעם שונא אנטקעגן!...

* * *

דאָ בלייבן מיר שטיין, ביז מיר וועלן מאַכן נאָך אַמאָל אונזער רייזע אין באַגינען.

נישט אומעטום האָבן מיר זיך רעכט געגוג פאַרהאַלטן און געהעריק זיך אַרומגעקוקט. נישט אַלץ און אַלעמען האָבן מיר געזען מיט די ריכטיקע אויגן. מען וועט געוויס דאַרפן זיך אומקערן אויף די וועגן.

די רייזע דאַרף מען אָבער מאַכן אויך ווייטער. די וועגן גייען באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ און — ווידער באַרג אַרויף! —

שווערע יאָרן. פאַרצווייפלונג. בלייערנע הימלען. טעג אָן זון. וועכטער, וואָס שטייען דאָך און היטן די וועגן, לוי־ערן, פייערן טליען, און מען קאָן זיי נישט איינלעשן מיט קיינע וואַסערן. מען קלינגט אויף כאַגע. „דו ביזט אַ שפּיאָן!" — אין בערנאַדינער גאָרטן, אין ווילנע, פאָרשן רחמיאל און אַבראַמאָוויטש — ישראל־מיכלען. — ער איז אויפגעדעקט. לייבעטשקע סטאָלער וואַרט צווישן די קשאַ־קעס מיט אַ רעוואָלווער. אַ צוג פירט נחן פון אויסלאַנד קיין ווילנע... אין דער שטאָט סאַראַטאָוו האָט זיך באַזעצט יאָ־האַנסאָן דער שלאָסער — דער פאַרשטעלטער ישראל־מיכל. ער איז אַהין אַנטלאָפן. אונטערצינדער גייען אַרום איבער ראָסיי מיט ברענענדיקע פאַקלען. וועלט־מלחמה. רעוואָ־לוציע!.. זובאַטאָווס האַרץ פּלאַצט, ווען דער צאַר אַבדי־קירט. — גייט אַ יום־טוב איבער ערד. מענדל פון דווינסק שלעפּט יאָהאַנסאָן דעם שלאָסער אין תפיסה אַריין. רחמיאל און דזשערזשינסקי ביי ישראל־מיכלס „משפט". אין אַ טשעקאַ־קעלער ענדיקט ישראל־מיכל זיין פינסטער לעבן. גייען שטורעמס איבער דער וועלט...

עס איז אַ ווייטערער רייזע־פּלאַן. מיר האָבן אים פאַר־צייכנט. האָפנטלעך, וועלן מיר זיך נאָך לאָזן אין וועג.